# שלמה מיימונס

## לעבנסגעשיכטע

געשריבן פון אים אליין
איבערזעצט פון דייטש

א. י. גאָלדשמידט

אין צוויי טייל

II טייל

ווילנע — 1927

פאַרלאַג „טאָמאָר" פון יוסף קאַמערמאַכער

# אינהאלט

## צווייטער טייל

---

# הקדמה פונם מחבר.

איך שרייב דידאָזיקע הקדמה צום צווייטן טייל פון מיין לעבנסגעשיכטע ניט פון מיין טובה וועגן, נייערט בלויז צוליב דיין אינטערעס, ליבסטער לעזער, בכדי געניי אָנ־צווייזן דיר דעם געהעריקן שטאַנדפּונקט, וואָס דו דאַרפסט פון אים משפטן וועגן איר, און דעם אופן, ווי דו זאָלסט זיך קענען מיט איר באַנוצן.

עס איז ניט קיין אַווטאָרישער זשעסט, ווען איך זאָג דיר, אַז איך האָב מיך גענומען שרייבן דידאָזיקע אַווטאָביאָגראַפיע זייער אָן חשק. און דאָס איז ניט דערפאַר, ווייל איך האָב גע־מיינט, אַז בלויז גרויסע מענטשן, מענטשן מיט גרויסע טיטלען און פון גרויסע ראַנגען, פאַסט אָפּצוגעבן דער וועלט א דין־וחשבון וועגן די מלוכה־ענינים, מיט וועלכע זיי זיינען אין זייער לעבן געווען פאַרוויקלט, וועגן די הויפישע אינטריגעס, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט שטענדיק צו פירן א געראַנגל, — קורץ — וועגן זייערע פּאָליטישע אָדער מיליטערישע שליחותן אויפן וואַסער און אויף דער יבשה. בשום אופן ניט! עס זיינען פאַרהאַן אַזעלכע באַציִונגען, וואו אין פלוג אומבאַדייטנדיקע געשעענישן פונם מענטשלעכן לעבן קענען זיין ווייט אינטערע־סאַנטער און באַלערעוודיקער, איידער די דערמאָנטע גלענצנדיקע מעשים, וואָס זיינען אומעטום כמעט גלייך איינע צו די אַנדערע, אַזוי, אַז וויסנדיק די לאַגע פון דער פּערזאָן, וואָס די מעשים האָבן צו איר א שייכות, קאָן מען זיך לייכט אַפּריאָרי פאָר־שטעלן אויך די עצם געשעענישן און מ'קען זיי אַפילו גאַנץ גע־נוי פאָראויסזאָגן. די נאַטור איז אומדערשעפלעך, אין דער צייט

ווען באַשרייבונגען פון אָט דעם מין זיינען שוין לאַנג אויסגעשעפּט.

די אמתע סיבה על־כּן, וואָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן דערפון, איז ניט קיין אַנדערע ווי נאָר דער באַוואוסטזיין פון מיין אָנמעכטיקייט פאָרצושטעלן די געשעענישן פון מיין לעבן, וואָס דאַרפן אָן און פאַר זיך זיין גענוג אינטערעסאַנט און באַלערעוודיק אין פּסיכאָלאָגישער, פּעדאַגאָגישער און מאָראַלישער הינזיכט, — פאָרצושטעלן זיי אַזוי, אַז דיזאָזיקע באַשרייבונג זאָל זיין בהסכּם מיט דידאָזיקע צוועקן.

אָבער היות אייניקע פראַגמענטן פון מיין „לעבנסגעשיכטע“, וואָס איך האָב צוליב זייער פּסיכאָלאָגישן אינטערעס איבערגעגעבן אין דער צייטשריפט „Magazin zur Erfahrungsseelenkunde“ (מאַגאַזין פאַר עקספּערימענטאַלער דערקענטעניש פון דער נשמה), האָבן קעגן מיינע דערוואַרטונגען געהאַט גרויס ערפאָלג, — האָב איך ניט געקאָנט לענגער קעגנשטעלן זיך דעם ווונטש פון מיינע פריינד און באַזונדערס (וואָס איז מיין לאַגע דאָס וויכטיקסטע) דעם פאַרלאַנג פון דעם פאַרלעגער[1]), וואָס איז אַליין אין דעם פּרט אַ בר־סמכא, און האָב מיך אַנטשלאָסן צו לאָזן אָפּדרוקן דידאָזיקע ביאָגראַפיע, ווי אומפּולקום זי זאָל ניט אַרויס.

איך האָב, אמת, דידאָזיקע „לעבנסגעשיכטע“ געשריבן ניט לויט קלאָר באַשטימטע כּללים פון אַ גוטער ביאָגראַפיע; דאָך גלויב איך, אַז איך וועל זיין ביכולת דיר, ליבסטער לעזער, אָפּצוגעבן אַ דין־וחשבון הן וועגן דעם פּלאַן, הן וועגן די כּללים, וואָס איך האָב מיך אָן זיי געהאַלטן אומבאַוואוסטזיניק.

ראשית האָב איך מיר געשטעלט פאַר אַ כּלל אין מיינע דערציילונגען און באַשרייבונגען צו בלייבן געטריי דעם אמת, מעג ער אויספאַלן לטובֿה אָדער לרעה מיין פּערזאָן, מיין פאַמיליע, מיין פאָלק אָדער אַנדערע פאַרהעלטענישן. אין ערשטן פאַל[2]) בין איך ווייט פון דער אַזויגערופענער באַשיידנקייט —

[1]) מאָריץ.

[2]) ווען דער אמת וועט זיין לטובֿה זיין פּערזאָן א. אַז. וו.
דער איבערז.

דעם שוצגעווער פון די טויגעניכטסן — צו פאַרשווייגן וועגן אַזעלכע זאַכן, וואָס קענען נוצלעך זיין אַנדערע, בלויז דערפאַר, וואָס אין זיי איז פאַרהאַן עפּעס שמייכלהאַפטיקס פאַר מיר.

די אמתע באַשיידנקייט פאָדערט בשום אופן ניט מיט אַלע כוחות צו פאַרבאָרגן די אייגענע מעלות און דעם אייגענעם ווערט, בכדי אַנדערע, וואָס באַזיצן ניט דידאָזיקע מעלות און ווערט, זאָלן דורכדעם ניט אַראָפּפאַלן ביי זיך — אַ פאָדערונג זייער אַ פאַטאַלע פאַר דער מענטשלעכער באַשטימונג, — דען יעדער אַנדערער קאָן לייכט אויסמיידן אַזאַ אַראָפּפאַלן ביי זיך. די אמתע באַשיידנקייט פאָדערט בלויז, דער מענטש זאָל די אייגענע מעלות און דעם אייגענעם ווערט ניט אָפּשאַצן צו הויך, נייערט שטענדיק פאַרגלייכן זיי מיט די ווייט גרעסערע מעלות און ווערט פון אַנדערע מענטשן, אַפילו מיט די העכסטע, פולקומענסטע מעלות, וואָס דער מענטש איז ביכולת צו דערגרייכן, און אויף אַזאַ אופן זיי צו געבן די ריכטיקע אָפּשאַצונג.

פונקט אַזוי וויל איך אויך אין צווייטן פאַל[1] ניט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ פולקומענעם מענטשן, אָן שום חסרונות; ניט פאַרשווייגן און ניט פאַרפּוצן די מענטשלעכע שוואַכקייטן, וואָס מחמת אומוויסנקייט, מאַנגל פון דערציִונג און אַנדערע סיבות האָב איך געליטן פון זיי אין משך פון מיין לעבן, לויט דעם באַקאַנטן לאַטייניש שפּריכוואָרט: „Homo sum et humani nihil alienum a me puto“[2]) און וואָס צוליב זייערע רעזולטאַטן קאָנען זיי דינען פאַר אַ וואָרענונג פאַר אַנדערע.

בנוגע אַנדערע פערזאָנען, וואָס מיר איז ווען עס איז אויסגעקומען אַריינצוגיין מיט זיי אין באַציִונגען, באַגיי איך מיר אויך לויט דעם זעלביקן פּרינציפּ פון גערעכטיקייט. איך שטעל אַרויס זייערע גוטע מעשים ווי אַ מוסטער זיי נאָכצוטאָן און איך

---

[1]) אויב דער אמת וועט אויספאַלן לרעה זיין פערזאָן א. אַז. וו.
דער איבערז.

[2]) איך בין אַ מענטש און קיין שום מענטשלעכס איז מיר ניט פרעמד.
דער איבערז.

פאַרדאַם אין דערזעלביקער צייט זייערע שלעכטע מעשים.

דו האָסט מן־הסתם, ליבסטער לעזער, שוין אויך באַמערקט, אַז לויט דעם אופן פון זייער אַרויסווייזן זייערע מעלות און חסרונות קענען די מענטשן איינגעטיילט ווערן אין דריי קלאַסן. דער ערשטער קלאַס באַשטייט פון זייער וואויל־געצויגטע מענטשן, וואָס זוכן אַלדאָס בעסטע און שענסטע, וואָס זיי קענען אויסגעפינען אינעווייניק אין זיך, אַרויסצושטעלן אויף צו ווייזן אַלעמען; אַלדאָס שלעכטע אָבער און נאַרישע, פאַרקערט, באַהאַלטן זיי מיט כל־אַמצי־כוחות צו זייער אייגענעם געברויך. דאָס זיינען די אַזויגערופענע וועלטלעכע מענטשן, מענטשן גוט דערצויגענע. — די מענטשן פונם צווייטן קלאַס האַנדלען פונקט פאַרקערט: זיי באַהאַלטן זייער חכמה פאַר זיך און זייער נאַרישקייט טראָגן זיי אויפן מאַרק אַרויס. — די מענטשן פונם דריטן קלאַס האַלטן זיך אָן דעם מיטלוועג: זיי אָנערקענען פאַר אַנדערע פונקט אַזויגע רעכט ווי פאַר זיך אַליין, זיי שטעלן אַרויס זייערע פּראָדוקטן אַזוי ווי גאָט האָט געגעבן. צו דידאָזיקע מענטשן באַציט מען זיך זעלטן מיט גערעכטיקייט, באַזונדערס זינט דעם זינדיקן פאַלן פון אָדם וחוה, ווייל פון יעמאָלט אָן זיינען די מענטשן נוטה צו באַטראַכטן אַלץ גיכער פון דער שלעכטער זייט איידער פון דער גוטער. ווער עס האָט דאָס אומגליק צו געהערן צו דעם דאָזיקן קלאַס, ווערט פון געוויסע טעאָלאָגן באַטראַכט ווי אַ מענטש אַ געפערלעכער פאַר דער רעליגיע; געוויסע פּאָליטיקער זעען אין אים אַ שטערער פון דער געזעלשאַפטלעכער רויִקייט; געוויסע מעדיצינער באַטראַכטן אים ווי אַ מענטשן, וואָס ליידט אויף דער לעבער. אויף געוויסע דאַמען וואַרפט בלויז זיין אויסזען אָן אַ שרעק. אָבער דידאָזיקע אַלע הערן און דאַמען זיינען, לויט דעם אויסדרוק פון דעם גרויסן מעטאַפיזיקער בוטלער[1], בלויז אינסטרומענטן, וואָס מנוולדיקע רמאים נוצן זיי אויס אויף

1) באַרימטער ענגלישער פילאָסאָף־פּאָעט (1612—1680).
דער איבערז.

צו דערגרייכן זייערע צוועקן, — דאָס הייסט זיי זיינען נאַראָנים.

דעריבער, ליבסטער לעזער, האָב איך אין דער דאָזיקער לעבנסבאַשרייבונג, צוליב דיין נוצן, אָנגעוויזן דעם געהעריקן אָרט הן זיך אַליין, הן אַנדערע מענטשן, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען ווען עס איז מיט זיי זיך צו באַגעגענען אין לעבן, און אויף דעם גרונד האָב איך געזוכט צו באַשטימען יעדערנס אופן פון האַנדלונגען.

איך בין, אמת, ניט קיין גרויסער מאַן, קיין פילאָסאָף פאַר דער וועלט, אָבער איך בין אויך ניט קיין ליץ. איך האָב אויך ניט דערשטיקט אין דער לופטפּומפּ קיין פּופּצענער מייז, ניט געפייניקט קיין פרעש און ניט געלאָזט טאַנצן קיין „ער" דורך עלעקטריציטעט. נאָר וואָס מאַכט עס אויס? איך האָב ליב דעם אמת, און וואו עס איז נוגע דעם אמת, האָב איך קיין מורא ניט פאַרן טייוול אַליין מיט זיין באָבען צוזאַמען.

היות איך האָב צוליב דערגיין דעם אמת פאַרלאָזן מיין פאָלק, מיין פאָטערלאַנד און מיין פאַמיליע, קען מען מיך ניט חושד זיין, אַז איך האָב צוליב וואָסערע-ניט-איז קליינלעכע מאָטיוון באַהאַלטן כאָטש עפּעס פונם אמת.

קיין פּערזענלעכע שנאה פיל איך ניט צו קיינעם. ווער אָבער עס איז אַ שונא פונם אמת, ווער עס נוצט אויס דעם כבוד, וואָס ער געניסטביים עולם, צו שלעכטע צוועקן, צו פאַרפירן אים, דעם דאָזיקן עולם, מיט נידעריקע כוונות, דער איז דערמיט גופא אויך מיין שונא, איך מעג מיט אים ניט האָבן קיין שום באַזונדערע באַציִונגען; און איך וועל ניט דורכלאָזן קיין שום געלעגנהייט אַרויסצושטעלן זיינע מעשים פאַרן עולם אין זייער עכטן ליכט, מעג ער זיין כאָטש אַ רוימישער בישאָף, אַ פּראָפעסאָר אָדער אַפילו דער טערקישער סולטאַן.

דאָס איז אַן אַלגעמיין-באַקאַנטער אמת: די נאַטור מאַכט ניט קיין שום שפּרונג. אַלע גרויסע געשעענישן זיינען פּועל-יוצאס פון אַ סך קליינע, וואָס האָבן טיילווייז געווירקט בהסכם צווישן זיך, טיילווייז אָבער אין סתירה צווישנאַ-

נאַנד און באַשרענקענדיק קעגנזייטיק איינע די אַנדערע, אַזוי אַז די גרויסע געשעענישן מוזן באַטראַכט ווערן בלויז ווי זייערע רע־זולטאַטן.

היות מיט מיין בילדונג, ווי דו, ליבסטער לעזער, האָסט שוין געזען פונם ערשטן טייל, איז געגאַנגען אַ גרויסע און פּלוצ־לונגדיקע איבערקערעניש, — האַלט איך פאַר מיין חוב איבער־צוגעבן דידאָזיקע לעבנסגעשיכטע אין דער הינזיכט פּראַגמאַ־טיש (אין פאַרבינדונג צווישן סיבה און פּועל־יוצא) און ניט דורכצולאָזן קיין שום זאַך, וואָס האָט געפירט צו מיין בילדונג. אַ גרויסער, אפשר דער גרעסטער מאַן פון אונזער נאַציע האָט מיט זיינע ווערק געהאַט די גרעסטע השפעה אויף דער אַנטוויקלונג פון מיינע כשרונות און אויף דער אויסבילדונג פון מיין כאַ־ראַקטער.

די דאַנקבאַרקייט צו דעם דאָזיקן גרעסטן וואוילטוער מיי־נעם און דער פאַרלאַנג דידאָזיקע פּראַגמאַטישע אווטאָביאָגראַפיע זאָל זיין באַלערנדיק, האָבן מיך באַוואויגן באַקאַנט צו מאַכן דיך, ליבסטער לעזער, מיטן גייסט פון דעם דאָזיקן פאָרטרעפלעכן לערער און מיטן אָריגינעלן אופן זיינעם צו באַהאַנדלען די וויכ־טיקסטע ערשיינונגען פונם מענטשלעכן לעבן, מיט וואָס עס וועט דערקלערט ווערן, האָף איך, אַ סך אין מיין כאַראַקטער און אין מיין שטייגער דענקען, וואָס עס וואָלט אַנדערש זיך ניט געלאָזט דערקלערן.

אויף מיין בילדונג האָבן געהאַט די גרעסטע השפעה ניט אייגנטלעך די באַזונדערקייטן פון זיין לערע, נייערט די איידעלע דרייסטקייט פון זיין דענקען, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין שום אַנדערע גרענעצן, אויסער די גרענעצן פונם עצם שכל; זיין ליבשאַפט צום אמת, וואָס איז ביי אים געווען העכער פון אַלץ; די פעסטקייט פון די פּרינציפּן און די שטרענגע מעטאָדע אַרויס־צודרינגען די אמתן, וואָס זיינען אויף זיי געגרינדעט; דער ענער־גישער פּראָטעסט קעגן אַלע פאַראורטיילן פון דער דערציִונג, קעגן פאַנטאַזיעס און הבלדיקע אמונות, פון איין זייט, און די בייגעוודיקייט אין דענקען און די, איטלעכן פילאָסאָף נויטווענ־

דיקע, קונסט צו פארגלייכן געדאנקען מיט געדאנקען, וואו דער אונטערשייד איז בלויז אינם אויסדרוק, פון דער אנדער זייט. דעם שטייגער דענקען און די איבערצייגונגען פון דעם דאזיקן גרויסן מענטשן האב איך אפגעשילדערט אין אן אויסצוג פון איינעם פון זיינע וויכטיקסטע ווערק. איך האב מיך ניט באגנוגנט מיט א טרוקענער איבערזעצונג (ווי די איבערזעצונג פון בוקס־דארף), נייערט איך האב אויך דערקלערט אייניקע אומקלארע שטעלן, אנדערע ערטער האב איך געבראכט אין הסכם מיט דער בייסטער פילאסאפיע און געזוכט אויסצופילן די בלויזן אין די חקירות. דאס קאן ברענגען נוצן דער געשיכטע פון דער פילא־סאפיע און דארף זייער באפרידיקן דעם פילאסאפישן געשיכטס־פארשער.

איך האב אויך ניט פארגעסן מיינע אנדערע בעלי־טובות, וואס האבן דירעקט אדער אומדירעקט אויף וואסער־ס׳איז אופן מיטגעהאלפן מיין גייסטיקער ווידערגעבורט. פונדעסטוועגן קאן די דאנקבארקייט, וואס איך פיל צו דידאזיקע פארטרעפלעכע מענטשן, ניט באוועגן מיך צו פארדעקן אויך זייערע שוואכע זייטן און צו טאדלען זיי דארטן, וואו דאס איז געווען נויטווענדיק אויף צו דערקלערן מיינע מעשים, לויט דעם באוואוסטן שפריכווארט: „Amicus Socrates, amicus Plato, sed magis amica veritas"[1].

היות איך בין שפעטער געווארן שריפטשטעלער און האב מיינע געדאנקען אויף מיין שטייגער באקאנט געמאכט דעם עולם לעזער, איז געווען נאטירלעך, איך זאל פארשטאנען ווערן שלעכט אדער איך זאל גארניט פארשטאנען ווערן. בכן, בכדי צו ברענ־גען נוצן יעדן פריינד פון אמת, וואס באגנוגנט זיך ניט צו לייענען און צו לערנען ביכער לויטן טייטל פון די זשורנאליסטן, — האב איך מיך געפונען געצוואונגען אפצוגעבן דעם עולם אויך

[1]) א פריינד איז סאקראטעס, א פריינד איז פלאטאן, אבער נאך א גרע־סערער פריינד איז דער אמת, ד. ה. אייגנטלעך: איך האב ליב סאקראטעסן, איך האב ליב פלאטאנען, אבער דעם אמת ליב איך מער פון אלץ.

דער איבערז.

וועגן דעם אַ דין וחשבון, אויפן גענויסטן אופן צו באַשטימען דעם פּלאַן פון מיינע שריפטן און דעם אופן פון זייער באַאַרבע־טונג און דערמיט צו פאַרריכטן די טעותן.

אָפּנהאַרציקייט איז אַ הויפּטשטריך פון מיין כאַראַקטער. איך האָב דעריבער געוואָלט שילדערן זיך אַליין ניט בלויז דורך אַ געטרייער באַשרייבונג פון מיינע מעשים אין געוויסע פאַלן פון מיין לעבן, נייערט דער־עיקר דורך דעם אופן פון דער דאָזיקער באַשרייבונג לויט דעם עצם לעבן.

חוץ דעם דאַרף מיין לעבנסגעשיכטע אויך זיין מיין אינ־ווענטאַר, וואוהין עס זאָל אויפן געטרייסטן אופן אַריינגעטראָגן ווערן, אויף וויפיל איך האָב מיך דערנעענטערט צו מיין באַשטי־מונג און צו מיין באַרוף און וואָס עס פעלט מיר נאָך דערצו, און וואָס זאָל מיר דינען צום דערקענען מיך אַליין און צו פאַר־בעסערן מיין כאַראַקטער.

# אַרייַנפיר.

פאַרבּרייטערונג פון מיינע ידיעות און אויס־בילדונג פון מיין כּאַראַקטער. די אַנטשיידנ־דיקסטע השפּעה דערויף האָבן געהאַט די ספרים פון ר׳ משה בן מיימון (רמב״ם). גענויע שילדערונג פון דעם גייסט פון דידאָ־זיקע ווערק.

פון דעם ערשטן טייל פון דער דאָזיקער אַווטאָביאָגראַפיע איז לייכט צו זען, אַז, ניט געאַכט אויף אַלע מניעות, וואָס דער גורל האָט געשטעלט אין וועג דער אַנטוויקלונג פון מיינע קליינע פעאיקייטן און פון מיין כּאַראַקטער, האָט דידאָזיקע אַנטוויקלונג, אמת, זיך פאַרהאַלטן, איז אָבער פונדעסטוועגן ענדגילטיק ניט אונטערדריקט געוואָרן. און אַזוי ווי עס איז בכלל אַ געזעץ פון דער נאַטור, אַז איטלעכע ווירקונג מוז זיין גלייך דער קעגנ־ווירקונג, אַזוי איז, ווייזט אויס, אויך וועגן מיר צוועקמעסיק אָנ־געחתמעט געוואָרן דורך דער חכמה פון דער השגחה עליונה, אַז דידאָזיקע מניעות גופא זאָלן אין אַ געוויסער מאָס אַליין מיטווירקן מיר צו דערגרייכן דעם דאָזיקן צוועק מיינעם. דעם מאַנגל אין פאַרנינפטיקע לערער און אין צוועקמעסיקע לייענבי־כער האָב איך געמוזט דעקן מיט אייגענעם טראַכטן און דענ־קען. און ווייל איך האָב זעלטן געקאָנט באַקומען ביכער, וואָס זאָל טויגן צו אָט דעם צוועק (צו וועקן דאָס זעלבשטענדיקע דענ־קען), בין איך געצוואונגען געווען טייער צו האַלטן יענס ביסל ספרים, וואָס עס איז מיר געלונגען צו באַקומען. איך האָב גע־

מוזט װענדן אויף זיי מיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט, פאַרטיפן זיך אין לייענען זיי, פאַרריכטן זייערע גרייזן, פאַרפילן זייערע בלויזן און זוכן אַרײַנצוברענגען ליכט און אָרדענונג אינם טונק-לען פאַרפּלאָנטערטן תוהו-ובוהו. איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינזען, אַז אַלע אומגליקספאַלן, אינם ערשטן טייל דערציילטע, וואָס האָבן געטראָפן מיך און מיין פאַמיליע, זיינען בשום אופן ניט געווען קיין רעזולטאַטן פון אַ פאַטאַלער נויטווענדי-קייט, פון עפּעס אַ שלעכטן מזל, און אויך ניט קיין שטראָפן פאַר איינגערעדטע חטאים, נייערט גרעסטנטיילס פּועל-יוצאס פון אומוויסנקייט און פוילקייט. די פאָרשטעלונג װעגן די מיטעלע, נעענטערע סיבות האָט ביי מיר ביסלעכווייז אַרויסגעשטויסן די אומענדלעכע אידעע פון דער סיבה ראשונה, און איך האָב מיך פאַרטיפט אין פאָרשן, בכדי בתכלית אויסצוגעפינען די-דאָזיקע מיטעלע סיבות. — די רעליגיע, וואָס איז פול געווען מעלאַנכאָליע אין דמיונות, איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעליגיע פון ריינעם שכל; דעם פּלאַץ פון שקלאַפישן גאָטעסדינסט האָט פאַרנומען די פרייע אויסבילדונג פונם כוח פון דערקענטעניש און מאָראַל, און פולקומענקייט האָב איך אָנערקענט פאַר אַ יסוד פון אמתן גליק.

די אַנטשיידנדיקסטע השפעה אויף דער דאָזיקער גליקלע-כער מעטאַמאָרפאָזע, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיר, האָבן גע-האַט דער-עיקר די ווערק פון מיימאָנידעס (מיימוני, ר' משה בן מימון). מיין פאַרערונג פאַר דעם דאָזיקן גרויסן לערער איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז איך האָב אים געהאַלטן פאַרן אידעאַל פון אַ מענטשן אַ פולקומענעם בתכלית השלימות, און זיינע לערן זיינען ביי מיר געווען אַזוי הייליק, ווי זיי וואָלטן דיקטירט געוואָרן דורך דער חכמה עליונה פון גאָט אַליין. מיין יראת הכבוד פאַרן רמב"ם איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען מיינע פאַרלאַנגען און ליידנ-שאַפטן און איך האָב מורא באַקומען, דער יצר-הרע זאָל מיך ניט גובר זיין און ניט אָנריידן צו טאָן עפּעס קעגן דער לערע

פון מיימוני, — פלעג איך אָנווענדן ווי אַן אויסגעפּרוווטן קעגנ־מיטל דידאָזיקע שבועה: „איך שווער ביים יראת־הכבוד פאַר מיין גרויסן לערער רבי משה בן מיימון ניט צו באַגיין דאָס אָדער יענס!“ און דידאָזיקע שבועה, ווי ווייט איך קאָן מיר נאָר דערמאָנען, האָט ווירקלעך מיך שטענדיק אָפּגעהאַלטן פון ניט שיינע מעשים.

אָבער בכדי דער לעזער זאָל זיין אין שטאַנד צו פאַר־שטיין, אויף וואָסער אופן און אין וואָסער מאָס די שריפטן פון דעם דאָזיקן גרויסן מאַן האָבן משפיע געווען אויף מיין בילדונג, מוז איך אים כאָטש אַ ביסל באַקאַנט מאַכן מיטן גייסט פון דידאָזיקע שריפטן. ווער עס זוכט אין דעם דאָזיקן בוך מיינעם בלויז גע־שעענישן און מעשים אָדער וויל עס לייענען ווי אַ ראָמאַן, זאָל ער באַוויליקן איבערהיפּן אייניקע קאַפּיטלעך; דעם דענקענדיקן לעזער אָבער וועלן דידאָזיקע קאַפּיטלעך ניט איבעריק זיין.

רבנו משה בן מיימון איז געווען אַ געבירטיקער פון שפּאַניע, פון אַ רבנישער פאַמיליע, און האָט געלעבט אין צוועלפטן יאָרהונדערט, בעת די מוירן האָבן נאָך געבליט אין שפּאַניע. שפּאַניע און פראַנקרייך האָבן זיך יעמאָלט געפונען אין אַן אומגעקערטער פאַרהעלטעניש, איידער היינט. אין שפּאַניע האָבן געבליט קונסטן און וויסנשאַפטן; דער פּאָ־ליטישער וואוילשטאַנד און די השכלה האָבן אויפגעשטייגט ביז זייער אַ הויכער מדרגה. אין פראַנקרייך אָבער, פונקט ווי אין די אַנדערע קריסטלעכע מדינות, האָבן געהערשט דער גרעסטער פּאָליטישער תוהו־ובוהו, אומוויסנקייט און פאַרגרעבט־קייט פון די מידות. אין שפּאַניע זיינען אין דער דאָזיקער צייט געווען די באַרימטסטע אַקאַדעמיעס און אוניווערסיטעטן. די רע־גירונג פון די קאַליפן האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געשטיצט די קולטור און אויפגעמונטערט צו בילדונג. די יידן האָבן אין די שפּאַנישע קאַליפאַטן ניט בלויז געפונען שוץ און גענאָסן ביר־גערלעכע פרייהייט, נייערט זיי זיינען אויך דערהייבן געוואָרן צו פאַרנעמען הויכע אַמטן און בכבודיקע שטעלעס, און זיי האָבן בכלל געגאָסן פונם וואוילשטאַנד און

פון דער בילדונג צוגלייך מיט אַלע בירגער פון לאַנד. זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אַלערהאַנט אינדוסטריען און מיט הצלחה איבערגעגעבן זיך צו קונסט און וויסנשאַפט. די לאַגע אָבער פון די יידן אין פראַנקרייך און אין אַנדערע קריסטלעכע לענדער איז, פאַרקערט, געווען זייער אַ טרויעריקע. זייער אומוויסנקייט און רעליגיעזע פאָראורטיילן האָבן געהאַט די איבערהאַנט איבער דעם געזונטן מענטשלעכן פאַרשטאַנד, און קונסטן און וויסנשאַפטן זיינען ניט בלויז געווען פאַראַכט ביי זיי, נייערט אויך פאַראומווערדיקט, ווי עפּעס, וואָס איז, לויט זייער מיינונג, קעגן דער רעליגיע. זייערע געלערנטע האָבן זיך דער־עיקר אָפּגעגעבן בלב־ונפש מיט שטודירן דעם תלמוד און האָבן דערין אַרויסגעוויזן זייערע גרעסטע גייסטיקע כוחות. דידאָזיקע שאַרפע היפּוכים האָבן נאַטירלעך אַרויסגערופן שלעכטפאַרשטענדענישן און מחלוקת צווישן די פראַנצויזישע און שפּאַנישע יידן. די חכמי ספרד (שפּאַנישע געלערנטע) האָבן געקוקט אויף די חכמי צרפת ווי אויף משונהדיקע מפולפלים, וואָס אָן גרינדלעכע שפּראַך־ידיעות, אָן פאַרנינפטיקער עקזעגעטיק און אָן אַ ריכטיקער מעטאָדע אין דענקען פאַרשווענדן זיי לבטלה זייערע פעיִקייטן און חריפות. די חכמי צרפת, פאַרקערט, האָבן פאָרגעוואָרפן די ספרדים, אַז זיי ווייכן אָפּ פון דער אמונה פון זייערע אָבות, און האָבן פאַרדאַמט אַלע וועלטלעכע קענטעענישן און וויסנשאַפטן, ווי אַפּיקורסות, וואָס וועט סוף־כל־סוף מוזן ווערן שעדלעך דער רעליגיע.

ר' משה בן מיימון האָט באַקומען אַ גוטע דערציִונג. ער האָט געלערנט ניט בלויז תלמוד, נייערט אויך שפּראַכן און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן, און האָט געמאַכט זייער גרויסע פאָרטשריט אויף דידאָזיקע אַלע געביטן. געטריי דער לערע פון די חכמי־התלמוד, האָט ער ניט געהאָלט מאַכן די תורה פאַר אַ „קרדום לחפר בה" (אַ גראָבאַייזן צו גראָבן מיט אים), פאַר אַ מיטל צו מאַטעריעלע צוועקן, און האָט דעריבער צו דעם צוועק גענומען שטודירן מעדיצין, און מיט גליקלעכן ערפאָלג.

אויפן צוויי און צוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבן האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין פירוש אויף משניות, אָן אויסערגע־

ווייגלעך-וויכטיקע אַרבעט, וואו ער האָט אַרויסגעוויזן ניט בלויז גרויסע שפּראַך-ידיעות און אַ טיף אַריינדרינגען אינם גייסט פון דעם דאָזיקן גראַנדיאָזן ווערק, גייערט אויך אַ וואונדערלעכע בקיאות אין דער גאַנצער תּלמודישער ליטעראַטור; דען ער האָט געמוזט אויפמערקזאַם און בהתמדה צונויפזאַמלען און פאַרגלייכן אַלע פּירושים, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט איבער אַלע ספרי-התלמוד, און די פאַרשיידנאַרטיקע פּסקי-דינים, וואָס די אמוראים האָבן לויט זייער אייגענער לאָגיק אַרויסגעדרונגען פון דער משנה, בכדי זיי זאָלן שטימען צווישן זיך און אויך שטימען מיט דער משנה. דער „פּירוש המשניות", וואָס איז אָנגעשריבן אויף „אַראַביש[1]", איז דורך פאַרשיידענע פּערזאָנען און אין פאַרשיידענע צייטן איבערגעזעצט געוואָרן אויף העב-רעאיש.

דאָס צווייטע ווערק פון רמבם אויפן געביט פון תּלמודי-שער וויסנשאַפט, דאָס וויכטיקסטע און גרעסטע פון אַלע זיינע ווערק אויפן דאָזיקן געביט, איז דער „יד החזקה", וואָס איז גע-שריבן אין העברעאיש. דער דאָזיקער ספר אַנטהאַלט אַלע יידישע חוקים און מנהגים, הן די וואָס זיינען בפירוש דערמאָנט אין תּורת משה, הן די וואָס זיינען אַרויסגעדרונגען געוואָרן פון דער תּורה לויט די קאָמענטאַטאָרישע דרכים פון די חכמי-התלמוד, און אויך אַלע נייע דינים, וואָס עס האָבן מחדש געווען די חכמי התלמוד און די גאונים, וואָס נאָך זיי, לויט די פאָדערונגען און באַדערפענישן פון דער צייט.

דער מחבר אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אין דעם דאָזיקן ספר ווי אַ מאַן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ערודיציע, מיט טיפער חריפות און ברייטן פאַרשטאַנד און מיט אַ סיסטעמאַטישן גייסט. באַזונדערס איז עס מערקווערדיק, וואָס הן אין „יד החזקה" הן

[1]) אין אַראַביש איז אין מיטלאַלטער געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע יידישע ליטעראַטור, ווייל אין אַלע אַראַבישע, מאַוריטאַנישע און בערבערישע לענדער האָבן די יידן גערעדט אַראַביש. דער איבערז.

אין „פירוש המשניות“ לייגט דער רמב״ם אויפמערקזאַמקייט דער־עיקר צו לייטערן די אמונה און דאָס וויסן און צו פאַרבעסערן די מידות, און ער לאָזט ניט דורך קיין שום געלעגנהייט צוריק אויפצושטעלן די האַרמאָניע צווישן דער רעליגיע און דעם שכל, וואָס איז געוועסט צעשטערט געוואָרן מחמת וועלכע־ס'איז שלעכטפאַרשטענדענישן, — דאָס מעג אַפילו ברענגען דערצו, ער זאָל דאַרפן אָפּטרעטן פונם הויפּט־ענין, וואָס אינטערעסירט אים. ער זאָגט אַליין אין איין שטעל פון זיין „פירוש המשניות“: „איך האָב, אמת, אָפּגעטראָטן פון דעם עצם ענין, וואָס איך האָב געהאַלטן אין באַהאַנדלען, — איך האָב אָבער דאָס געטאָן מיט אַ כוונה, ווייל אויפקלערן און אָפּשאַצן אַ וואָסער־ס'איז עיקר פון אונזער גלויבן איז מיר וויכטיקער פון אַלע אַנדערע ענינים, וואָס איך האָב מיר גענומען צו באַהאַנדלען“. מחמת דער זעלביקער סיבה גיט ער גלייך אין אָנהייב פונם „יד החזקה“ אַזעלכע מינים הלכות, וואָס מ'קען זיי ניט געפינען אין קיין שום געזעץ־קאָדעקס, ווייל דידאַקטישע הלכות, וועלכע האָבן באמת קיין שום פאַרבינדונג ניט מיט די אַזויגערופענע געזעצן, קענען געפינען אַ וועג צום האַרצן פונם פאָלק, בלויז ווען מ'וועט זיי אים דערלאַנגען שוואַרץ אויף ווייס אין אַ ספר.

די ערשטע אָפּטיילונג פון „יד החזקה“, „הלכות יסודי התורה“ (די געזעצן פון די יסודות פון דער תורה[3]), אַנטהאַלט אַ גאַנצע סיסטעם פון טעאָלאָגיע, וואָס באַזירט האַרמאָניש אויף די יסודות פון דער נאַטירלעכער רעליגיע און אויף די יסודות פון דער רעליגיע פון געטלעכער אַנטפּלעקונג. די צווייטע אָפּטיילונג, „הלכות דעות“ (זיטלעכע געזעצן), אַנטהאַלט אַ גאַנצע סיסטעם פון מאָראַל, וואָס איז אויך האַרמאָניש באַגרינדעט אויף די יסודות פון תנ״ך, פון תלמוד און פון שכל. אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג קומט אַפילו אַ באַזונדע־

[3]) דער מחבר איבערזעצט די ווערטער „הלכות יסודי התורה“ — די געזעצן פון אַ פאַרנינפטיקער טעאָלאָגיע. דער איבערז.

רער קאַפּיטל, וואו עס ווערן באַהאַנדלט די כללים פון דיעטעטיק (כללים, ווי דער מענטש דאַרף זיך אויפפירן אין עסן און טרינקען און אין אַלע ענינים פון זיין לעבן — לטובת זיין געזונט), וואָס איז באַגרינדעט אויף מעדיצינישע פּרינציפּן.

אין דער אָפּטיילונג „הלכות קידוש החודש" (די געזעצן וועגן פייערן ראש חודש) נוצט דער מחבר אויס די געלעגנהייט איבערצוגעבן די גאַנצע אַסטראָנאָמיע. צוערשט דערוויזט ער מיט ראיות ברורות, אַז אין די צייטן פון בית שני האָבן די חכמים פונם סנהדרין אין ירושלים באַשטימט די צייט פון ראש חודש און ממילא אויך די צייט פון די ימים-טובים, ניט (ווי דאָס געשעט איצט) לויט אַ לוח, וואָס איז צו דעם צוועק באַרעכנט, בייערט לויט דעם „מולד", ד. ה. לויט דעם באַווייזן זיך פון דער נייער לבנה. עס פלעגן, אמת, אָפּגעשיקט ווערן פון אַלע פּראָווינצן שלוחים קיין ירושלים עדות צו זאָגן פאַרן סנהדרין וועגן דעם מולד; אָבער זייער עדות-זאָגן פלעגט אָנגענומען ווערן בלויז יעמאָלט, ווען עס האָט געשטימט מיט די אַסטראָנאָמישע חשבונות, וואָס די חכמים פון סנהדרין האָבן געמאַכט אַפּריאָרי. צו דעם צוועק האָט בכן דידאָזיקע הויכגעבילדעטע קאָלעגיע געמוזט צונויפשטעלן שווערע אַסטראָנאָמישע חשבונות און זיי האָבן דערביי געמוזט נעמען אין אַכט די געאָגראַפישע לענג און ברייט פון די ערטער, די צענטראַלע און פּינקטלעכע ערטער פון דער זון און פון דער לבנה אין דער עקליפּטיק[1], דעם פּאַראַלאַקס[2], די דערווייטערונג פון דער לבנה פון

[1] עקליפּטיק — די אין דמיון פאַרגעשטעלטע קרייז-ליניע אויפן הימל, איבער וועלכער עס קומט פאָר די כלומרשטיקע יערלעכע באַוועגונג פון דער זון (אין דער ווירקלעכקייט באַוועגט זיך די ערד אַרום דער זון).

דער איבערז.

[2] פּאַראַלאַקס — ווינקל ביים צענטער פון אַ הימלישן קערפּער, וואָס ווערט געבילדעט דורך צוויי ליניעס, וואָס גייען צום צענטער פון דער ערד און צום אויג פונם אָבסערוואַטאָר. דער איבערז.

ד ע ר ע ר ד א. אַז. וו. און נאָכדעם ווי דער רמב״ם האָט דאָס אַלץ דערקלערט מיט ראיות ברורות, דערקלערט ער פּרעציז און דאָך פולשטענדיק די אַסטראָנאָמישע שיטה, וואָס לויט איר האָט מען וואָרשיינלעך געמאַכט דידאָזיקע חשבונות אין דער צייט פון בית שני, און זיין עיקר־כוונה איז געווען ניט אַזוי צו דערקלערן די דינים פון ק י ד ו ש ה ח ו ד ש, ווי צו פאַרברייטערן די ידיעות פון די וואָס לערנען זיין ספר מיט די הויפּט־יסודות פון די נאַטורוויסנשאַפטן.

איבער אייניקע פּרטים האָט דער דאָזיקער ספר אַרויסגערופן אויך קעגנער. איינער פון זיי, ר׳ א ב ר ה ם ב ן ד ו ד (דער ר א ב״ד), וואָס אין שאַרפזין און אין תורה איז ער כמעט ניט אָפּגעפאַלן פונם רמב״ם און בלויז אין קענטעניש און וויסנשאַפטן איז ער אָפּגעשטאַנען פון אים, — האָט אָנגעשריבן זייער אַ שאַרפע קריטיק אויפן „יד החזקה״.

בכדי צו געבן דעם לעזער כאָטש אַ קליינעם באַגריף פון דעם אופן פון דער דאָזיקער קריטיק, וויל איך דאָ ברענגען אייניקע מערקווערדיקע שטעלן, פון וואָס מ׳קען קלאָר זען די דרכים פון קריטיק פון אַן אָרטאָדאָקסישן טעאָלאָג קעגן אַן אַנ־דערשגלויביקן.

למשל: דער רמב״ם זוכט צו דערקלערן אויף אַ שכלדיקן אופן די אגדה פון תלמוד וועגן דער גרויסער סעודה, וואָס גאָט וועט אין צוקונפטיקן לעבן מאַכן פאַר די צדיקים פונם פלייש פון ל ו י ת ן. ער זאָגט, אַז די צדיקים וועלן אויף יענער וועלט, לויט דער מדרגה פון זייער דערגרייכטער פולקומענהייט אויף ד ע ר וועלט, זוכה זיין אָנצוזען די ליבלעכקייט פון גאָט, וואָס איז דער א י ד ע אַ ל פ ו ן ד ע ר ה ע כ ס ט ע ר פ ו ל ק ו מ ע נ ה י י ט. די אגדה איז, אמת, מוסיף, אַז גאָט וועט דערלאַנגען די צדיקים, נאָך דער ריי נאָך, דעם כ ו ס ש ל ב ר כ ה (דער בעכער, וואָס מ׳בענטשט נאָכן עסן), אָבער די צדיקים וועלן זיך אָפּזאָגן פון דעם דאָזיקן כבוד (מחמת זיי האַלטן, אַז זיי זיינען ניט ווערט דערצו), ביז דוד המלך וועט צום סוף אָננעמען דעם כוס; אָבער ווייל דער רמב״ם האָט פונדאַנען ניט געקענט אַרויסדרינגען

קיין שום שכלדיקן רעיון, איז ער אריבער דעם דאָזיקן מאמר בשתיקה. דערויף האָט דער ראב״ד אין זיין הייליקער קנאות געמאַכט אין זיין קריטיק אַ באַמערקונג: „צי ד"ס איז עס די סעודה של לויתן, וואָס די חכמי־התלמוד האָבן וועגן דעם גערעדט? דאָ ווערט דאָך גאָר ניט דערלאַנגט דער כוס של ברכה! עס וואָלט דאָך בעסער געווען, ווען דער מחבר וואָלט וועגן דעם אינגאַנצן געשוויגן!"

אין „הלכות קידוש החודש" גיט אָן דער רמב״ם אַ טעם, פאַרוואָס האָבן די חכמי־התלמוד געמאַכט פאַר אַ געזעץ, אַז ווען ראש־השנה פאַלט אויס זונטאָג, מיטוואָך אָדער פרייטאָג, ווערט געמאַכט אַ „נִדְחֶה", ד. ה. דער יום־טוב ווערט אָפּגערוקט אויף אַ טאָג שפּעטער, — און זיין טעם איז גרינדלעכער פונם טעם, וואָס עס האָבן געגעבן די חכמי־התלמוד. דערויף האָט דער ראב״ד אים קריטיקירט אין פאָלגנדיקע ווערטער: „דער מחבר באַרימט זיך זייער מיט דער דאָזיקער וויסנשאַפט (מיט דער אַסטראָנאָמיע) און מיינט, אַז ער האָט זי גרינדלעך אויסגעלערנט. איך געהער, אמת, ניט צו זיין צעך (וואָס באַשעפטיקן זיך מיט חכמות חיצוניות), דעריבער האָב איך מיך אָפּגעהאַלטן צו מאַכן עטוואָס אַ באַמערקונג אויף דער דאָזיקער גאַנצער אָפּטיילונג. אָבער ביי דער דאָזיקער שטעלע פאַרליר איך די גאַנצע געדולד. אויב מ׳זאָל אָננעמען דעם מחברס טעם, פאַרוואָס זאָל ראש־השנה ניט ווערן קיין נדחה אויך דאַן, ווען עס פאַלט אויס מאָנטאָג, דינסטאָג, דאָנערשטאָג און שבת, און פאַרוואָס זאָלן גראָד דידאָזיקע טעג האָבן די בכורה? איך גלויב, אַז דער מחבר מאַכט חוזק פון זיינע לעזער!

יעדער פאַרנינפטיקער לעזער קען לייכט איינזען, אַז דידאָזיקע טענה איז בלויז אַ צוטשעפּ. דער רמב״ם זוכט אין זיין דערקלערונג צו פאַראייניקן דעם פאַרנינפטיקן טעם, וואָס ער האָט אָנגעגעבן, מיטן טעם פון די אמוראים. דער ראב״ד האָט האָט אים אָבער ניט פאַרשטאַנען.

אין אַן אַנדער אָרט זאָגט זיך דער דאָזיקער בכבודיקער ר׳ אברהם בן דוד אַרויס קעגן אונזער מיימאָנידעס מיט זייער גרויס גאווה: „אין אונזער בית־מדרש האָט זיך שוין

באַוויזן דער רוח הקודש און מיר האָבן שוין דאָס אָפּגע־פּסקנט קעגן דער מיינונג פונם מחבר״.

אָבער ניט געאַכט אויף דידאַזיקע אַלע קריטיקעס, איז דער „יד החזקה״ דאָך אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד, באַזונ־דערס ביי די יידן, וואָס וואוינען אין די מחמדאַנישע לענדער, און זייער פיל געלערנטע באַטראַכטן אים נאָך עד היום ווי דעם הויפּט־יסוד פון דער גאַנצער יידישער גע־זעצגעבונג.

# ערשטער קאַפּיטל.

## דער ספר „מורה נבוכים", זיין פּלאַן, צוועק און מעטאָדע. די „טעאָלאָגיאַ פּאָליטיקאַ".

דאָס וויכטיקסטע פונם רמב"מס אַלע ווערק איז בלתי־שום־ספק דער „מורה־נבוכים" (לערער פון די פאַרבלאָנדזשעטע), וואָס איך האָב שוין אַ סך מאָל דערמאָנט. אין דעם דאָזיקן ספר ווייזט זיך קלאָר אַרויס זיין ריינע ליבע צום אמת, זיינע אויפריכטיקע רעליגיעזע און מאָראַלישע איבערצייגונגען, זיין טיפער פאַרשטאַנד אין אַלע צווייגן פון מענטשלעכער דערקענטעניש און זיין פילאָסאָפישער גייסט, וואָס דרינגט אַלץ דורך אויף אַ גאַנץ אייגענעם מוסטערהאַפטן אופן.

דער פּלאַן פון דעם דאָזיקן פאָרטרעפלעכן ווערק, — ווי דער רמב"ם דערקלערט אַליין אין זיין הקדמה און ווי דאָס ווייזט שוין אויך דער עצם טיטל פונם ספר, — איז צו לערנען דאָס וואַקלדיקע אין גלויבן אָדער צו מאַכן שלום צווישן דער אמונה און דעם שכל. זיין מעטאָדע איז אַ בכּיוונדיקע, געקינסטלטע סיסטעמלאָזיקייט, זיין סטיל און זיין הסברה זייַען פּרעכטיק. לייענענדיק זיין ספר גלויבן מיר, אַז מיר הערן די שטים פונם אמת אַליין, וואָס פליסט־איין יראת־הכבוד. זיין צוועק איז די פאַרפולקומענונג פונם כּוח פון דערקענטעניש און ווילן.

דעם דאָזיקן ספר זיינעם האָט דער רמב"ם געווידמעט זיין באַרימטן תּלמיד ר' יוסף ב"ר יהודה (אבן עקנין)

און אָנגעשריבן אין דער אַראַבישער שפּראַך, אָבער נאָכדעם האָט אים ר׳ שמואל אבן תיבון איבערגעזעצט אויף העב־רעאיש.

אין זיין בריוו צום דערמאָנטן תּלמיד זיינעם[1] זאָגט דער רמב״ם: „נאָך איידער מיר זיינען פּערזענלעך באַקאַנט געוואָרן האָב איך דיך תּמיד הויך געשעצט, ווייל פון דיינע שריפטן, וואָס זיינען געקומען צו מיין האַנט, האָב איך דערקענט דיין גרויסע התמדה אין חקירה און דיין תּשוקה צו פילאָסאָפישן דענקען. דאָך האָב איך געמיינט, אַז דיין תּשוקה איז גרעסער פון דיינע כּוחות. אָבער נאָכדעם ווי דו האָסט בייגעוואוינט מיינע לעקציעס איבער מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע, בין איך נאָך שטאַרקער געוואָרן אין מיין ערשטער מיינונג וועגן דיר און איך האָב באַוואונדערט דיין גוטן פאַרשטאַנד און דיין געשווינטן כּוח פון באַנעמען. איך האָב, אמת, באַמערקט, אַז דיין תּשוקה צו מאַטעמאַטישע וויסנשאַפטן איז אַוועקגעגאַנגען אַ ביסעלע צו ווייט, דאָך האָב איך דיך דערפון ניט אָפּגעהאַלטן, ווייל איך האָב פאָראויסגעזען, וואָס פאַר אַ גוטן ערפאָלג דו וועסט דערינען האָבן; אָבער ווען דו האָסט ביי מיר געלערנט לאָגיק, האָב איך מיך איבערצייגט, אַז מיין האָפענונג אויף דיר האָט מיך ניט אָפּגענאַרט. איך האָב איצט איינגעפונען, אַז דו ביסט ווערט, מ׳זאָל דיר מגלה זיין די סודות פון די שריפטן פון די נביאים, ד. ה. דאָס פאַרנינפטיקע אויסטייטשן זיי, וואָס זיינען סודות פאַר די וואָס האָבן ניט צו זיי דעם שליסל. איך האָב דיר געגעבן אייניקע רמזים וועגן דעם, האָב אָבער באַ־מערקט, אַז דו האָסט ניט געוועלט באַגניגן זיך דערמיט און האָסט פאַרלאַנגט אַ פיל ברייטערע און גרינדלעכערע אויפקלע־רונג איבער מאַנכע טעאָלאָגישע ענינים, ווי אויך אַ באַאורטיי־לונג פון די מיינונגען פון די דיאַלעקטיקער[2] און פון

[1] דער בריוו איז די „פּתיחה" צום „מורה־נבוכים".
דער איבערז.

[2] דיאַלעקטיקער — קינסטלער צו פירן פּאָלעמיקעס קעגן קעג־

די מעטאָדן, וואָס זיי געברויכן. איך האָב אַיינגעפונען, אַז עט־וואָס דערפון האָסטו שוין געלערנט ערגעץ אַנדערשוואו. נאָר דיין גרויסער גייסט האָט ניט געוועלט באַגניגן זיך דערמיט. דאָך האָב איך געמוזט דיך צוריקהאַלטן דערפון און דיר צֵאֶהנען צו לערנען זידאָזיקע ענינים לויטן געהעריקן סדר, ווייל מיין כוונה איז, דו זאָלסט דערלערנען דעם אמת מעטאָדיש און ניט אויף אַ צופעליקן אופן. אָבער היות עס איז דער רצון פון דער השגחה עליונה אונז צו צעשיידן איינעם פונם אַנדערן, האָב איך נאָך אַ לאַנגן באָכדענקען מיך אַנטשלאָסן צו פאַרפאַסן דאָס דאָזיקע ווערק שריפטלעך פאַר דיר און פאַר דיין גלייכן, און דיר צוצושיקן קאַפּיטלעכווייז".

דאָס דאָזיקע ווערק[1] באַשעפטיקט זיך קודם־כל מיט ריכטיקן אויסטייטשן איינצלנע נעמען און אויסדריקן אין די ספרים פון די נביאים. פון דידאָזיקע נעמען און אויסדריקן זיינען פאַרהאַן אַזעלכע, וואָס זיינען אייגן פאַרשיידענע מינים געגנשטאַנדן און באַגריפן[2], און וואָס אומוויסנדיקע מענטשן האָבן זיי גענומען בלויז אין אַ באַגרענעצטן זין; אַנדערע זיינען אַריבערגע־טראָגענע אויסדריקן, ד. ה. אַזעלכע, וואָס זיינען צוערשט געלייגט געוואָרן אויף באַזונדערע באַשטימטע געגנ־שטאַנדן און באַגריפן און וואָס זיינען שפּעטער אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויך אויף געוויסע אַנדערע מינים, אַנאַלאָגישע צו יענע[3], — און נאָר עם־הארצים האָבן זיי גענומען אינם

בערישע פילאָסאָפישע סיסטעמען. באַזונדערס האָבן געהייסן "דיאַלעקטיקער" סאָקראַטעס און זיינע תלמידים, אויך פּלאַטאָן און העראַקליטעס דער סגי־נהור. אין ניינצטן יר"ה זיינען געווען דיאַלעקטיקער העגעל, לודוויק פייערבאַך און קאַרל מאַרקס. דער איבערז.

1) דער "מורה נבוכים". דער איבערז.

2) למשל: סוּס — אַ פערד און סוּס — אַ שוואַלב (ישעיה ל"ח, י"ד), חָלֹם — שטאַרק זיין און חָלֹם — טרוימען א. א. דער איבערז.

3) דהיינו: טַעַם — אַ געשמאַק פון אַ שפּייז און טַעַם — אַ געשמאַק פון אַ געדאַנקענגאַנג, אַ זין, אַ מאָטיוו; ירידה — אַן אַראָפּנידערונג פון אַ

**ערשטן זין; און נאָך אַנדערע נעמען און אויסדריקן זיינען פאַרהאַן צווייפּלהאַפּטע (ד. ה. אַזעלכע, וואָס זיינען ספק גלייך בשותפותדיקע פאַרשיידענע געגנשטאַנדן, ספק איבערגעטראָגענע אויף ענלעכע זאַכן[1]).**

---

געאָגראַפישער הייך און ירידה — אַן אָראָפּנידערונג פון אַ סאָציאַלער אָדער פון אַ מאָראַלישער הייך, וכדומה. דער איבערז.

[1]) אין מיין פירוש[1]) אויפן „מורה נבוכים" האָב איך באַמערקט, אַז די־דאָזיקע איינטיילונג איז ניט אינגאַנצן באַגרינדעט, דען מ׳קען די ערשטע צווייקלאַסן-אויסדרוקן אויך רעכענען פאַר צווייפּלהאַפּטע. ווי קאָן מען, למשל, מיט זיכערקייט באַהויפּטן, צי דאָס צייטוואָרט אָכ̇ל איז אַ בשותפותדיקער אויסדריק פאַר פאַרשיידענע מינים באַגריפן (עסן און פאַרברענען), אָדער עס איז אַן איבערגעטראָגענער אויסדרוק, ד. ה. אַז לכתחילה האָט עס באַטייט עסן און בלויז נאָכדעם איז עס איבערגעטראָגן געוואָרן אויפן מושג פאַרברענען? מ׳קאָן דאָך גאָר אויך זאָגן, אַז לכתחילה האָט זיך דער דאָזיקער פּעַל ניט געלייגט אויף די דערמאָנטע צוויי פאַרשיידענע מינים באַגריפן אַלס אַזעלכע, נייערט אויף זייערן אַ בשותפותדיקן גאַטונגסבאַגריף (דערהאַלטן איין זאַך דורך צעשטערן אַן אַנדער זאַך).

איך רעכן דעריבער צו צום ערשטן קלאַס די אויסדריקן, וואָס זיינען בשותפותדיק אַזוינע מינים, וועלכע האָבן גאָרנישט קיין שום אָביעקטיוו-בשותפותדיקס און שטייען בלויז אין אַ סוביעקטיווער באַציונג אויף אַנאַנדער. אַזעלכע זיינען די אויסדריקן, וואָס זיינען בשותפותדיק גאַנץ אַנטקעגנגעזעצטע זאַכן, למשל: דאָס צייטוואָרט ברא, וואָס באַטייט אי אויסהאַקן אויסוואָרצלען, פאַרניכטן, אי — אַרויסברענגען אַ יֵש מֵאַיִן, באַשאַפן; דער דאָזיקער מין ווערטער האָבן באַקומען אַ בשותפותדיקן אויסדריק בלויז דורך דער בשותפותדיקייט פון דער סוביעקטיווער פאָרם פון דער אַנטקעגנגעזעצונג. אַזוי זיינען אויך די אויסדריקן, וואָס באַצייכענען צוגלייך סיבה און ווירקונג, סובסטאַנצן (עצמס) און אַקצי-

---

[1]) „גבעת המורה". דער איבערז.

„איך האָב גאָר ניט בדעה, — שרייבט דער רמב״ם אין זיין פתיחה צום „מורה-נבוכים״, — אין אָט דעם מאמר צו דער-קלערן דידאָזיקע אַלע אויסדריקן דעם געוויינלעכן מענטשן אָדער יעדן אָנפאַנגער אין דענקען; איך וויל אויך ניט לערנען די מענטשן, וואָס ווילן גאָרנישט וויסן, חוץ דער וויסנשאַפט פונם רעליגיאָנס-געזעץ. די כוונה פון מיין ספר איז בלויז צו לייגן דעם יסוד פאַר דער וויסנשאַפט פון דער געזעצגעבונג (חכמת התורה). איך וויל בלויז געבן אַ קורצע אָנווייזונג דעם, וואָס האָט דורך דער-ציִונג און געוויינהייט זיך באַפעסטיקט אין דער רעליגיע, וואָס איז אַ פולקום מאָראַלישער מענטש און האָט געוויסע ידיעות אין פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן, — וואָס איז אויף אַזאַ אופן, פון איין זייט, געניי׳גט צו פאָלגן דעם שכל און וואָס קומט, פון דער צווייטער זייט, אַריין אין אַ פאַרלעגנהייט דורך דעם געוויינלעכן, אין פיל ערטער ניט-ריכטיק פאַרשטאַנענעם זין פון די כתבי-הקודש. זאָל ער זיך נאָכציִען בלויז נאָכן שכל און אינגאַנצן פאַרוואַרפן די באַקומענע פאָרשטעלונגען לויט דעם געוויינלעכן זין פון דער הייליקער שריפט, דאַן שטייט פאַר אים די סכנה צו שאָדן דורך דעם זיין רעליגיעזן גלויבן; זאָל ער, פאַרקערט, זיך האַלטן בלויז אָן די טראַדיציאָנעל-אָנגענומענע פאָרשטעלונגען און לאָזן זיין שכל שווייגן, דאַן שטייט ווידער די מורא צו ברענ-גען שאָדן דעם אמת פון דער תורה און פון דער אמונה.

„אין דעם דאָזיקן ווערק וועלן אויך דערקלערט ווערן די אַלעגאָריעס, וואָס קומען אַריין אין די שריפטן פון די נביאים, אָדער די ערטער, וואָס דאַרפן אויסגעטייטש ווערן ווי אַלעגאָריעס, נאָר ווערן געוויינלעך ניט געהאַלטן פאַר

דענצן (2 א. אז. וו. — בשותפותדיק פאַר ביידע מינים בלוז דורך דער בשותפותדיקייט פון דידאָזיקע סוביעקטיווע פאָרמען. הערה פונם מחבר.

[2] אַקצידענץ — דאָס ניט עצמדיקע, דאָס וואָס בייט זיך אינם עצם, דאָס צופעליקע פון אַ זאַך, וואָס קען אויך אַנדערש זיין, ניט ענדערנדיק דעם עצם פון דער זאַך. דער איבערז.

אַזעלכע און ברענגען דעריבער אַריין דעם דענקער גיט אין קיין קליינער פֿאַרלעגנהייט. צוליב דעם האָב איך אַ נאָמען געגעבן דעם דאָזיקן ווערק „מורה נבוכים“ — לערער אָדער וועג־ווייזער פון די פֿאַרבלאָנדזשעטע. איך בין פונדעסט־וועגן דערמיט בשום אופן ניט מבטיח, אַז דער דאָזיקער חיבור וועט פֿאַרענטפֿערן אַלע ספקות און אַלע שאלות, וואָס קענען אויפשווימען ביי עמעצן אין קאָפּ, נייערט בלויז די וויכטיקסטע פון זיי. אויך קען קיין פֿאַרנינפטיקער מענטש פון מיר ניט פֿאַר־לאַנגען, איך זאָל לגמרי אויסשעפּן דעם גאַנצן מאַטעריאַל, וואָס איך באַהאַנדל, אָדער איך זאָל ביזן גרונד אויספירן די אָנגעהויבענע אויסטייטשונג פון אַן אַלעגאָריע, — דאָס לאָזט זיך ניט טאָן אין אַ מינדלעכער דרשה און נאָך ווייניקער אין אַ שריפטלעכן טראַקטאַט. איך בין געצוואונגען דאָס אַרויסצוזאָגן פֿאָראויס, בכדי דער דאָזיקער ספר זאָל ניט ווערן פֿאַר יעדן שוטה, וואָס האַלט זיך פֿאַר אַ חכם, צו אַ ציל־ברעט, וואָס ער זאָל אויף אים ווענדן די פיילן פון זיין נאַרישקייט.

„בהסכם מיט דער לערע פון תלמוד, וועל איך אין דעם דאָזיקן ווערק געבן בלויז דעם זעלבשטענדיקן דענ־קער אייניקע רמזים וועגן די פּרינציפּן פון נאַטור־וויסנשאַפט און פון מעטאַפיזיק, און אפילו דאָס וועל איך ניט איבערגעבן אין אַ סדר לויט אַ געוויסער מעטאָדע, ניי־ערט צעזייט און צעשפּרייט צווישן אַנדערע ענינים. מיין כוונה איז, די אמתן זאָלן זיך אין דעם דאָזיקן ספר בלויז אַרויס־ווייזן, בכדי גלייך דערנאָך צוריק זיך צו באַהאַלטן, און דאָס איז בהסכם מיט דער געטלעכער חכמה (מיט דער נאַטור פון די זאַכן), וואָס פֿאַרבאָרגט די וויכטיקסטע אמתן פונם געמיי־נעם אויג. וועגן דעם זאָגט זיך אויך אין תהילים: „סוד ה׳ ליראָיו“ (דער סוד פון גאָט איז נאָר פֿאַר די פרומע).

„דו זאָלסט אָבער ניט מיינען, בעסטער פריינד[1], אַז איך

[1] ר׳ יוסף אבן עקנין. דער איבערז.

אַליין באַזיץ כלומרשט פולקום דעם דאָזיקן סוד,—ניין! אַן אַנ־דערש מאָל שטראַלט, אמת, אויף פאַר אונז, מענטשן, אויף אַ כהרף־עין דער אמת, ווערט אָבער דורך אונזער קערפּערלעכער קאָנסטיטוציע (דורך אונזער פיזישער מענטשלעכער נאַטור) און דורך אונזערע געוואוינהייטן גלייך דערויף צוריק פאַרטונקלט. מיר זיינען אין דעם פרט גלייך צו אַ מענטשן, וואָס רייזט אין אַ פינסטערער נאַכט און וואָס פון צייט צו צייט באַווייזט זיך פאַר אים אַ שטראַל פון אַ בליץ. עס טרעפט, אַז עמעצן פון אונז בליצט עס כסדר די גאַנצע נאַכט אַדורך. דאָס איז געווען די מדרגה פון דערלייכטונג פונם גרעסטן פון אַלע נביאים, פון משה בן עמרם, וואָס צו אים איז געזאָגט געוואָרן: „ואתה פה עמוד עמדי" (און דו בלייב דאָ שטיין מיט מיר, ד. ה. דו וועסט משיג זיין די אמתע דערקענטעניש פון מיין וועזן). אַן אַנדערן בליצט עס אין גרעסערע אָדער קלענערע אינ־טערוואַלן; עס זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע, וואָס אין משך פון דער גאַנצער נאַכט באַווייזט זיך זיי אַ בליץ־שטראַל בלויז איין איינציקן מאָל; ווען זיי איז עס געזאָגט געוואָרן: „ויתנבאו ולא יספו" (און זיי האָבן נבואה געזאָגט בלויז איין איינציקן מאָל און מער ניט). אַנדערע האָבן אַפילו ניט דאָס גליק באַ־לויכטן צו ווערן כאָטש דורך איין בליץ־שטראַל, נייערט בלויז דורך מעטעאָרן, וואָס לייכטן אויף אין חושך, און אַפילו אָט דאָס שוואַכע ליכט בלייבט ניט אויף לאַנג, נייערט טוט אַ פינקל און פאַרשווינדט אין פאַרשיידענע מדרגות און אינטערוואַלן. פונקט אַזוי זיינען דאָ אויך פאַרשיידענע מדרגות פון חכמה. די אַלע אָבער, וואָס זעען קיינמאָל ניט דאָס ליכט, נייערט טאַפּן תמיד אין דער פינסטער, זיינען די, וואָס ווען זיי זאָגט דער תהילים־זינגער: „לא ידעו ולא יבינו בחשכה יתהלכו" (זיי ווייסן גאָרנישט, פאַרשטייען גאָרנישט און וואַנדלען אום אין חושך), און אין איוב ווערט וועגן זיי געזאָגט: „ועתה לא ראו אור בהיר הוא בשחקים" (זיי זעען ניט דאָס ליכט, וואָס שיינט אַזוי קלאָר אין הימל). וועגן זיי וויל איך דאָ אין ספר גאָר ניט ריידן.

„מיטן לערנען יענעם דידאָזיקע הויכע אמתן גייט עס פונקט אַזוי, ווי מיטן אַליין שטודירן זיי. אַפילו דאָס ביסל, וואָס מ׳האָט אַליין איינגעזאַנצן באַנומען, קען מען ניט אַלעמאָל דערקלערן קלאָר און אין געהעריקן סדר, ווי דאָס איז דער פאַל מיט אַנדערע וויסנשאַפטן, וואָס זייער געגנשטאַנד קען מען פירן מיטן וויזועלן מעטאָד. דער אויסדרוק, וואָס איז אָנגעמאָסטן פאַרן ענין, און די פּאַסיקע מעטאָדע פון הסברה גיבן זיך אונז אָפּט פון זיך אַליין, אָבער אָפּט קאָסט אונז אַ סך מי זיי צו געפינען. די אַלטע חכמים האָבן זיך מחמת דעם געזען געצוואונגען אָנצו־קומען אין די פאַלן צו דער הילף פון משלים און אַלע־גאָריעס. וואָלט עמעצער פון די חכמים געוואָלט, פאַרקערט, איבערגעבן דידאָזיקע אמתן פונקט אַזוי ווי ער האָט זיי אַליין געלערנט, אָן אַ שום לבוש (אָן אַ פאַבל און אָן אַן אַלעגאָריע), דאַן וואָלט זיין טראַקטאַט אַריינגעפאַלן אין אַזאַ געדיכטער טונקלקייט און אין אַזאַ פלאָנטער פון מליצות, אַז די אומבאַ־קוועמלעכקייט פון משלים און אַלעגאָריעס וואָלט קעגן דעם אַ קלייניקייט געווען. די חכמים זיינען דאָ, ווי אומעטום, דורך דער נאַטור פון דער עצם זאַך געצוואונגען צו פאָלגן דעם רצון פון גאָט (מ׳זאָל אין דידאָזיקע ענינים ריידן מיט פאַבלען און אַלע־גאָריעס).

אַז גאָט האָט געוואָלט מתקן זיין און פאַרפולקומען אונזער געמיינדע דורך זיינע פּראַקטישע געזעצן (מצוות המעשיות), האָבן אָפּריער געמוזט אויפקומען ריינע טעאָריעס, וואָס מוזן באַזירן אויף ריכטיקע באַגריפן וועגן גאָט און זיין פאַרהעלטעניש צו אונז, ד. ה. אויף דער נאַטירלעכער טעאָלאָגיע. אָבער היות דידאָזיקע נאַטירלעכע טעאָלאָגיע האָט אין איר גרונד די נאַטורוויסנשאַפט, האָט גאָט אָנגעהויבן זיין געזעצבוך (די תורה) מיט דער געשיכטע פון דער וועלטבאַשאַפונג (מעשה בראשית), וואָס איז אַן אַלעגאָרישע פאָרשטעלונג פון די פּרינציפּן פון נאַטורוויסנשאַפט. די חכמי־התלמוד זאָגן: „וועגן דעם כוח און דעם אופן פון דער וועלטבאַשאַפונג

איז ניט מעגלעך איבערצוגעבן קיין שום מענטשן, דעריבער זאָגט דער פסוק אָפּ גאַנץ קורץ: „בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ" (אין אָנהייב האָט גאָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד). דערמיט האָבן די חכמים אונז געוואָלט אָנווייזן, אַז די געשיכטע פון מעשה בראשית אַנטהאַלט וויכטיקע סודות פון דער נאַטור.

„צו דעם צוועק מוז די תורה באַנוצן פילבאַדייטנדיקע אויסדריקן, וואָס דער פשוטער מענטש זאָל זיי אויסטייטשן בהסכם מיט זיינע שוואַכע פעיִקייטן און דער געלערנטער דענקער — אויף זיין אופן".

נאָך דידאָזיקע אַלע רייד זוכט דער רמב"ם צו דערווייזן די וויכטיקייט ריכטיק צו קאָמענטירן די משלים און אַלעגאָריעס און אַלע רעטענישפולע ערטער אין תנ"ך, און ווייזט אויך די פאַרשיידענע דרכים, ווי זיי צו קאָמענטירן. צולעצט וואָרנט ער נאָך דעם לעזער צו לייענען דעם „מורה נבוכים" מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און בלויז נאָך אַ גוטער צוגרייטונג. דאַן ענדיקט זיך דערדאָזיקער אַריינפיר מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„איך ווייס, אַז אויך אַן אָנפאַנגער אין דענקען וועט פון אַ טייל פון דעם דאָזיקן ספר באַקומען אַ געוויסן נוצן; דער געאיבטער דענקער אָבער, וואָס דער שכל האָט געמאַכט וואַקלדיק זיין גלויבן, וועט אָן ספק באַקומען נוצן פונם גאַנצן ספר. צעטומלטע קעפּ, פאַרקערט, וואָס זייער מוח איז אָנגעפילט מיט פאַלשע מיינונגען און פאַרפירערישע מעטאָדן, וועלכע זיי האַלטן פאַר אמתער חכמה, ווייל זיי האָבן פון אמתער חכמה קיין שום באַגריף ניט, — וועלן אויסמיידן מיין ספר: טיילווייז ווייל זיי וועלן אים ניט פאַרשטיין, פון וואָס עסליידט זייער נישטיקע פוסטע גאווה, און טיילווייז אויך ווייל דער ספר דעקט אויף זייער נאַקעטקייט, פאַרדאַמט די אומזיניקייט פון זייערע פאָראורטיילן און פאַלשע מיינונגען.

„גאָס איז מיין עדות, ווי לאַנג איך האָב צוריקגעהאַלטן דעם דאָזיקן ספר, ווייל ער באַהאַנדלט די וויכטיקסטע ענינים און ביי אונזער פאָלק איז ער אַן איינציקער אין זיין מין. איצט

אָבער, ביים אַרויסגעבן אים, בין איך מיך סומך אויפן פסוק: „עת לעשות לה׳ הפרו תורתך״ (עס איז צייט עטוואָס צו טאָן פון גאָטס וועגן, דען זיי האָבן דיין ריינע לערע צעשטערט)[1], און אויפן באַפעל: „וכל מעשיך יהיו לשם שמים״ (און אַלע דיינע האַנדלונגען זאָלן זיין פון גאָטס כבוד וועגן).

קורץ! היות איך פיל מיך געצוואונגען פאַרצושטעלן דעם איבערצייגנדיקן אמת אַזוי, אַז ער זאָל געפעלן אפשר בלויז איינאיינציקן פאַרנינפטיקן און זאָל, פאַרקערט, ניט געפעלן טויזנט שוטים, — דאָך וויל איך, פון דעם איינעם וועגן, ניט פאַרשטיקן דעם אמת און קוק מיך גאָר ניט אום אויפן טאַדל פונם גרויסן המון״.

אין דער באַזונדערס מערקווירדיקער הקדמה, וואָס קומט נאָך דער „פתיחה״, גיט אָן דער רמב״ם זיבן סיבות, פאַרוואָס מען שטויסט זיך צייטנווייז אָן אין תנ״ך אויף סתירות:

1) ווען דער מחבר פון אַ ספר איז בלויז אַ קאָמפּילאַטאָר, וואָס האָט צונויפגענומען אין זיין ווערק קעגנזעצלעכע מיינונגען פון פאַרשיידענע שריפטשטעלער און האָט ביי יעדן פראַגמענט ניט אָנגעגעבן דעם נאָמען פון זיין אַוטאָר. דאַן געפינען זיך אין ספר גאַנץ נאַטירלעך סתירות.

2) אויב דער מחבר האָט אין משך פון זיין אַרבעט אין געוויסע פונקטן אַליין געענדערט זיין מיינונג, און ניט מאַכנדיק וועגן דעם קיין הערה, האָט ער אויפגענומען אין זיין ספר זיין פאַריקע מיינונג צוגלייך מיט זיין שפּעטערדיקער.

3) ווען צוליב באַזייטיקן די סתירה מוז מען מאַנכע אויסדריקן נעמען ניט אין פּשוטן, נייערט אין אַלעגאָרישן זין.

4) אויב אין דעם ענין איז דורכגעלאָזן געוואָרן אַ געוויסע באַדינגונג, וואָס מ׳האָט איבער אַ וואָסערע־ס׳איז סיבה ניט געוועלט אָדער ניט געקאָנט שטעלן אויפן אָרט, אָדער אויב די סוביעקטן (די טרעגער, די זאַכטיילן) פון דידאָזיקע היפּוכים־

[1] מיט זייער פאַרקערפּערן גאָט. דער איבערז.

דיקע באהויפטונגען זיינען אינערלעך פארשיידן צווישן זיך[1]), נאָר דער מחבר האָט וועגן דעם ניט געמאַכט קיין אָנמערקונג.

5) די באַדינגונגען פון אַ גוטער מעטאָדע מסביר צו זיין ווּיסנשאַפטן קענען אַמאָל אויך באַוועגן איבערצולאָזן אַ כלומר-שטיקע סתירה. עס טרעפט אָן אַנדערשמאָל, אַז בכדי צו דערקלערן און פאַרשטענדלעך צו מאַכן אַ לייכטערן ענין, מוז מען אַפריער, בתור הקדמה, געברויכן דווקא שווערערע מאַטעריעס.

ס'איז דאָך קלאָר, אַז די אויפגאַבע פון אַ גוטער פעדאַגאָגישער מעטאָדע איז אַריבערצופירן דעם תלמיד פון לייכטערן צום שווערערן. בכן מוז דער לערער זוכן צו מאַכן דעם ערשטן שווערן ענין (וואָס איז, ווי געזאָגט, אַ הקדמה צו דערקלערן דאָס לייכטערערע) וואָס מעגלעך לייכטער, עטוואָס נאָכלאָזן פון דער שטרענגער גענויקייט און נאָכגיין נאָך די פעיִקייטן פון זיינע תלמידים. נאָכדעם אָבער, ווען דער אויבנדערמאָנטער שווערער ענין וועט קומען אויף זיין געהעריקן אָרט און ניט בתור הקדמה צו אַן אַנדער ענין, דאַרף דער לערער אַרבעטן בהסכם מיטן שטרענגן אמת און באַהאַנדלען און דערקלערן אַלץ מיט אַלע געפאָדערטע פרטים. און אָט צוליב דעם דוכטן זיך אויס אינם באַהאַנדלטן ענין מיני סתירות.

6) אָפט איז די סתירה ניט אָפן, נייערט פאַרבאָרגן, אַזוי אַז אין די ערשטע צוויי הנחות (פּאָסטולאַטן) מערקט זיך ניט קיין שום סתירה. נעמט מען אָבער יעדע הנחה באַזונדער און מ'ציט פון איר קאָנסעקווענצן (תולדות, פועל-יוצאס) און פון די ערשטע קאָנסעקווענצן דרינגט מען אַרויס נייע, דאַן שטויסט מען זיך אָן אויף אַ סתירה צווישן די לעצטע פועלי-יוצאס. דאָס טרעפט אפילו מיט די בעסטע שריפטשטעלער. איז אָבער די סתירה אָפן תיכף צווישן די ערשטע צוויי הנחות, נאָר דער מחבר האָט בעתן שרייבן די צוויי-

[1]) ד. ה. ווען איין נאָמען אָדער אויסדרוק באַטייט בשותפותדיק פאַרשיידענע געגנשטאַנדן, אָדער ווערט געלייגט אויף פאַרשיידענע באַגריפן.

דער איבערז.

טע הנחה שוין פאַרגעסן די ערשטע, דאַן איז דאָס אַזאַ פעלער, אַז דער מחבר פאַרדינט גאָר ניט, מ׳זאָל זיך רעכענען מיט אים.

7) ווען מ׳האָט צו באַהאַנדלען וויכטיקע מתן, טיפע ענינים, וואָס מ׳קאָן ניט און מ׳דאַרף ניט טראַקטירן זיי אויספירלעך, וואָס מ׳קאָן זיי בכן טיילווייז מגלה זיין דעם לעזער און טיילווייז פאַרבאָרגן פון אים, — דאַן איז דאָס אויך אַן אַנדערשמאָל גורם צו אַ כלומרשטיקער סתירה. אַ געשיקטער שריפטשטעלער ווייס אָבער אַזוי אויסצופירן זיין ווערק, אַז אַ פשוטער לעזער זאָל די סתירה גאָר ניט באַמערקן.

נאָך די אַלע רייד ווייזט דער רמב״ם אָן, אין וועלכע שריפטן מ׳קאָן אָנטרעפן דעם אָדער יענעם מין סתירות. אין דער משנה און אינם תלמוד געפינען זיך סתירות פון דער ערשטער[1] און צווייטער[2] קאַטעגאָריע. די סתירה אָדער דער היפוך, וואָס מ׳געפינט אינם פשט פון אַ ענין, אין אַ ביסל ערטער אין די ספרים פון די נביאים, געהערן צו דער דריטער און פערטער קאַטעגאָריע[3]. אין די פילאָסאָפישע ווערק זיינען די סתירות פון דער פינפטער קאַטעגאָריע, און אין די ווערק פון אַלע אַנדערע מחברים — פונם זעקסטן מין. די סתירות אָבער, וואָס וועלן זיך געפינען אין דעם ספר גופא (אין „מורה נבוכים״), דאַרפן פאַררעכנט ווערן צו דער פינפטער און זיבעטער קאַטעגאָריע.

---

[1]) אין תלמוד באַגעגענען מיר על־פי־רוב די באַמערקונג: „אין דעם ענין האַלט דער תנא אָדער דער אמורא ווי דער אַווטאָריטעט און אין דעם ענין—ווי יענער“, — וכדומה. דער איבערז.

[2]) וויפיל מאָל שטייט אין תלמוד בפירוש: „ר׳ פלוני האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין ערשטער מיינונג“. דער איבערז.

[3]) וועגן דעם האָבן די חכמי התלמוד אַ סך גערזאָגט: „איין פסוק זאָגט אַזוי און איין פסוק זאָגט אַזוי, — ווי איז דאָס מעגלעך?“ און זיי דערקלערן אַלעמאָל, אַז אין דעם ענין פעלט אַ געוויסער תנאי, וכדומה.

# צווייטער קאַפּיטל.

**המשך פון פאָריקן קאַפּיטל. דערקלערונג פון פּילבאַדייטנדיקע אויסדריקן. די שפּראַך איז אין די הענט פון די טעאָלאָגן כחומר ביד היוצר. אַ תּירוץ אויף אַ קשיא ניט לויט רוסאָ. אַ וואָרענונג פאַר מעטאַפיזיקער-אָנפאַנגער: מ׳מוז אַפּריער זיך שווימען לערנען, איידער מ׳וואַגט צו לאָזן זיך אין ים הגדול.**

דער ערשטער טייל פון „מורה נבוכים" באַשעפטיקט זיך דער עיקר מיט שכלדיקן אויסטייטשן די פּילבאַדייטנדיקע (בשותּפותדיקע) אויסדריקן וועגן גאָט און זיינע מידות (אייגנשאַפטן, אַטריבוטן). „צלם" אין העברעיִש באַטייט ניט, ווי אַ סך האָבן געגלויבט, די אויסווייניקסטע קערפּערלעכע פיגור, נייערט די אינעווייניקסטע פאָרם אָדער דאָס וועזן (עצם) פון אַ זאַך, וואָס דורך אים איז זי דאָס, וואָס זי איז. דידאָזיקע אינעווייניקסטע פאָרם איז ביים מענטשן דער שכל, די מענטשלעכע השגה (זיין „דיפירענציאַ ספּעציפיקאַ", זיין ספּעציפישע געשטאַלט, מיט וואָס ער אונטערשיידט זיך פון אַלע אַנדערע בעלי-חיים), — און צוליב דעם גופא זאָגט זיך וועגן אים: בצלם אלהים ברא אותו״— ער איז באַשאַפן געוואָרן לויט דער געטלעכער פאָרם. פּונקט אַזוי באַטייט אויך דאָס וואָרט „דמות" (ענלעכקייט) ניט קיין

פולשטענדיקע ענלעכקייט (לויט געשטאַלט און אויסזען), נייערט בלויז אַ דמיון (אַ פאַרגעשטעלטע ענלעכקייט) אין עפּעס אַנ- דערש. און היות דער מענטש איז באַגאַבט בלויז מיט אַ אינ- טעלעקטועלער טעטיקייט, מיט אַ שכלדיקער השגה, וואָס איז ניט אָפּהענגיק פון דער קערפּערלעכער אָרגאַניזאַציע, דעריבער זאָגט זיך וועגן אים, אַז ער איז געשאַפן געוואָרן נאָך דער ענלעכקייט פון גאָט.

„אַ געלערנטער, — דערציילט דער רמב״ם, — האָט מיר געשטעלט פאָלגנדיקע פראַגע: לויטן פשוטן זין פונם סיפור התורה וועגן מעשה בראשית, — האָט ער געזאָגט, — ווייזט עס אויס, אַז תחילת איז דער מענטש באַשטימט געווען צו זיין, ווי אַלע אַנדערע בעלי־חיים, אָן שכל און געדאַנק און אָן אַ דעת צו אונטערשיידן צווישן גוטס און שלעכטס, און בלויז נאָכ- דעם, ווי ער האָט עובר געווען אויף גאָטס געבאָט אינם ענין עץ־הדעת, האָט ער דער- גרייכט די פולקומענהייט, אָט די שכלדיקע השגה וואָס אין אונז! און עס איז זייער משונהדיק, אַז גראָד די דערגרייכונג פון פולקומענהייט, דער שכל, זאָל זיין אַ שטראָף פאַר אַ פאַר- ברעכן? עס איז פונקט אַזוי, ווי עס דערציילט זיך אין אַ פאַבל פון די אומות־העולם, אַז אייגער אַ מענטש איז פאַר אַ גרויסן פאַרברעכן אַוועקגעזעצט געוואָרן צווישן די שטערן אויפן הימל!״

„אויף דער דאָזיקער פראַגע, — דערציילט ווייטער דער רמב״ם, — האָב איך אים געענטפערט:

„ניין, מיין פריינד! דער ענין איז ניט אַזוי, ווי דו שטעלסט זיך פאָר! דעם שכל, וואָס גאָט האָט געגעבן דעם מענטשן און וואָס איז דעם מענטשנס העכסטע פולקומענהייט, ד. ה. דעם כוח צו אונטערשיידן צווישן דעם אמת און דעם שקר, — אָט דעם שכל האָט דער מענטש במעשה געברויכט נאָך פאַר זיין פאַרברעכן בתכלית השלימות, און בלויז צוליב דעם האָט וועגן אים געקאָנט געזאָגט ווערן, אַז גאָט האָט מיט אים גע-

רעדט און אים באפוילן, וואָס עס איז אוממעגלעך ביי אַן אומפאַרנינפטיקער בהמה.

„די באַשטימונג פונם מענטשן איז געווען, ער זאָל מיט זיין שכל אליין דערגרייכן צו דער דערקענטעניש פון אַבּ־סאָלוטן גוטס און שלעכטס, ווי אויך צו דער דערקענטעניש פון אמת און שקר. דער שכל אַליין האָט געזאָלט זיין דאָס העכסטע געזעץ הן אין דער מאָראַל הן אין דער לאָגיק; אָנשטאָט דעם וואָס די דערקענטעניש פון רעלאַטיוון, קאָנ־דיציאָנעלן גוטס און שלעכטס, — וואָס זייער יסוד איז אינם חומר פונם געגנשטאַנד, — ליגט מחוץ לגבול פונם שכל און קען דעריבער ניט גערעכנט ווערן פאַר אַן אַבסאָלוטן פּרינ־ציפּ פון מאָראַל.

אָבער ווייל דער מענטש איז ניט בלויז אַ אינטעלעק־טועלער עצם, נייערט צוגלייך אויך אַ פיזישער, וואָס פירט אויס זיינע האַנדלונגען ניט בלויז דורכן אַבסאָלוטן שכל, בייערט אויך דורך זיינע גשמיותדיקע חושים, — האָט ער ניט געקאָנט פאַרבלייבן ביי דער דאָזיקער העכסטער שלימות, וואָס דורך איר איז ער געוואָרן אַ לגמרי אינ־טעלעקטועלער עצם, און איז דעריבער אַראָפּגעזעצט געוואָרן צו דער מדרגה פון אַן אומפאַרנינפטיקער בהמה. בכן קומען מיר צום אויספיר, אַז די דערקענטעניש פון גוטס און שלעכטס, וואָס ער האָט צו איר דערגרייכט דורכן חטא און וועגן וואָס עס דערציילט די הייליקע שריפט, שטאַמט פון אַ גאַנץ אַנדער מקור, איידער דער, וואָס פון אים קוועלט אַרויס די דערקענטעניש פון אמת און שקר; זי איז ניט די דערקענטעניש פונם אַבסאָלוטן אינטעלעקטועלן געזעץ, נייערט די דערקענטעניש פון די מאַטעריעלע מאָ־טיוון פון די מענטשלעכע מעשים. און אָט דאָס אָנווערן דעם אַבסאָלוטן שכל איז באמת געווען זייער אַ גרויסע אַבידה פאַרן מענטשן".

נאָכדעם דערקלערט דער רמב״ם ווייטער די פאַרשיי־דענע אויסדריקן וועגן גאָט: „תמונה" הייסט בכלל די פאָר־

שטעלונג פון א זאך; די פאָרשטעלונג קען זיין ענטוועדער גשמיותדיק, באַגריפן דורך די חושים (ווי „תמונת כל פֶסֶל" — די פאָרשטעלונג פון יעדן בילד), אָדער אינטעלעקטועל, באַגריפן מיטן שכל. אין דער דאָזיקער לעצטער באַדייטונג ווערט געזאָגט וועגן משהן: „ותמונת ה' יביט" — ער באַגריפט מיט זיין שכל אויספירלעך פולשטענדיק די עצמדיקייט פון גאָט. די צייטווערטער „רָאה" (זען), „הַבֵּט" (קוקן), ווען זיי ווערן געברויכט בנוגע גאָט (אַלץ איינס, צי עמעצער האָט געזען גאָט, אָדער גאָט האָט עמעצן אָדער עטוואָס געזען), באַטייטן—באַגרייפן מיטן שכל.

אין פינפטן פרק פון „מורה נבוכים" דערציילט דער רמב״ם, אַז בעת אַריסטאָטעלעס האָט אָנגעהויבן זיינע טיפזיניקע מעטאַפיזישע חקירות, האָט ער זיך פאַרענטפערט מיט דידאָזיקע ווערטער: „זאָל מען מיר דאָס ניט פאַררעכענען פאַר אַ העזה, וואָס איך האָב מיך דערוועגט צו דערגרונטעווען אין אַזוינע טיפע ענינים, וואָס איבער דער נאַטור און וואָס עס איז אוממעגלעך זיך אין זיי צו דערשלאָגן צו אַ גרונד; פאַרקערט, זאָל אָנערקענט ווערן מיין פלייס, וואָס איך שטרעב מיט אַלע כוחות צו דערפאָרשטן זיי, ווי ווייט עס דערלויבן דאָס די גרעניצן פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש". (די קריטישע פילאָסאָפיע[1])

[1]) קריטישע פילאָסאָפיע אָדער קריטיציזם — דער שטאַנדפונקט פון קריטיק, דאָס פאָרזיכטיקע באַטראַכטן דעם ענין פון אַלע זייטן און אַריינדרינגען אין אים ביז אין דער טיפסטער טיף מיטן פאָרשטנדיקן שכל. קריטיציזם הייסט באַזונדערס די פילאָסאָפיע פון קאַנט און זיינע תלמידים, וואָס פרווט אַפריער אויס קריטיש די מעגלעכקייט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, איר מקור, איר גילטיקייט, איר געזעצמעסיקייט און אירע גרעניצן, און ערשט נאָכדעם טרעט זי צו צום ווייטערדיקן פילאָסאָפירן. דער עיקר-געדאַנק פונם קריטיציזם איז, אַז דער מענטש דערקענט אַלץ נאָר אין דער ספערע פונם מענטשלעכן באַוואוסטזיין, אַז בכן אויך די גאַנצע פילאָסאָפיע, ווי איבערהויפט די גאַנצע וויסנשאַפט, קען זיך באַוועגן נאָר אינם קרייז פון מענטשלעכע געדאַנקען און מענטשלעכע פאָרשטעלונגען און ער, דער מענטש, איז

קאָן זיך איינגאַנצן באַפרייען פון אַזאַ אַפּאָלאָגיע (פאַרענטפערונג), ווייל זי באַשעפטיקט זיך ניט מיט אונטערזוכן די זאַכן אַלס אַזעלכע, ווי עס טוט דאָס די דאָגמאַטישע פילאָסאָפיע[1], נייערט בלויז מיט די פאָרמען פונם כוח פון דערקענטעניש און מיט די באַדינגונגען פון באַנוצן זיך מיט זיי, מיט דידאָזיקע פאָרמען, אין ענינים פון דערפאַרונג. די גרעניצן פון דידאָזיקע חקירות זיינען באַשטימט דורכן כוח גופא פון דער דערקענטעניש און מ'קאָן דעריבער נאָך אַן אַפריערדיקער קריטיק ניט אַריבערטרעטן דידאָזיקע גרעניצן).

פונקט אַזוי, — גיט דער רמב"ם צו, — דאַרפן מיר אויך זאָגן. אָן אַ געהעריקער צוגרייטונג טאָר זיך אַ מענטש ניט דערוועגן צוצוטרעטן צו דער דאָזיקער טיפער וויסנשאַפט; מ'מוז אַפריער גוט איינאיבן זיך אין דער לאָגיק, דערווערבן זיך אַלע נייטיקע פאָרקענטעגישן און אויסבעסערן די אייגענע מידות, און אַפילו יעמאָלט מוז מען נאָך אַלץ שטענדיק זיין באַשיידן אין אורטיילן. אין דעם זין זאָגט זיך וועגן משהן: „ויסתר משה פניו כי ירא מהביט אל האלהים" — משה האָט פאַרבאָרגן זיין געזיכט, ווייל ער האָט זיך געפאָרכטן אָנצוקוקן גאָט; און די חכמי התלמוד האָבן דערויף געזאָגט, אַז דווקא ווייל ער האָט זיך תחילת געפאָרכטן אָנצוקוקן גאָט, האָט ער זוכה געווען באַכדעם צו זען די פאָרשטעלונג פון דער גאָטהייט („תמונת ה'"), ד. ה. ווייל ער איז פריער ניט גע-

קיי־אָל און אונטער קיינע באַדינגונגען ניט ביכולת אַריבערצוטרעטן דעם דאָזיקן קרייז. דער איבערז.

[1]) דאָגמאַטישע פילאָסאָפיע אָדער דאָגמאַטיזם — פילאָסאָפישע ריכטונג אַלץ צו דערקלערן מיטן ריינעם שכל, אַרויסגייענדיק פון באַגריפן און לויט פרינציפּן, ניט שטעלנדיק די פראַגע וועגן די גרעניצן פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש, ניט אויספאָרשנדיק אַפריער די דערקענטעניש-מעגלעכקייטן און פעיקייטן פונם מענטשן. דער דאָגמאַטיזם איז דער היפוך פונם קריטיציזם. פאָרשטייער פונם דאָגמאַטיזם זיינען שפּינאָזאַ, לייבניץ, וואָלף און אַנד. דער איבערז.

ווען איבעראײַלט אין זײַן אורטײל װעגן גאָט, איז זײַן אורטײל נאָכדעם געװען ריכטיק.

די יונגע משכילים, די „אצילי בני ישראל", זײַנען איבעראײַלט געװען און האָבן לײַכטזיניק גענומען חקירהן װעגן גאָט, — האָבן זײ דעריבער דערגרײכט בלױז זײער אַ ניט פולקומע השגה. דעריבער װערט װעגן זײ געזאָגט: „ויראו את אלהי ישראל ותחת רגליו כמעשה לבנת הספיר" — זײ האָבן געזען גאָט, און אונטער זײַנע פיס איז געװען אַ מין ספיר־שטײן א. אַז. װ. דערפון איז גענוג קלאָר, אַז זײער דערקענטעניש װעגן גאָט איז געװען ניט ריין אינטעלעקטועל, נײַערט גרעסטנטײלס אַ גשמיותדיקע השגה.

נאָכדעם גײען נאָך אַ סך אױסדריקן, װאָס אונזער מחבר דערקלערט זײ אױף זײַן שטײגער.

אין דריטן פרק פון „מורה נבוכים" װײַזט אָן דער מחבר, אַז אין דער מעטאַפיזיק זײַנען דאָ אַ סך חלוקי־דעות, אין נאַטורװיסנשאַפט שױן װײניקער, די מאַטעמאַטיק אָבער װײס ניט פון קײן שום חלוקי־דעות. די סיבה דערפון איז, װאָס די מאַטעמאַטיק קען דערװײַזן אירע הנחות מיט די שטרענגסטע װיזועלע ראיות און דערלאָזט ניט קײן שום פאָראורטײלן, װאָס קומען פון געװאױנהײטן, פון פערזענלעכע פניות און לײַדנשאַפטלעכע נטיות אױסצופירן אַ נצחון, בעת אין מעטאַפיזיק און נאַטורװיסנשאַפט איז אין דעם אַלץ דער היפוך.

אין װײטערדיקן פרק זאָגט ער: פונקט װי מיט אונזערע גשמיותדיקע השגות, גײט עס אונז אױך מיט אונזער העכערן כוח פון דערקענטעניש, מיט דער אינטעלעקטועלער השגה, װאָס איז אױך פאַרקניפּט מיטן חומר. אױב מ׳זאָל, למשל, אָנשטרענגען די ראיה צו קוקן אױף אַ זאַך, װאָס געפינט זיך אױף אַ גרעסערן מרחק, אָדער דײַטלעכער צו זען אַ צו קלײנע זאַך, — דאַן װעט מען ניט נאָר ניט דערגרײכן דעם דאָזיקן ציל, נײַערט דורך דער צו גרױסער אָנשטרענגונג װעט די ראיה נאָך שװאַכער װערן, און

אין רעזולטאַט וועט מען אַפילו ניט קאָנען זען דאָס, וואָס מ׳האָט גוט געקאָנט זען פאַר דער אָנשטרענגונג.

פונקט דאָס זעלביקע איז אויך מיטן דענקען. — ווערסטו זיך אָנשטרענגען צו באַגרייפן דאָס, וואָס איז העכער פונם כוח פון דיין השגה, אָדער ווערסט זוכן אָפּצולייקענען גראָד די זאַכן, וואָס עס זיינען ניטאָ קיין שטרענגע ראיות וועגן זייער אוממעג-לעכקייט, — דאַן ווערסטו דורך אַזאַ מין דענקען ניט נאָר ניט ווערן פולקומער, נייערט ווערסט נאָך אַפילו אויף מער און מער אַראָפּנידערן אין דיין שלימות, און דאָס וועט אַפילו האָבן אַ שלעכטע השפּעה אויף דיינע מידות, וואָס וועלן קאַליע ווערן. איך וויל אָבער דערמיט בשום אופן ניט שטעלן קיין מוטווילִיקע גרענעצן דעם דענקען, ווי דאָס טוען שוטים און פוילע לייט, וואָס ווילן אַרויסשטעלן זייער אומוויסנקייט און נאַרישקייט פאַר שלימות, די וויסנשאַפט אָבער און די פולקומענהייט פון אַנדערע, פאַרקערט, — פאַר חסרונות און כפירה. איך וויל דערמיט בלויז אויפמערקזאַם מאַכן אויף די נאַטירלעכע גרעניצן פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

אין 34סטן קאַפּיטל גיט דער רמב״ם אָן פינף מאָטיוון, פאַרוואָס מ׳דאַרף ניט אָנהייבן דעם שטודיום פון וויסנשאַפטן מיט דער מעטאַפיזיק און ניט אויפמערקזאַם מאַכן דעם נאָך ניט צו-געגרייטן און אומאַנטוויקלטן מענטשן אויף אַלע מערקווירדיקע ערטער אין דערדאָזיקער וויסנשאַפט:

קודם-כל — די שווערקייט, דינקייט און עמקות פונם ענין גופא. בכדי צו באַנעמען דידאָזיקע וויסנשאַפט, מוז דער תלמיד בנייצן אַן אומגעווייטלעכע מדרגה פון שאַרפזין און דורכדרינגענדיקן פאַרשטאַנד. קוהלת האָט שוין באַמערקט: „רחוק מה שהיה ועמוק עמוק מי ימצאנו״ — דערווייטערט איז דאָס, וואָס עס איז געווען (די וועלט און איר אויפקום), און גאָר צו טיף, — ווער קען עס אויסגעפינען? און איוב פרעגט: „והחכמה מאין אמצא?״ — די חכמה! וואו זאָל זי געפונען ווערן? — די התחלה פון יעדן לימוד מוז דעריבער שטענדיק זיין אַ לייכטע. די הכמה (וויסנשאַפט) ווערט אין תנ״ך אָפט

פאַרגליכן צו וואַסער, און די חכמי־התּלמוד טייטשן דאָס צווישן אַנדערן אויס אויף פאָלגנדיקן אופן: ווער עס קען שווימען, פישט־אויס פּערל פונם גרונד פון ים; ווער עס קען עס אָבער ניט — ווערט דערטרונקען, — און פּונקט אַזוי פּאַסירט עס אויך מיט דער שטרעבונג צו חכמה.

צווייטנס, די שוואַכקייט פונם כּוח פון דערקענטעניש. דער מענטש קאָן ניט גלייך אין אָנהייב דערגרייכן צו זיין העכסטער פולקומענהייט, — דידאָזיקע שלימות איז ביי אים בלויז אינם כּוח, אין דער פּאָטענץ. דער מענטש ווערט ווי אַ ווילדער אייזל געבאָרן („ועיר פרא אדם יולד", — איוב יא, יב). עס איז אויך ניט נויטווענדיק, דידאָזיקע פולקו־מענהייט זאָל אַרויסגיין מן הכּוח אל הפּועל, דען פאַרשיידענע מניעות און ווייניק לערנען קענען זיך אים שטעלן אין וועג און ניט דערלאָזן אַרויסברענגען די שלימות פון פּאָ־טענץ אין דער ווירקלעכקייט. דערויף זאָגט אליהוא בן ברכאל צו איובן: „לא רבים יחכּמו". — ניט פיל קאָנען ווערן חכמים (געלערנטע און פולקומע). אויך זאָגן די חכמי־התּלמוד: „זייער ווייניק זיינען דאָ, וואָס שטייגן צו דער הייך פון פולקומענהייט" (ראיתי בני עליה והם מועטים).

דריטנס, די סך הכּנות. דער מענש בטבע איילט זיך צו די רעזולטאַטן פון זיין וויסן, צום תּכלית; די הקדמות אָבער און די הכּנות, וואָס זיינען אַ מיטל צום תּכלית, לייגן זיך, פאַרקערט, אויף אים ווי אַ לאַסט און ער פאַרנאַכלעסיקט זיי סוף־כּל־סוף. אין דער אמתן! אויב דער מענטש וואָלט געקאָנט דערגרייכן צו עפּעס אַ תּכלית אָן שום הכּנות, דאַן וואָלטן גאָר קיין שום הכּנות, קיין שום לימודים ניט געווען.

נעם אַפילו דעם גרעסטן פון די שוטים און וועק אים אויף פון מיטן שלאָף און פרעג אים: צי ער וויל וויסן, ווי גרויס איז די צאָל פון די הימלישע קערפּערס, ווי זיי זיינען אינע־ווייניק איינגעאָרדנט און וואָס אין זיי געפינט זיך? אויב ער וויל וויסן; וואָס זיינען עס די מלאָכים? ווי איז די וועלט אַנטשטאַנען און וואָס איז דער פירנדיקער תּכלית פון איר

באַמערקטער אָרדענונג? וואָס איז די נשמה? אויף וועלכן אופן איז זי פאַרקניפּט געוואָרן מיטן גוף? און צי וועט זי שיידן זיך מיט אים, און ווי וועט זי זיך שיידן? — אויף אָט די אַלע פראַגן וועט ער דיר אָן ספק ענטפערן: „געוויס וויל איך דאָס אַלץ וויסן!" און ער וועט ווירקלעך אַרויסווייזן אַ נאַטירלעכן חשק צו וויסן דאָס אַלץ, אָבער נאָר אונטער דעם באַדינג, דו זאָלסט אים אַלץ איבערגעבן גאַנץ קורץ, מיט אַ פּאָר ווערטער.

זאָג אים אָבער, אַז בכדי צו דערגרייכן דידאָזיקע וויכטיקע ידיעות, דאַרף ער בלויז אויף אַכט טעג איבעררייסן זיינע עסקים, — דאַן וועט ער דערצו געוויס ניט מסכים זיין און ער וועט האָבן אַ סך איינצווענדן קעגן דידאָזיקע גרויסע הכנות און לאַנגע חקירות.

דו ווייסט דאָך אָבער, אַז דידאָזיקע אַלע ענינים זיינען פאַרקניפּט מיטאַנאַנדער. במציאות זיינען ניטאָ קיין שום אַנדערע אָביעקטן אויסער גאָט און זיינע ווערק, ד. ה. געגנשטאַנדן, וואָס זאָלן עקסיסטירן אויסער אים. גאָט קען דערקענט ווערן נאָר דורך זיינע ווערק, וואָס ווייזן אונז אויף זיין עקסיסטענץ איבערהויפּט, ווי אויך אויף דאָס, וואָס מוז ביי אים ווערן באַיאָט (די פּאָזיטיווע אַטריבוטן, מידות, וואָס זיינען ביי אים יאָ פאַראַן), און אויף דאָס, וואָס מוז ביי אים ווערן פאַרניינט (אַנטראָפּאָמאָרפיסטישע אָדער בכלל גשמיותדיקע אַטריבוטן, וואָס מוזן ביי אים פאַרנייגט ווערן). מיר מוזן בכן אויסשפּרייטן אונזער וויסנשאַפטלעכע און פילאָסאָפישע חקירה אויף אַלע עקסיסטירנדיקע אָביעקטן, בכדי מיר זאָלן דערמיט פון איטלעכן מין זייערן קענען באַקומען אמתדיקע פּרעמיסן (הנחות), וואָס זאָלן אונז העלפן משיג צו זיין די מעטאַפיזישע אמתן.

די אייגנשאַפטן פון די צאָלן און די אַלגעבראַישע פאָרמולעס קאָנען אונז געבן אַ סך פּרעמיסן פון דעם מין. פון דידאָזיקע הנחות קענען מיר אָפּלערנען, וואָס מיר

מוזן פאַרניינען ביי גאָט, אויב מיר ווילן באַקומען וועגן אים אַ ריכטיקן באַגריף[1].

וואָס איז שייך אַסטראָנאָמיע און נאַטורוויסנשאַפט, וועסטו געוויס ניט צווייפלען, אַז זיי זיינען אונז זייער נויטווענדיק צו באַקומען אַ ריכטיקן באַגריף וועגן דער פאַרהעלטעניש פון דער וועלט צו דער געטלעכער חכמה און הנהגה.

עס זיינען נאָך פאַרהאַן אַנדערע פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען[2], וואָס קענען, אמת, ניט געבן קיין דירעקטע פּרעמיסן צו דער מעטאַפיזיק, אָבער זיי איבן אומדירעקט דעם שכל אין דער קונסט צו דערווייזן אמתן און אינם מעטאָדישן אופן פון דענקען, און דורך דעם איז מען ביכולת אויפצודעקן די טעותן פון דעם גרעסטן רוב דענקער, די טעותן, וואָס קומען דורך דעם, וואָס מען פאַרבייט דאָס נויטווענ־

[1]) פאַרטרעפלעך! די טבע פון די איראַציאָנעלע צאָלן, למשל, ווייזט אונז, אַז עס איז מעגלעך, מיר זאָלן ניט האָבן קיין שום באַגריף פון אַ זאַך, וואָס איז אַ עצם פאַר זיך, און דאָך זאָלן מיר קענען באַשטימען די פאַרהעלטעניש פון דער דאָזיקער זאַך צו אַנדערע זאַכן. פונקט אַזוי האָבן מיר ניט קיין מושג פון דער עצמדיקייט פון גאָט, און דענאָך קענען מיר באַשטימען זיין פאַרהעלטעניש צו אונז, וואָס עס איז דער יסוד פון מאָראַל. די אַלגעבראַישע פאָרמולעס פירן אונז צום באַגריף פון אין־סוף (אומענדלעכקייט, גאָט וכדומה, — און דער דאָזיקער באַגריף איז אין דער מעטאַפיזיק פון דער גרעסטער וויכטיקייט. הערה פונם מחבר.

[2]) פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען — לויט דער פילאָסאָפישער טערמינאָלאָגיע: ספּעקולאַציאָנען, ד. ה. פּרווון ריין געדאַנקלעך צו דערגרייכן צו אַ וואָסער־ס׳איז דערקענטעניש. לויט קאַנטס דעפיניציע, איז אַ טעאָרעטישע דערקענטעניש ספּעקולאַטיוו, ווען זי איז נוגע אַזאַ געגנשטאַנד אָדער אַזעלכע באַגריפן פון אַ געגנשטאַנד, וואָס מ׳קען ניט דערגרייכן דורך קיין שום דערפאַרונג, נייערט מיטן ריינעם שכל. די ספּעקולאַטיווע דערקענטעניש איז דער היפוך פון דעם עמפּיריזם אָדער פון דער נאַטורדערקענטעניש, וואָס איר יסוד איז בלויז דערפאַרונג.
דער איבערז.

דיקע מיט דאָס צופעליקע, דאָס ריין פאָרמעלע אָדער אַלגעמיינגילטיקע[1] מיט דאָס מאַטעריעלע[2], און וואָס ברענגען צו פאַלשע מיינונגען. און איז דען די עצם דערקענטעניש פון דעם אמת ניט קיין פולקומענהייט פאַר זיך אַליין, אויב זי, די דערקענטעניש, זאָל אַפילו ניט ברענגען קיין שום אַנדער נוצן?

דעריעניקער בכן, וואָס שטרעבט צו פולקומענהייט, מוז ראשית חכמה לערנען די געזונטע לאָגיק, נאָכדעם מאַטעמאַטיק, נאָך איר נאַטורוויסנשאַפט און דאַן ערשט מעטאַפיזיק. וויפיל מענטשן קענען אָבער לויט זייערע פעיִקייטן פאַרענדיקן דעם שטודיום אַפילו פון אייניקע פון דידאָזיקע וויסנשאַפטן? און ווען זייער שכל זאָל אַפילו יאָ קאָנען גובר זיין די דאָזיקע וויסנשאַפטן, קומט ביי אַ סך אָפט דער טויט און ברעכט זיי אונטער אין מיטן שטודיום. על כן, אויב מיר וואָלטן ניט באַקומען אַ סך מיינונגען דורך טראַדיציע און ווען מ'וואָלט אונז ניט דערקלערט דעם אמת מיט דער הילף פון פאַבלען און אַלעגאָריעס בהסכם מיט אונזער כוח הדמיון; ווען מיר וואָלטן דערצו נאָך געוועלט באַקומען וועגן יעדער זאַך אַ פולשטענדיקע השגה אין אַלע פרטים און מיר וואָלטן געפאָדערט די שטרענגסטע ראיות, וואָס קענען מעגלעך ווערן ערשט נאָך אַ סך לאַנגע צוגרייטונגען,—דאַן וואָלטן ס'רוב מענטשן אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט ניט וויסנדיק, צי עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט אָדער ניט. דעריבער דאַרפן מיר מיטן רוב מענטשן דערינען ניט אַזוי שטרענג מדקדק זיין. פון די יחידים אָבער, וואָס גאָט האָט זיי באַרופן צו דער דאָזיקער פולקומענהייט, פאָדערן מיר מיט פולע רעכט צו מאַכן דערצו אַלע נייטיקע הכנות, ווייל בלויז יעמאָלט איז מעגלעך צו דערגרייכן די שלימות.

---

[1]) דאָס אַבסאָלוטע, פּרינציפּיעלע. דער איבערז.

[2]) דאָס ניט אַבסאָלוטע, וואָס איז אונטערגעוואָרפן באַדינגונגען. דער איבערז.

פערטנס,—די נאַטירלעכע הכנות (דער טעמפּע־ראַמענט, דער כאַראַקטער פונם מענטשן). ס'איז פעסטגעשטעלט, אַז דער כוח פון דערקענטעניש איז זייער אָפּהענגיק פונם מענטש־לעכן כאַראַקטער. עס זיינען פאַרהאַן מענטשן מיט זייער אַ הי־ציקן טעמפּעראַמענט, וואָס ווערן גיך אין כעס; אַזוינע מענטשן קאָנען ניט לערנען קיין וויסנשאַפטן, ווייל דער שטודיום פאָדערט אַבסאָלוטע רויִקייט און געדולד. אַנדערע האָבן אַ פריילעכן כאַ־ראַקטער, זיינען נוטה צו לייכטזיניקייט און זיינען דעריבער ניט פעיִק צו קיין שום רויִקער איבערלייגונג, צו קיין שום גרינדלעכן דענקען. דידאַקטיק לייט זיינען ניט באַשאַפן פאַר דער מעטאַפי־זיק, דען דידאַקטיקע וויסנשאַפט איז ניט ווי די מעדיצין און די מאַטעמאַטיק, וואָס אויף זיי האָבן די מידות פונם מענטשן קיין שום השפעה ניט. די מעטאַפיזיק קען משיג זיין בלויז אַ מענטש מיט אַ מאָראַליש דערצויגענעם כאַראַקטער, וואָס וועגן דעם ווערט געזאָגט: „כי תועבת ה׳ נָלוֹז ואת ישרים סודו" — דען פאַראומווערדיקט ביי גאָט איז דער פאַרקרימטער און צו די רעכטפאַרטיקע אַנטפּלעקט ער זיין געהיימעניש (משלי ג, לב).

פינפטנס, — איבערמידונג פון עסקים, באַזונ־דערס ווען מ'דאַרף זאָרגן פאַר ווייב און קינדער, און נאָכמער, ווען מ'ווערט באַלעסטיקט פון אַ לעבן אין לוקסוס. מחמת דעם איז דער גרעסטער רוב מענטשן ניט ביכולת צו באַשעפ־טיקן זיך מיט פילאָסאָפישע פאָרשונגען, און בלויז ווייניקע זיינען מסוגל צו דערגרייכן אַ גרינדלעכע דערקענטעניש. בכן איז די מעטאַפיזיק געגעבן נאָר פאַר יחידי סגולה און ניט פאַרן ברייטן עולם.

אינם ווייטערדיקן פרק (ל"ה) זאָגט בן־מיימון, אַז אַלץ, וואָס ער האָט ביז אַהער געשריבן וועגן די שוועריקייטן פון דער מעטאַפיזיק און פון דער נאַטירלעכער טעאָלאָגיע, וואָס באַזירט אויף איר, און וועגן דער נייטיקייט אָפּצוהאַלטן דערפון דעם פּשוטן מענטשן, — האָט באַין אופן קיין שייכות ניט צום ריי־נעם גלויבן אין דער אומקערפּערלעכקייט פון גאָט און אין דעם, אַז גאָט איז פריי פון אַלע ליידנ־

שאפטן. אדרבא, אזוי ווי מען מוז לערנען דעם פשוטן מענטשן און די קינדער דעם ערשטן עיקר פון דער אמונה, אז עס איז דא נאר איין איינציקער גאט, פונקט אזוי מוז מען אויך זען, זיי זאלן באגרייפן, אז דער דאזיקער גאט איז ניט קיין גוף און אז צווישן אים און זיינע בּרואים קען ניט זיין קיין שום דמיון. אויך דארף מען זיי לערנען, אז די עקסיסטענץ פון גאט (מציאות הבורא), זיין לעבן, זיין חכמה און אנדערע אטריבוטן אונטערשיידן זיך לגמרי פון אונזערע אייגנשאפטן, ניט ביט בלויז לויט זייער מדרגה, נייערט אויך לויט זייער ארט, אזוי אז צווישן זיי (צווישן די אייגנשאפטן) איז ניטא קיין שום פארהעלטעניש. נאר די אויספירלעכע, בפרטיותדיקע אנטוויקלונג פון דידאזיקע לערן און זייער דערקלערונג איז א ענין פאר די יחידי סגולה.

אין פרק ל"ו דערווייזט דער רמב"ם אויפן יסוד פון א מאסע פסוקים פון תנ"ך, אז אין די כתבי הקודש איז ניטא וועגן גאט דער לשון פון כעס און נקמה מערניט ווי ווען עס ווערט גערעדט בשייכות צו דער עבודה זרה, און אזוי ווערט אויך קיין אנדערער ניט אנגערופן פיינד פון גאט ווי בלויז א געצנדינער. דער טעם דערפון איז, ווייל די עבודה זרה אנטהאלט א פאלשע סיסטעם כלפי דעם וויכטיקסטן עצם פון אונזער דערקענטעניש, כלפי דעם איינאייניציקן אומקערפערלעכן גאט. בכן איז דער, וואס איז מייחס גאט עטוואס קערפערלעכס, א פיינד פון גאט. דעריבער מוז יעדער מענטש זיך באמיען צו דערגרייכן א ריינע דערקענטעניש, צו באגרייפן די גאטהייט מיט דער ריינסטער השגה, און אויב ער איז ניט בכוח צו דערלאנגען מיטן אייגענעם שכל, דארף ער עס אננעמען באמונה שלמה פון די באגלויבטע חכמים.

---

# דריטער קאַפּיטל.

## המשך פון פאָריקן קאַפּיטל. די פאַרניינונג פון די פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן פון גאָט.

דער פופציקסטער פּרק איז אַ קורצער אַריינפיר פונם רמב״ם צו זיין לערע וועגן דער פאַרניינונג פון די פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן פון גאָט. „דער גלויבן, זאָגט ער, באַשטייט ניט אין דעם, וואָס מען זאָגט אַרויס מיטן מויל, נייערט אין דעם, וואָס מען שטעלט זיך וועגן דעם פאָר, דהיינו ווען מען גלויבט, אַז דער געגנשטאַנד איז פונקט אַזוי, ווי מען שטעלט זיך אים פאָר".

„ווילסטו זיך באַנוגענען בלויז דערמיט, וואָס דו וועסט געוויסע אמתן אַרויסריידן מיט די ליפּן, זיך ניט פאָרשטעלנדיק זיי גוט אין דמיון און ניט משיג זייענדיק זיי מיטן קלאָרן שכל, — דאַן איז דאָס זייער אַ לייכטע זאַך. דערצו קאָן קומען אויך דער גרעסטער שוטה. ווילסטו אָבער דערלאַנגען צו אַ העכערער מדרגה פון ספּעקולאַטיווער דערקענטעניש און איבערצייגט זיין, אַז גאָט איז די וואָרע ריינסטע איינציקייט אָן שום צוזאַמענזעצונג, — דאַן מוזסטו וויסן, אַז גאָט קען ניט האָבן קיין שום עצמדיקע אַטריבוטן (אייגנשאַפטן, וואָס עס קענען האָבן די כל המינים פאַרשיידנאַרטיקסטע עצמס). ווער עס גלויבט אָבער, אַז גאָט איז אַ איינציקייט מיט אַ סך אַטריבוטן, דער זאָגט בלויז מיטן מויל, אַז גאָט איז איינאייינציקער, אין דער מחשבה אָבער

שטעלט ער זיך אים פאָר, אַז ער איז אַ פילקייט, אַ רבים. אומגעפער ווי די קריסטן זאָגן וועגן אים: ער איז איינער און דריי צוגלייך, ווי אונז וואָלט געגאַנגען בלויז דעריין, ווי מיר זאָלן עטוואָס אויסדריקן, און ניט פיל מער, ווי מיר זאָלן זיך עס פאָרשטעלן. היט דיך צו געהערן צו די, וואָס וועגן זיי איז געזאָגט געוואָרן: „נאָענט ביסטו זייער מויל, אָבער ווייט פון זייערע געדאַנקען” (קרוב אתה בפיהם ורחוק מכליותיהם, — ירמיה יב, ב); בייערט שטרעב צו ווערן גלייך צו די, וואָס וועגן זיי ווערט געזאָגט: „דענקט אין זיך אויף אייער געלעגער, און שווייגט” (אמרו בלבבכם על משכבכם ודומו סלה, — תהלים ד, ה).

עס זיינען פאַרהאַן זאַכן, וואָס זיינען אַזוי באַשיינפערלעך קלאָר, אַז יעדערער קען גלייך דערקענען זייער וואָרהאַפטיקייט אָן שום חקירות ודרישות און אָן א שום נייטיקייט אין וועלכעס'איז ראיות; דהיינו: די ערשטע אקסיאָמעס און די זאַכן, וואָס ווערן געשפירט דירעקט דורך די חושים, אָדער זאַכן ענלעכע צו דעם. באַווייזן זיך אָבער פאַלשע מיינונגען וועגן די־דאָזיקע באַשיינפערלעך־קלאָרע אמתן, דאַן האַלטן די לערער פון די וויסנשאַפטן פאַר אַ חוב צו באַפעסטיקן זיי מיט ראיות ברורות. אַזוי דערווייזט, למשל, אַריסטאָטעלעס — די עקסיסטענץ פון באַוועגונג, ווייל אייניקע פילאָסאָפן האָבן געהאַט זי אָפּגעלייקנט. אַזוי דערווייזט ער אויך די אוממעגלעכקייט פון די אַטאָמען[1], ווייל אייניקע פילאָסאָפן[2] האָבן באַהויפּט זייער עקסיסטענץ.

פונקט אַזוי איז עס אויך מיט דער מיינונג וועגן דער פאַרביינונג פון די עצמדיקע אַטריבוטן פון גאָט, דען עס איז אַן

---

[1] אַטאָם — דאָס „קלענסטע” טיילכעלע, וואָס ווערט שוין ניט געטיילט. אין דער נייסטער צייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַריסטאָטעלעס איז געווען גערעכט: מ'האָט געפונען, אַז אויך דער אַטאָם טיילט זיך — אויף עלעקטראָנען, קאָרפּוסקעלן. דער איבערז.

[2] לייקיפּ, דעמאָקריט און עפּיקור. דער איבערז.

אַקסיאָמע, אַז אַן אַטריבוט איז עטוואָס .אויסער דעם דעפּינירטן עצם, בלויז עפּעס צוגעגעבן צום עצם, און אין בכן ניט קיין נויטוועגדיקייט, נאָר אַ מקרה־זאַך. אַנטהאַלט זיך אָבער דער אַטריבוט אין עצם גופא, ד. ה. דער אַטריבוט גופא איז עס דער דעפּינירטער עצם, דאַן איז דאָך דער אויסדרוק מער ניט ווי אַ כפל לשון, ווי מ'זאָגט, למשל: דער מענטש איז אַ מענטש; אָדער ווי אַ פּירוש אויפן וואָרט, למשל: דער מענטש איז אַ לעבעדיקער און פאַרנינפטיקער עצם. אַזאַ מין אַטריבוט (ווי אַ פּירוש אויפן נאָמען) וואָלט מען געקאָנט צוגעבן אויך גאָט, אויב עס וואָלט מעגלעך געווען צו דערקלערן דעם באַגריף פון גאָט, אָבער ווייל דער דאָזיקער באַגריף איז אומדערקלערבאַר, קען מען אים ניט צוגעבן קיין אַטריבוט אויך ווי אַ פּירוש. אויב דער אַטריבוט איז אָבער פונם ערשטן מין (ד. ה. ער איז אויסער דעם דעפּינירטן עצם), קאָן ער ניט ווערן אָנגעווענדט צו גאָט, ווייל דער אַטריבוט, וואָס איז אַ צופעליקע מאָדיפיקאַציע, איז צווידער דער וואָרער נויטוועגדיקער תכלית השלימות פון גאָט און דעם עצם באַגריף פון אַבסאָלוטער אַחדות הבורא, וואָס אין אים איז ניטאָ קיין שום צוזאַמענגעזעצטקייט און קיין שום פילקייט.

אייניקע דענקער האָבן געוואָלט אָפּשאַפן דידאָזיקע שוועריקייט און מאַכן אַ פשרה צווישן די באַגריפן עצם און אַטריבוט, זאָגנדיק, אַז די אַטריבוטן פון גאָט זיינען ניט זיין וועזן און שטייען אויך ניט אויסער זיין וועזן. דאָס איז אָבער פונקט אַזוי, ווי מ'וואָלט זאָגן: „די אַלגעמיינע באַגריפן (פון מינים און גאַטונגען) עקסיסטירן ניט און פעלן ניט”; אָדער: „דער אַטאָם איז ניט בנמצא אין קיין שום אָרט, פילט פונדעסטוועגן אויס דעם חלל פונם וועלטאַל”; אָדער: „דער מענטש האָט ניט קיין שום האַנדלונג[1]), ער האָט אָבער די פרייע „בחירה” צו צו טאָן וואָס ער וויל”. אַזאַ מין באַהויפּטונגען באַשטייען בלויז

---

1) ד. ה. זיינע מעשים זיינען פאַטאַל, ער מוז זיי טאָן לויטן געזעץ פון דער נויטוועגדיקייט. דער איבערז.

אין ווערטער, אָבער ניט אין דער פאָרשטעלונג פון דמיון, און אַ סך ווייניקער האָבן זיי אַ ממשות מחוץ לגבול פון דמיון און פון שכל. ס'איז בלויז אַן אומזיסטע טירחה אויסצוגעפינען אַ פשרה צווישן צוויי היפוכים, וואָס עס איז צווישן זיי כלל קיין שום מיטל נישטאָ.

דער פרק נ"ב פון „מורה נבוכים" באַהאַנדלט פינפערליי מינים אַטריבוטן:

1) ווען די דערקלערונג (דעפיניציע) ווערט געגעבן דעם דערקלערטן (דעפינירטן) עצם בתור אַטריבוט, אָדער ווען עס ווערט דעפינירט אַ זאַך, ווען מ'זאָגט, למשל: „דער מענטש איז אַ פאַרנינפטיקער בעל־חי". אַזוי ווי יעדע דעפיניציע באַשטייט פון דעם מין און פון דער פינקטלעך באַשטימטער גאַטונג, בכן מוז זי לכתחילה אַנטהאַלטן דעם באַגריף פון דער פינקטלעך־באַשטימטער גאַטונג, ווי עטוואָס אַזוינס, וואָס איז מעגלעך פאַר זיך אַליין און פון וואָס עס הענגט אָפּ די מעגלעכקייט פון דער דערקלערטער זאַך. אַזאַ דעפיניציע קאָן בשום אופן ניט אָנגעווענדט ווערן צו גאָט, דען גאָט איז דער אַבסאָלוטער מעגלעכער עצם און פון אים הענגט אָפּ די מעגלעכקייט פון אַלע איבעריקע עצמס; עס זיינען ניטאָ קיין שום אַפריערדיקע סיבות, וואָס זאָלן זיין די סיבות פון זיין עקסיסטענץ און וואָס ער זאָל דורך זיי באַשרענקט און דעפינירט ווערן. קיין שום אַטריבוטן פון דעם מין קענען צו גאָט ניט צוגעלייגט ווערן, דען גאָט ווערט בכלל ניט דעפינירט.

2) ווען אַ וועזן ווערט דעפינירט מיט אַ טייל פון זיין וועזן גופא, און דאָס איז שוין זיין אַטריבוט, — למשל: „דער מענטש איז אַ פאַרנינפטיק וועזן", אָדער: „דער מענטש איז אַ בעל־חי". אַזאַ מין אַטריבוט קאָן צוגעגעבן ווערן נאָר צו אַ צוזאַמענגעזעצטן וועזן, אָבער ניט צו גאָט, וואָס זיין איינציקייט איז אַבסאָלוט.

3) ווען דעם וועזן ווערט געגעבן אַ אֵיכותדיקער אַטריבוט, וואָס געפינט זיך מחוץ לגבול פון זיין עצמדיקייט און איז בכן אַ מקרה־זאַך, ווי למשל: אַ חכם, אַ באַרימהאַרציקער.

אויך אַזאַ מין אַטריבוט פּאַסט זיך ניט פאַר גאָט, וואָס איז אַן אַבסאָלוטער, גויטוועגדיק-עקסיסטירנדיקער און אויף אים איז ניט חל קיין שום צופעליקייט.

4) אויך קאָן מען ניט אָנווענדן צו גאָט אַלס אַטריבוט אַ באַציונג אָדער אַ פאַרהעלטעניש צו אַן אַנדער עצם. די פאַרהעלטעניש צו צייט און צו אָרט איז ניט אָנווענד-באַר צו גאָט, דען גאָט איז בלויז אַ אינטעלעקטועלער עצם און עס איז ניטאָ קיין פאַרהעלטעניש צווישן אים און צווישן צייט און רוים. זיין פאַרהעלטעניש צו דער וועלט איז אויך ניט קיין אמתע פאַרהעלטעניש, דען אַ פאַרהעלטעניש קאָן מעגלעך זיין נאָר צווישן זאַכן פון גלייכער אַרט, וואָס זיינען פאַר-שיידן בלויז דורך דער דאָזיקער פאַרהעלטעניש; צווישן אים אָבער און זיינע ברואים איז קיין שום גלייכקייט ניטאָ. אַזוי, למשל, זיינען דער האַר און דער קנעכטביידע מענטשן, ביידע, הייסט עס, פון איין מין, און בעת עס ווערן ניט גע-נומען אין זינען קיין שום אַנדערע בלויז אינדיווידועלע אונטער-שיידן, איז דער אונטערשייד צווישן זיי נאָר אין דער דאָזיקער פאַרהעלטעניש פון האַרשאַפטלעכקייט און קנעכטיש-קייט. אַזאַ פאַרהעלטעניש אָבער צווישן גאָט און וועלט איז כּלל ניט מעגלעך, דען זיין עצם מציאות איז ניט פון איינערליי מין מיט דער מציאות פון דער וועלט: די עקסיסטענץ איז ביי גאָט אַן אַבסאָלוטער הֶכרח, בעת ביי אַלע אַנדערע עצמס איז זי בלויז צופעליק אָדער מעגלעך.

5) ווען די ווירקונג, די פּעולה, פונם עצם ווערט אָנגעגעבן ווי זיין אַטריבוט (סאָלאָן איז דער שעפער פון די באַ-רימטע געזעצן, וואָס רופן זיך אויף זיין נאָמען — „סאָלאָנס גע-זעצן"; דוד איז דער אויסבויער פון אַ שטאָט אויפן באַרג ציון, וואָס רופט זיך אויף זיין נאָמען, — „עיר דוד"). אַזאַ מין אַטרי-בוטן, וואָס דעפינירן ניט, באַשרענקען ניט דעם מהות פונם עצם, קענען מיט רעכט יאָ צוגעגעבן ווערן גאָט.

מ'קען אָבער דערויף פרעגן אַ קשיא: ווי איז דאָס מעג-לעך, אַז גאָט, וואָס איז אַן אַבסאָלוטע איינציקייט, אָן אַ שום

צוזאַמענזעצונג, זאָל טאָן פאַרשיידנאַרטיקע מעשים? דערויף ענטפערט דער רמב״ם מיט אַ דערקלערונג אינם קאַפּיטל נ״ג, אַז פאַרשיידנאַרטיקע ווירקונגען זיינען גאָר ניט מחייב, עס זאָל אויך זיין אַ פאַרשיידנאַרטיקייט און אַ וואָסער־ס׳איז שינוי אין דער סיבה פון די ווירקונגען. למשל: די זון (ווי בכלל פייער) צעשמעלצט געוויסע זאַכן און אַנדערע פאַרהאַרטעוועט זי, קאָכט, ברענט, מאַכט ווייס און מאַכט שוואַרץ א. אַז. וו., — און דידאָזיקע אַלע פאַרשיידנאַרטיקע, קעגנזעצלעכע פעולות ווערן געטאָן דורך איין איכות אין דער טבע פון פייער (די וואַרעמקייט). דעריבער דאַרף מען באַטראַכטן אַלע אַטריבוטן פון גאָט, וואָס געפינען זיך אין תנ״ך, בלויז ווי אַטריבוטן פון דער פינפטער קאַטעגאָריע.

אין פרק נ״ז דערווייזט בן־מיימון, אַז אפילו דער אַטריבוט מציאות (עקסיסטענץ) קאָן ניט אָנגעווענדט ווערן בשייכות צו גאָט, ווי מען ווענדט דאָס אָן צו אַנדערע עצמס; ווייל די מציאות, די עקסיסטענץ, איז בלויז אַ מקרה־מעשה, וואָס האָט געטראָפן מיטן נמצא (מיטן אָביעקט, וואָס איז פריער ניט געווען און איז נאָכדעם צופעליק אויפגעקומען און עקסיסטירט ביז אַ געוויסער צייט), בעת די מציאות פון גאָט איז אַן אַבסאָלוטער הכרח, ד. ה. זיין עקסיסטענץ גופא איז זיין עצמדיקייט און זיין אמת, און זיין עצם איז זיין אַבסאָלוט־נויטווענדיקע עקסיסטענץ; ער איז, ער איז אַליין די עקסיסטענץ, און קיין זאַך איז ניט אויסער אים, און מ׳קען ניט זאָגן, אַז ער עקסיסטירט אין אַ וועלט, וואָס אויסער אים. בכן קען מען ניט באַטראַכטן זיין מציאות ווי עפּעס אַן אַטריבוט, וואָס דאַרף אים ערשט נאָך צוגעגעבן ווערן. און אַזוי איז עס אויך מיט זיינע אַנדערע אַטריבוטן („ער לעבט״, אָבער ניט מיט אַ לעבן, וואָס אין אים, דען ער איז אַליין דאָס עצם לעבן; „ער איז אַ כל יכול״, אָבער ניט ווייל אין אים איז פאַרהאַן אַ כוח פון קענען, — דען ער איז אַליין דער עצם כוח; „ער איז אַ חכם״, אָבער ניט ווייל אין אים איז פאַרהאַן די חכמה, — דען ער איז אַליין די עצם חכמה, א. אַז. וו.).

אין פרק נ״ח גייט מיימוני נאָך ווייטער און דערווייזט, אַז די אַטריבוטן פון גאָט קענען זיין בלויז אויפן וועג פון פאַרניינען פאַרניינונגען; למשל, ווען מיר זאָגן וועגן גאָט, אַז ער איז אַ חכם, איז די כוונה: ער איז ניט ניט קיין חכם. (מ׳זעט פונדאַנען אַרויס, אַז דעם רמב״מס באַגריף וועגן גאָט איז דער זעלביקער באַגריף, וואָס די נייע פילאָסאָפן קאַרטעזיוס (דעקאַרט) און לייבניץ האָבן אַוועקגעלייגט אַפּריאָרי אין יסוד פון זייערע באַווייזן (פון קלאָרן אויף אומקלאָרן), וועגן דער מציאות פון גאָט; דאָס איז דער באַגריף וועגן דעם אמתסטן עצם, אָדער וועגן דעם עצם אמת („אַבסאָלוט-נויטווענדיקע עקסיסטענץ״), מיט דער פאַרניינונג פון אַלע באַשרענקונגען). נאָכדעם דערווייזט ער, אַז דורך דידאָזיקע טאָפּלטע פאַרניינונגען (פאַרניינען פאַרניינונגען) קען מען זיך אַלץ מער דערנעענטערן צום דערקענען גאָט. אַלע פילאָסאָפן זאָגן פה אחד: די תכלית השלימות פון גאָט האָט באַזיגט אונזער דערקענטעניש, אונזער שכל. פונקט ווי די שוואַכע אויגן אונזערע קענען זיך ניט איינקוקן גוט אין דער זון, אַזוי קענען אַפילו די טיפסטע בליקן פון אונזער שכל טונקל ווערן פון דער העכסטער קלאָרקייט פון גאָטס שיין. נאָך דערהייבענער דריקט זיך וועגן דעם אויס דער געניאַלער תהלים-זינגער: „דאָס שווייגן איז ביי דיר אַ לויב״ (לך דומיה תהלה).

צולעצט ברענגט דער רמב״ם אַ שטעל פון תלמוד, וואָס שטימט מיט זיינע מיינונגען אין דעם ענין: „איינער אַ בעל-תפילה האָט זיך געשטעלט דאַוונען אין דער אָנוועזנהייט פון ר׳ חנינא און האָט אָנגעהויבן מיט די ווערטער: האל הגדול הגבור והנורא, האדיר החזק והאמיץ (דו גרויסער, מעכטיקער און פורכטבאַרער, דערהייבענער, שטאַרקער און פעסטער-פרעכטיקער גאָט!). דאָ האָט אים ר׳ חנינא איבערגעריסן און געזאָגט צו אים: האָסטו שוין געענדיקט אַלע שבחים פון דיין האַרן? אַפילו די ערשטע דריי אַטריבוטן („האל הגדול הגבור והנורא״) וואָלטן מיר אויך ניט געטאָרט זאָגן, ווען משה רבנו וואָלט זיי ניט געהאַט געזאָגט און ווען די אנשי כנסת הגדולה וואָלטן ניט

אַריינגעשטעלט זיי אין דער תּפילה, — און דו דערוועגסט דיך נאָך מוסיף צו זיין צו זיי נאָך און נאָך! צו וואָס איז דער ענין גלייך? צו אַ מלך בשר ודם, וואָס האָט געהאַט אין זיין אוצר מיליאָנען גאָלדענע דינרים, און מ׳האָט אים גענומען רימען, אַז ער פאַרמעגט מיליאָנען זילבערנע. אַזאַ שבח איז דאָך פאַר אים דער גרעסטער בזיון!

דער רמב״ם טרעט דאָ אַרויס מיט אַ שאַרפער קריטיק קעגן די גוזמאות שבחים אין די תּפילות, וואָס מ׳זוכט דערמיט צו שמייכלען גאָט און אים מעורר צו זיין צו רחמים, און ענ־דיקט דעם פּרק מיט אַ באַמערקונג אויף ר׳ חנינאס משל: „דאָ ווערט ניט געזאָגט, אַז ס׳איז אַ משל צו אַ קיניג, וואָס האָט גע־האַט אין זיין אוצר מ י ל י אָ נ ע ן גאָלדענע דינרים און מען רימט אים מיט אַ פאַרמעגן פון ה ו נ ד ע ר ט דינרים״. דאַן וואָלט דער נמשל געווען, אַז די געטלעכע פולקומענהייטן זייען פונם זעלביקן מ י ן, וואָס די אונזעריקע, און אונטערשיידן זיך בלויז לויט דער מ ד ר ג ה. אין דעם דאָזיקן פאַל איז די זאַך אָבער ניט אַזוי. דער שכל פון דעם משל איז דער, אַז דער מלך פאַר־מאָגט ג אָ ל ד, און מען רימט אים, אַז ער פאַרמאָגט ז י ל־ב ע ר, — דאָס הייסט, אַז עס א׳ז גאָרניט מעגלעך קיין שום פאַרגלייכונג פון די געטלעכע שלימותן מיט די מענטשלעכע. ק ו ה ל ת גיט אונז אַ סענטענץ, אָנגעמאָסטן פאַר אונזער ענין: „כי האלהים ב ש מ י ם ואתה על ה א ר ץ, על כן יהיו דבריך מעטים״ (גאָט איז אין ה י מ ל—ווייט דערהייבן איבער דיר,— דו אָבער ביסט אויף דער ע ר ד, על כן מוזן דיינע ווערטער— וועגן אים—ווייניק זיין!).

אינם פּרק ס׳ דערווייזט דער רמב״ם, אַז דער מענטש, וואָס איז מייחס צו גאָט פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן, האָט ניט בלויז אַ נ י ט־ר י כ ט י ק ן באַגריף פון גאָט, נייערט ער האָט ק י י ן ש ו ם באַגריף ניט וועגן אים. למשל: ווען עמעצער האָט געהערט דער־ציילנדיק וועגן אַ העלפאַנד און וואָלט געוועלט אים פאָרשטעלן זיך אויף אַזאַ מין אופן: דער העלפאַנד איז אַ בעל־חי, וואָס לעבט אין וואַסער, האָט אַ דורכזיכטיקן קערפּער מיט איין פוס

און דריי פליגלען, מיט אַ ברייטן מענטשלעכן פּנים, רעדט צייטנ־ווייז ווי אַ מענטש, פליט ווי אַ פויגל און שווימט ווי אַ פיש, — דאַן וואָלט מען וועגן דעם דאָזיקן מענטשן ניט געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט וועגן דעם העלפאַנד אַ ניטריכטיקן באַגריף, נייערט פיל מער, אַז ער האָט וועגן דעם העלפאַנד גאָר קיין שום השגה ניט, דען דאָס דאָזיקע בילד איז אַ פּרוכט פונם כּוח הדמיון און געפינט זיך ניט במציאות.

אַזוי איז אויך מיט די אַטריבוטן פון גאָט:

גאָט איז אַ נויטווענדיקער אַבסאָלוטער עצם, — בכן קען ער ניט האָבן קיין שום אַטריבוטן אויסער זיין עצם, ווייל ער איז פון קיין שום זאַך אויסער זיך ניט אָפּהענגיק. בכן, ווען עמע־צער זאָגט: גאָט איז אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקער עצם, וואָס מ׳קאָן אים מייחס זיין געוויסע אַטריבוטן, — דאַן קאָן מען וועגן אים ניט זאָגן, אַז ער האָט בלויז אַ ניט־ריכטיקן באַגריף פון גאָט, נייערט פיל־מער, אַז ער האָט לחלוטין ניט קיין שום השגה וועגן אים. זיין באַגריף איז אין דעם פאַל ניט בלויז אַ פּראָבּ־לעמאַטישע, נייערט אַ לחלוטין פאַלשע אויסטראַכטונג.

---

# פערטער קאַפּיטל.

המשך פון פאָריקן קאַפּיטל. דערקלערונג פון גאָטס פאַרשיידנאַרטיקע נעמען, וואָס ווייזן בלויז אויף די דרכים פון זיינע ווירקונגען. דער גורל פון דער מעטאַפיזיק. זי ווערט אַ שפחה ביי דער טעאָלאָגיע. זי ווערט דעגע־נערירט און פאַרוואַנדלט אין דיאַלעקטיק. דיאַלעקטיקער.

אין די ווייטערדיקע פּרקים דערקלערט דער רמב״ם, אַז אַלע נעמען פון גאָט, וואָס געפינען זיך אין תנ״ך, באַטייטן די נעמען פון זיינע ווירקונגען, אויסער דעם ש ם ה ו ו י ה, באַמען פון א י י ב י ק ע ר ע ק ס י ס ט ע נ ץ, וואָס די חכמי התלמוד רופן אים „שם המפורש“, באַמען בפירוש אויסגעדריקטער, וואָס ווייזט אויף דער א י י נ צ י ק ע ר אַ ב ס אָ ל ו ט ע ר א י י ב י ק ע ר ע ק ס י ס ט ע נ ץ (אַבסטראַהירט פון אַלע באַזונדערע אופנים פון עקסיסטענץ), וואָס איז דער איינציק־אמתער עצם פון גאָט. — צולעצט זאָגט זיך ב ן־מ י י מ ו ן שאַרף אַרויס קעגן די מ ק ו ב ל י ם, וואָס האָבן אויסגעטראַכט אַן אומגעהייערע צאָל „שמות קדושים“ אָן אַ שום באַדייטונג און וואָס גלויבן, אַז זיי קענען מיט זיי טאָן וואונדער. און ער ענדיקט מיטן פסוק: „פתי יאַמין לכל דבר“ (דער נאַר גלויבט אין אַלץ, — מ ש ל י יד, טו).

אין פרק ס״ה דערקלערט ער, אַז דער אויסדרוק פון רײדן אָדער זאָגן, וואָס ווערט געברויכט אין די כּתבֿי־הקודש וועגן גאָט, איז אַן אויסדרוק פון געטלעכן רצון אָדער פון דער געטלעכער חכמה. למשל, ווען עס שרייבט זיך: „וידבר ה׳ אל משה" אָדער „ויאמר ה׳ אל משה", איז די כּוונה, אַז ביי משהן זיינען אַנטשטאַנען פאָרשטעלונגען און דמיונות, וואָס שטימען מיט גאָטס רצון אָדער מיט זיין חכמה[1].

דער פרק ס״ו הייבט זיך אָן מיט דער שטעל פון שמות לב, טז, וואו עס ווערט געזאָגט: „והלוחות מעשה אלהים המה" (די טאָוולען זיינען דאָס ווערק פון גאָט). דאָס הייסט, זאָגט דער רמב״ם, אַז דאָס ווערק איז אַ נאַטירלעכס און ניט קיין געמאַכטס, דען אַלע נאַטירלעכע זאַכן ווערן אין תּנ״ך אָנגערופן „מעשי ה׳" (גאָטס ווערק). למשל, דער תּהלים־זינגער רעכנט אויס אַ סך נאַטור־ערשיינונגען און רופט אויס מיט התפּעלות: „ווי גרויס זיינען דיינע מעשים, אייביקער!" (מה רבו מעשיך ה׳). און דאָס איז אויך דער רעיון פון זיינע ווערטער: „די צעדערן פון לבנון, וואָס ער (גאָט) האָט געפלאַנצט", ד. ה. זיי זיינען געשאַפן געוואָרן ניט דורך מענטשלעכן פלייס, נייערט דורך דער נאַטור. אַזוי מוז דערקלערט ווערן אויך דער אויסדרוק: „והמכתב מכתב אלהים הוא" (די שריפט איז גאָטס־שריפט).

דער דאָזיקער אויסדרוק איז אַ ביסל ניט קלאָר, וועל איך דעריבער ברענגען דאָ אַ שטעל פון ר׳ משה הנרבוני'ס[2] פּירוש אויפן „מורה נבוכים" און דערקלערן מיט איר הילף דעם דאָזיקן אויסדרוק:

---

[1]) דער דאָזיקער ביישפּיל, וואָס שלמה מיימון ברענגט דאָ, געפינט זיך ניט בפירוש אינם „מורה נבוכים", אָבער דער אַלגעמיינער געדאַנק איז אַזוי.
דער איבערז.

[2]) ר׳ משה הנרבוני — ר׳ משה בן מאיר מאַעסטראָ ווידאַל פון נאַרבאָנע אין פּראָוואַנס, געבאָרן ה״ס (1300) און געשטאָרבן ה׳קכ״ב (1362). באַרימטער גרויסער פילאָסאָף און רייזנדער, באַגייסטערטער מיימוניסט און קאָמענטאַטאָר פון „מורה נבוכים". דער איבערז.

„אין אַלע שטיינער, וואָס געפינען זיך אין דער געגנט פון באַרג סיני, איז, לויט דעם עדות-זאָגן פון רייזעבאַשרייבער, פון דער נאַטור אַליין אויסגעמאָלט אַ דאָרנשטרויך (סנה). און מחמת דעם הייסט טאַקע דער באַרג סיני. איינער פון די נכבדים פון באַרצעלאָנע, פון דער משפחה בן-חסדאי, וואָס האָט אַהין געררייזט, האָט פון דאָרטן געבראַכט אייניקע שטיינער פון דעם מין, און איך האָב אויפן דייטלעכסטן אופן געזען דעריגען דעם נאַטירלעך אויסגעבילדעטן סנה! און אַז איך האָב איין שטיין צעבראָכן אויף גאַנץ קליינע שטיקלעך, האָב איך אויף יעדן, אַפילו אויפן קלענסטן שטיקל באַמערקט—דעם דאָרנשטרויך! איך האָב מיך דערפון פאַרוואונדערט זייער און מיך געפרייט צוגלייך, ווייל דידאָזיקע נאַטורערשיינונג האָט מיר פלוצלונג העל באַלויכטן די דערמאָנטע מערקווערדיקע שטעל פון רמב"ם".

בכן איז די שריפט פון די לוחות (די עשרת הדברות) פונקט אויף אַזאַ אופן איינגעקריצט געווען אויף די טאָוולען פון אָנהייב פון זייער באַשאַפונג.

אין פרק ס"ח דערווייזט דער רמב"ם מיט גרויס חריפות דעם באַרימטן זאַץ פון ד' פילאָסאָפן, אַז גאָט איז דער שכל, דער פאָרשטעלנדיקער סוביעקט (דער באַגרייפנדיקער, דער משכיל), און דער פאָרגעשטעלטער אָביעקט (דאָס באַגריפענע, דער מושכל), — אַז דידאָזיקע אַלע דריי עניגים זיינען אין אים איינס. און דאָס איז דער תמצית פון זיין חקירה: איידער דער מענטש באַקומט אַ פאָרשטעלונג פון עפּעס, איז ער אין באַציִונג צו דעם דאָזיקן עפּעס בלויז אַ משכיל (באַגרייפער) אין פּאָטענץ, ד. ה. ער האָט דעם כוח און די צוגרייטונג צו באַגרייפן מיטן שכל דאָס עפּעס, אָבער דער דאָזיקער כוח איז נאָך ניט אַרויס אל הפועל, איז נאָך ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אויך דאָס דאָזיקע עפּעס (דער מושכל), איידער איך שטעל מיר עס ווירקלעך פאָר, האָט בלויז די פּעקייט צו זיין אַן אָביעקט פון דער פאָרשטעלונג, ד. ה. איז אויך בלויז אַ מושכל אין פּאָטענץ, האָט דעם כוח און די צוגרייטונג צו ווערן באַגריפן, ערשט צו ווערן אַ מושכל. אָבער

ווען דער מענטש (דער משכיל, דער באַגרייפער) באַגרייפט שוין די זאַך, למשל, אויב ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די געשטאַלט פון אַ בוים, אויסגעטאָן די געשטאַלט פון איר חומר און גענומען זי אַבסטראַקט, ווי אַ ווערק פון שכל, — דאַן הערט אויף די פאָרשטעלונג אין פּאָטענץ (אין באַציונג צום אָביעקט), ווייל זי גייט אַריבער אין אַ פאָרשטעלונג אין דער ווירקלעכקייט; דאַן ווערט ער אַ משכיל בפועל, און דער שכל בפועל, וואָס זאַפּט איין אין זיך די אַבסטראַקטע געשטאַלט פונם בוים, איז אויף אַזאַ אופן ניט קיין אַנדער זאַך ווי אַליין דאָס באַגריפענע, דער מושכל בפועל. אַזוי איז אויך מיט דער פעיקייט פונם אָביעקט באַגריפן צו ווערן: נאָכדעם, ווי דער אָביעקט איז שוין אַבסטראַקט באַגריפן געוואָרן, הערט אויף די פעיקייט, דער כוח נאָך ערשט באַגריפן צו ווערן, און עס ווערט — מושכל (באַגריפּנס). די ווירקלעכע פאָרשטעלונג (ווירקלעכער שכל) איז צוגלייך דער ווירקלעך-געוואָרענער כוח פון פאָרשטעלן זיך (ווירקלעכער מושכל) און די ווירקלעך-געוואָרענע פעיקייט פונם אָביעקט פאָרגעשטעלט צו ווערן (ווירקלעכער מושכל). בכן איז דער שכל (וואָס אין אים איז אַבסטראַהירט און באַגריפן געוואָרן די געשטאַלט פונם בוים), דער משכיל (דער סוביעקט, וואָס האָט דעם כוח צו באַגרייפן און באַגרייפט ווירקלעך) און דער מושכל (דער אָביעקט, וואָס ווערט באַגריפן, וואָס זאַפּט זיך ווירקלעך איין אַבטראַקט אין שכל און פילט אים אויס, בילדעט זיין מהות) — אַלע דריי זיינען איינס און דאָס זעלביקע. און היות גאָט איז ניט קיין שכל אין פּאָטענץ, וואָס איינמאָל איז ער משיג און איינמאָל איז ער ניט משיג, נייערט ער איז אַ שכל בפועל, אַן אייביק ווירקנדיקער, אומעגדלעך באַגרייפנדיקער שכל, בכן איז ער צוגלייך אי משכיל (ווירקנדיק-באַגריפנדיקער סוביעקט), אי שכל, אי מושכל (פאָרגעשטעלטער, באַגריפענער סוביעקט, וואָס קען געדענקט ווערן נאָר אַנאַלאָגיש מיט אַן אָן ענדלעכן כוח פון פאָרשטעלונג).

דער דענקענדיקער לעזער וועט דאָ אַיינזען, וואוהין דאָס פירט[1].

---

1) דאָ איז, ווייזט אויס, אַ רמז אויפן פּאַנטעיזם. דער איבערז.

אין פרק ס״ט זאָגט ער: די פילאָסאָפן רופן אָן גאָט — דער ערשטער גרונד אָדער די ערשטע אורזאַך (סיבה ראשונה). די דיאַלעקטיקער אָבער וואַרפן אָפּ דעם דאָזיקן טערמין און זיי רופן אָן גאָט—דער ווערקמייסטער, דער ווירקער, ווייל זיי מיינען, אַז צווישן דידאָזיקע באַגריפן איז פאַרהאַן אַ גרויסער אונטערשייד. זיי זאָגן: אַ סיבה קאָן ניט זיין די סיבה פון דער ווירקונג, קאָן ניט זיין פריער פון איר, און אויב מיר זאָלן בכן זאָגן, אַז גאָט איז די סיבה פון דער וועלט, דאַן מוזן מיר אָננעמען, אַז די וועלט איז אַ קדמון גלייך ווי גאָט אַליין. דער ווערקמייסטער אָבער קאָן זיכער זיין פריער פאַר זיין ווירקונג, פאַר זיין ווערק.

די דיאַלעקטיקער האָבן אָבער אַ טעות, ווייל זיי נעמען ניט אין אַכט, אַז ס׳איז דאָ אַן אונטערשייד צווישן דער פּאָטענץ און דער ווירקלעכקייט, צווישן דעם, וואָס איז בכּוח, און צווישן דעם, וואָס איז בפועל. די סיבה אין פּאָטענץ איז זיכער פריער פון דער ווירקונג, פּונקט ווי דער ווערקמייסטער, און, להיפּוך, קאָן דער ווערקמייסטער בפועל (אין דער ווירקלעכקייט) זיין ניט פריער פונם ווערק, פּונקט ווי דאָס איז מיט דער סיבה בפועל, ווען די ווירקונג איז נויטווענדיק במציאות צוגלייך מיט איר, מיט דער סיבה. דען דער בויער איידער ער בויט דאָס הויז איז ניט קיין בויער בפועל, נייערט אַ בויער אין פּאָטענץ, און ווען ער בויט עס שוין, איז ער אַ בויער בפועל, אָבער דאַן איז ער במציאות צוגלייך מיט זיין ווערק. בכן איז פּאַקטיש גאָר קיין שום חילוק ניטאָ צווישן דידאָזיקע צוויי טערמינען: סיבה ראשונה און ווערקמייסטער.

דאָס אָבער, וואָס די פילאָסאָפן רופן פיל-מער אָן גאָט „סיבה ראשונה" און ניט „ווערקמייסטער", ניט געקוקט דערויף, וואָס צווישן דידאָזיקע ביידע טערמינען, ווי ס׳איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, איז קיין שום אונטערשייד ניטאָ, — איז ניט צוליב דעם, בכדי דערמיט אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט, נייערט ווייל דער אויסדרוק „סיבה"

אַנטהאַלט פיר מינים אורזאַכן: מאַטעריע (חומר), פאָרם (צורה), ווירקנדיקע סיבה (פועל) און ענדאורזאַך (תכלית), בעת ווערק-מייסטער דריקט אויס בלויז איין איינציקן פון די דאָזיקע פיר מינים. על-כן רופן זיי אָן גאָט „סיבה ראשונה" און שטעלן אים פאָר אין די דאָזיקע אַלע באַדייטונגען, ד. ה. אַז גאָט איז דער ווירקער (שעפער) פון דער וועלט, איר פאָרם און איר תכלית.

אויך די אויספירן פון די דאָזיקע געדאַנקען דאַרף איך דעם דענקענדיקן לעזער ניט דערקלערן[1].

אין פרק ע"א זאָגט דער רמב"ם ווייטער:

די פיל קענטעניש און וויסנשאַפטן, וואָס אונזער אומה האָט אַמאָל פאַרמאָגט בנוגע די דאָזיקע ענינים, זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען אין משך פון דער לאַנגער צייט און דורך דעם דרוק פון די באַרבאַרישע אומות, וואָס האָבן געוועלטיקט איבער אונז, און באַזונדערס מחמת דעם, ווייל די דאָזיקע זייער וויכטיקע ענינים, וואָס בלויז דער קלענסטער טייל פון זיי איז פאַרשריבן געוואָרן, איז ניט דערלויבט געווען צו לערנען מיט יעדן איינעם. אפילו דער תלמוד גופא האָט תחילת אַ לאַנגע צייט ניט געטאָרט פאַרשריבן ווערן, ווייל אין דער אומה איז געווען אָנגענומען אַ כלל, אַז דאָס, וואָס געהערט צו דער תורה-שבעל-פה, טאָר ניט אי-בערגעגעבן ווערן בכתב. און דאָס איז געוואָרן די גרעסטע חכמה פון אונזער רעליגיע, דען מ'האָט געוואָלט אויסווייכן דאָס, אין וואָס מען איז צולעצט דאָך אַריינגעפאַלן: די חכמי-הדת האָבן דורך דעם ניט פאַרשרייבן אין ספרים געוועלט אַרויסראַ-טעווען זיך פון חילוקי דעות, פון ספקות אין דעם פשט פון די כתבי הקודש, פון מחלוקת צווישן די געלערנטע, פון סעקטעס און אַזוי ווייטער, וואָס טראָגן בהכרח אַריין אַ פלאָנטער אין דער דורכפירונג פון די געזעצן אין לעבן. מחמת דעם איז די געזעצגעבערישע מאַכט איבערגעגעבן געוואָרן אויסשליסלעך דעם בית-דין הגדול (דעם געזעצגעבערישן ראַט). נאָך פאַרזיכטי-

---

[1]) שלמה מיימון האָט דאָ געפונען אַ סך מער, ווי עס שטייט געשריבן אין „מורה נבוכים". דער איבערז.

קער איז מען אָבער געווען מיט די ענינים פון „סתרי־תורה“ (רעליגיעזע געהיימענישן), וואָס פלעגן איבערגעגעבן ווערן נאָר צו יחידי סגולה, און דאָס ניט שריפטלעך.

דאָס איז די סיבה, וואָס ביי אונזער אומה זיינען כמעט אינגאַנצן פאַרלאָרן געגאַנגען אַזויפיל וויכטיקע אמתן; בלויז אייניקע קליינע רמזים קען מען נאָך טרעפן צעוואָרפן דאָ און דאָרטן אין תלמוד און מדרש, — אייניקע קליינע קערנד־לעך איינגעהילט אין אַ סך שאָלעכצן. ס׳רוב מענטשן באַשעפטיקן זיך בלויז מיטן שאָלעכץ (קליפּה) און מיי־נען, אַז דערינען איז ניט פאַרבאָרגן קיין שום קערנדל. דאָס ביסל אָבער פון דידאָזיקע אמתן, וואָס מ׳האָט געפונען ביי די גאונים (די געניאַלע געלערנטע, וואָס נאָך די דורות פון די חכמי־התלמוד), באַזונדערס ביי רב סעדיה גאון[1]), און ביי די קראים, וואָס האָבן געשריבן וועגן אחדות הבורא (איינציקייט פון גאָט), זיינען ענינים גענומענע ביי די אַראַבישע דיאַלעקטיקער, וואָס האָבן אַ סך מער געשריבן וועגן דעם. ביי די אַראַבער איז געווען אַ סעקטע „מעתוזלה“[2]), — האָבן אונזערע ברידער איבערגענומען ביי זיי אַ סך פּרינציפּן און מיינונגען און איבערגעאַרבעט אויף זייער שטייגער. אין אייניקע צייט שפּעטער איז אויפגעקומען אַ נייע אַראַבישע סעקטע „אַשעריה“[3]), אָבער

---

[2]) מעתוזלה — אָפּגעטיילטע, אָפּגעשפּאָלטענע (אין ערשטער העלפט פון VIII יר״ה) — מוטאַזיליטן, וואָס האָבן אָנערקערנט דעם אַבסאָלוט־אַבסטראַקטן מהות פון גאָט, אָן שום אַטריבוטן, האָבן אָפּגעוואָרפן אַלע אַנטראָ־פּאָמאָרפיזמען, און אַלע אַזוינע אויסדריקן אין קאָראַן האָבן זיי דערקלערט פאַר מעטאַפאָרן. דער איבערז.

[1]) רב סעדיה בן־יוסף פון דער שטאָט פאַיום (פיתום) אין דער אויבערשטער מצרים (892—942), באַרימט מיט זיין געניאַלן פילאָסאָפישן ווערק „האמונות והדעות“. דער איבערז.

[3]) אַשַעריַה די לערע פונם אַראַבישן פילאָסאָף אַבול חַסַאן

ביי די יידישע פילאָסאָפן פון יענע צייטן האָבן מיר גאָרנישט געטראָפן פון די מיינונגען פון דער דאָזיקער סעקטע.

דאָס איז אָבער ניט געשען מחמת דעם, ווייל די יידישע פילאָסאָפן האָבן כלומרשט געהאַלטן מער פון די מיינונגען פון די מוטאַזיליטן, איידער פון די פרינציפּן פון די אשאַריטן, נייערט בלויז מחמת דעם, וואָס זיי האָבן צופעליק פריער זיך באַקענט מיט דער לערע פון דער מעתוזלה און אָנגענומען זיי ווי אַ דערוויזענעם אמת.

די חכמי ספרד, באַזונדערס פון אַנדאַלוזיע, האָבן זיך געהאַלטן אָן דער מעטאָדע פון די גריכישע פילאָסאָפן און האָבן גערן אָנגענומען זייערע שיטות, אויף ווי ווייט זיי האָבן ניט סותר געווען דעם יסוד פון אונזער דת. דעריבער האָבן זיי אין אַ סך ענינים געשטימט מיט אונזערע מיינונגען אין דעם דאָזיקן ווערק.

אַלע באַהויפּטונגען פון די אַראַבישע סעקטעס, דהיינו פון דער מעתוזלה און פון דער אַשעריַה, זיינען געבויט אויף די פּרינציפּן און הנחות, וואָס זיינען גענומען פון די שריפטן פון די קריסטלעכע גריכן און אַרמעניער, וואָס זייער גאַנצע שטרעבונג איז געריכט בלויז אויף צו באַשטרייטן די מיינונגען פון די פּעריפּאַטעטישע פילאָסאָפן[1].

עלי בן ישמעאל אל אַשערי, וואָס אָנערקענט די אייביקייט פון קאָראַן-גיט-צו צו גאָט אַטריבוטן און האַלט פון השגחה פרטית, אָבער באַהויפּט אין דער זעלביקער צייט, אַז די אַנטראָפּאָמאָרפיזמען פון קאָראַן דאַרף מען פאַרשטיין אַלעגאָריש, אַז מ'דאַרף אונטערשיידן צווישן די אַטריבוטן פון גאָט און זיין עצם מהות און אַז אונזער נשמה נעמט דאָך אַ געוויסן אָנטייל אין אַ וועלכן-ס'איז שאַפן. דער איבערז.

[1]) פּעריפּאַטעטישע פילאָסאָפן הייסן די אָנהענגער פון אַריסטאָטעלס פילאָסאָפיע, וואָס האָט באַקומען דעם דאָזיקן נאָמען צוליב אַריסטאָטעלס' געוויינהייט צו לערנען מיט זיינע תלמידים בעת זיין שפּאַצירן (פּעריפּאַטאָי אויף גריכיש הייסט שפּאַצירגענג) איבערן ליצײ (איינע פון די דריי גימנאַזיעס אין אורזלטן אטען לעבן דעם טעמפּל פון אַפּאָלאָן).
דער איבערז.

היות די קריסטלעכע רעליגיע האָט זיך פאַרשפּרייט גראָד צווישן דידאָזיקע פעלקער, די גריכן און אַרמעניער, וואָס די פילאָסאָפישע לערן האָבן שוין ביי זיי געשלאָגן טיפע וואָרצלען, און די קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן געזען, אַז זייערע פּרינציפּן קאָנען זיך ניט פאַרטראָגן מיט די פילאָסאָפישע מיינונגען, — על-כן האָבן זיי, די טעאָלאָגן, אויסגעפונען די דיאַלעקטיק[1]) און האָבן מיט איר הילף געזוכט צו באַפעסטיקן אַזעלכע פּרינציפּן, וואָס זיינען סותר די מיינונגען פון די פילאָסאָפן, וואָס האָבן אָבער געטויגט אונטערצושטיצן די קריסטלעכע רעליגיע. און אַז די אַראַבער זיינען נאָכדעם געקומען און האָבן איבערגעזעצט די שריפטן פון די פילאָסאָפן, האָבן זיי צוגלייך איבערגענומען אויך די אָפּפרעגונגען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן אויף די פילאָסאָפישע ווערק, און האָבן געגלויבט, אַז זיי האָבן דערמיט דערגרייכט עטוואָס וויכטיקס.

די דיאַלעקטיקער האָבן אויך פון די מיינונגען פון די אַלטע פילאָסאָפן אָנגענומען אַלץ, וואָס האָט געקאָנט דינען צו זייער צוועק, אפילו די מיינונגען, וואָס די נייערע פילאָסאָפן האָבן זיי אָפּגעפרעגט, ווי, למשל, די רעאַליטעט פון די אַטאָמען און פון ליידיקן רוים, און זיי האָבן געהאַלטן דידאָזיקע פּרינציפּן און הנחות פאַר ענינים, וואָס זיינען נויטווענדיק יעדער רעליגיע.

נאָכדעם איז געוואָרן נאָך ערגער. די מחמדאַנישע רעליגיע האָט זיך געצווייטיקט אין נייע פּרינציפּן, און אַזוי ווי זי האָט זיך באַלד צעטיילט אין סעקטעס, האָט יעדע סעקטע געמוזט זוכן אײַנצושטעלן אַזעלכע פּרינציפּן, וואָס זאָלן איר נוצלעך זיין אויף אײַנצוהיטן איר אייגנטימלעכקייט.

עס זיינען אָן ספק אויך פאַרהאַן געוויסע לערן פון אמונה, וואָס זיינען גלייך נויטווענדיק הן יידן, הן קריסטן, הן מוסעלמענער, דהיינו די באַהויפּטונג, אַז די וועלט איז

---

[1]) דיאַלעקטיק — די קונסט צו ריידן און צו דערווייזן אַ וואָסער-ס'איז אמת. דער איבערז.

אַנטשטאַנען אַ יֵש מאַין, און דער גלויבן אין נפלאות, וואָס הענגט אָפּ פון דער דאָזיקער באַהויפּטונג.

דער סוף דבר איז, אַז די ערשטע דיאַלעקטיקער פון די קריסטלעכע גריכן און פון די אַראַבער האָבן גענומען זייערע פּרינציפּן ניט פון דער נאַטור, ניט פון דער מציאות, נייערט האָבן זיך אין זייער דמיון געשאַפן אַ מציאות, אַ נאַטור, בהסכם מיט די פּרינציפּן, וואָס זיינען זיי נייטיק געווען צו זייער צוועק. און פונדעסטוועגן האָבן זיי געזאָגט, אַז דער עצם פאַרטיפן זיך אין דענקען האָט זיי דערצו געבראַכט, אָן אַ שום פריער־אָנגענומענער, טענדענציעזער מיינונג. אָבער די נאַטור, ווי דער דענקער טאַמאַסטיוס זאָגט מיט רעכט, ציט זיך ניט לויט אָנגענומענע מיינונגען, נייערט, פאַרקערט, אַלע אמתע מיינונגען מוזן זיך ציען נאָך דער נאַטור.

אַזוי ווי איך האָב שטודירט די שריפטן פון די דיאַלעקטיקער און פון די פילאָסאָפן, האָב איך געפונען, אַז די מעטאָדע פון די דיאַלעקטיקער איז אומעטום איינע און די זעלביקע. איר הויפּט־פּרינציפּ איז: די נאַטור פון די במציאותדיקע זאַכן ניט קיין קריטעריום פאַרן אמת, ווייל דער שכל קען דיזעלביקע זאַך דענקען אויך אַנדערש. און נאָך ערגער איז, וואָס די דיאַלעקטיקער פאַרבייטן ניט זעלטן דעם שכל מיטן כוח־הדמיון, ד. ה. זיי ציען זיך נאָך דער פאַנטאַזיע און מיינען, אַז דאָס איז דער שכל. (די אומשטערבלעכע דיאַלעקטיק! אויך אונזערע נייערע דאָגמאַטישע מעטאַפיזיקער ווייסן, ווי צו באַנוצן זיך מיט איר. זיי זאָגן: מעגלעך איז אַלץ, וואָס אַנטהאַלט אין זיך ניט קיין שום סתירה; בכן איז די וועלט אַ מקרה־זאַך, און בכן איז מעגלעך אַ ens realissimum — די מציאות פון אַ ווירקלעכן עצם בתכלית המציאות, און בכן איז דער דאָזיקער עצם אויך אַ הכרח א. אַז. וו.). לויט זייערע פּרעמיסן פירן זיי אויס דורך זייערע באַווייזן, אַז די וועלט איז אַנטשטאַנען אַ יש מאַין, און דערפון איז בלתי שום ספק פון זיך אַליין געדרונגען, אַז זי האָט אַ סיבה, אַ באַשעפער; און נאָכדעם ברענגען זיי

ראיות, אַז דידאָזיקע סיבה, דער דאָזיקער באַשעפער איז אַ איינהייט, אַ יחיד ומיוחד און איז ערגאָ נישט קיין גוף. בכן בוייען זיי די מציאות פון גאָט אויף דער צופעליקייט פון דער מציאות פון דער וועלט.

„איך, — זאָגט דער רמב"ם, — האָב אָפּגעוואָרפן דידאָזיקע מעטאָדע, און איך גלויב, אַז מיט רעכט, דען אַלץ, וואָס דידאָזיקע אדונים (די „דיאַלעקטיקער") גיבן אָן פאַר אַ באַווייז פונעם אויפקום פון דער וועלט, איז נאָך אונטערוואָרפן אַ סך ספקות און גילט פאַר אַ ראיה בלויז ביי דעמיעניקן, וואָס ווייס נישט דעם חילוק צווישן דער שטרענג דעמאָנסטרירטער ראיה ברורה און צווישן דער סאָפיסטיק; ווער עס פאַרשטייט אָבער דידאָזיקע קונצן (פון דער סאָפיסטיק), וועט געפינען, אַז די באַווייזן פון די דיאַלעקטיקער זיינען נישט זיכער און זייערע פרעמיסן זיינען געמאַכט געוואָרן אָן אַ שום ערנסטן יסוד".

דאָס העכסטע, וואָס אַ וואָרהייטסליבנדיקער טעאָלאָג קען דאָ טאָן, איז — אָפּצושוואַכן די באַווייזן פון די פילאָסאָפן, אַז די וועלט איז אַ קדמון, — אויב דאָס איז נאָר מעגלעך. יעדער דענקער, וואָס איז פריי פון פאָראורטיילן און וואָס וויל זיך אַליין נישט נאַרן, מוז מסכים זיין, אַז מיט לאָגישע ראיות קען מען נישט אַנטשיידן די פראַגע: צי די וועלט איז אַ קדמון, אָדער זי איז אַנטשטאַנען? (קאַנט האָט אויך אָנגעוויזן, אַז דידאָזיקע פראַגע, — ווען די רייד איז נישט בלויז וועגן דער וועלט אַלס דערשיינונג, נייערט אַלס אַ זאַך אָן און פאַר זיך, — נישט נאָר זי דערלאָזט נישט קיין שום לאָגישע ראיה, נייערט זי לאָזט פיל מער צו גאַנץ קעגנגעזעצטע ראיות, אַנטינאָמיעס[1]). ס'איז גענוג, —

---

[1]) אַנטינאָמיעס — ביי קאַנטן אומפאַרמיידלעכע סתירות, וואָס עס פאַלט אין זיי אַריין דער טעאָרעטישער שכל אין זיין שטרעבונג צו דערקענען דאָס אַבסאָלוטע און וואָס ווערן פאַרענטפערט בלויז דורך דעם פראַקטישן פאַרשטאַנד. דער איבערז.

גיט צו דער רמב"ם,—אַז שוין קרוב דריי טויזנט יאָר שטרייטן די פילאָסאָפן וועגן דער דאָזיקער פראַגע".

„און וויבאַלד אַז דער ענין אין דער דאָזיקער שאלה האַלט אַזוי, איז ווי קענען מיר נעמען די פּראָבלעמאַטישע פאַרשטעלונג וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט און לייגן זי אין יסוד פונם באַווייז וועגן מציאות הבורא? דידאָזיקע פאַר־שטעלונג קען דאָך צוגעגעבן ווערן בלויז ווי אַ היפּאָטעזע".

לויט מיין מיינונג אָבער, איז דאָ דער בעסטער דרך צו דערווייזן די מציאות פון גאָט, זיין אייניציקייט און אומקערפּערלעכקייט לויט דער מעטאָדע פון די פילאָסאָפן. אמת, די פילאָסאָפישע מעטאָדע לייגט דאָ אין יסוד די קדמות פון דער וועלט, אָבער איך נעם ניט אָן פון זיי דידאָ־זיקע מיינונג. ערשט נאָכדעם ווי איך וועל האָבן שטרענג דער־וויזן דידאָזיקע וויכטיקע דריי אמתן (מציאות הבורא, זיין אחדות און זיין אומגשמיות), ניט נעמענדיק אין אַכט די פראַגע וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט, — ערשט יעמאָלט וועל איך מיך נעמען פאַר אָט דער פראַגע און וועל אַרויסשטעלן פאַר דער מיינונג וועגן דעם אויפקום פון דער וועלט אַלץ, וואָס עס וועט נאָר מעגלעך זיין וועגן דעם צו זאָגן.

„ווילסטו, -- זאָגט דער רמב"ם, — דיך באַפרידיקן מיט די באַווייזן פון די דיאַלעקטיקער? בין איך מסכים בכל לבבי. ווילסטו אַלץ אָננעמען אָן באַווייז, בלויז לויט דעם עדות זאָגן פון די ספרי הנביאים? קאָן דאָס אויך ניט שאַדטן. דו דאַרפסט מיך אָבער ניט פרעגן: ווי קאָן באַשטעטיקט ווערן די נבואה, אויב מיר זאָלן אָננעמען דעם פּאָסטולאַט, אַז די וועלט איז אַ קדמון? (ווי קלוג זיינען דידאָזיקע ווערטער!) דען דערפון וועט נאָך גערעדט ווערן אין דעם דאָזיקן מאמר".

„מיין מעטאָדע איז בקיצור אַזוי: די וועלט איז ענטווידער אייביק אָדער ניט. איז זי עס ניט, דאַן מוז זי בלתי שום ספק האָבן אַ סיבה פאַר איר אַנטשטיין, דען דאָס, וואָס עס אַנט־שטייט, קאָן ניט זיין אַליין די אורזאַך פון זיין אַנטשטיין. דידאָ־זיקע סיבה, בכן, איז — גאָט".

איז די וועלט, פאַרקערט, א קדמון, דאַן איז דאָך דערפון גופא נאָך אַ שטרענגן בחוש איבערצייגנדיקן באַווייז בהכרח געדרונגען, אַז עס איז פאַרהאַן איינאיינציקער אומקערפערלעכער און אייביקער עצם, וואָס האָט ניט קיין שום אַנדער סיבה אויסער זיך. און דער דאָזיקער עצם איז — גאָט. דער שטרענגער באַווייז פון מציאות הבורא, פון זיין איינציקייט און אומקערפערלעכקייט, מוז בכן באַגרינדעט זיין אויף דער הנחה פון דער אייביקייט פון דער וועלט, ווען מ'זאָל גראָד דידאָזיקע מיינונג אַפילו ניט אָננעמען. איך וועל דעם דאָזיקן באַווייז באַגרינדן אויף דער באַשיינפערלעכער נאַטור פון די זאַכן. די ראיות אָבער פון די דיאַלעקטיקער, פאַרקערט, באַרוען אויף זאַכן, וואָס זיינען כנגד דער נאַטור, און מחמת דעם זיינען זיי סוף-כל-סוף געצוואונגען אויך צו באַהויפטן, אַז עס איז בכלל גאָר קיין שום נאַטור ניט בנמצא. איך וועל אויך געבן אייניקע באַווייזן פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט, און אויף אַזאַ אופן דערגרייכן דעם צוועק פונם דיאַלעקטיקער, ניט אָפּלייקענענדיק די נאַטור פון דער מציאות.

איך האָב שוין באַמערקט, אַז אויסער גאָט און דער וועלט איז קיין שום זאַך ניטאָ און אַז בלויז דורך אַ ריכטיקן באַגריף פון דער וועלט זיינען מיר ביכולת צו דערקענען גאָט. איך וויל דעריבער אין ווייטערדיקן פרק זוכן צו באַשטימען די ריכטיקע פאָרשטעלונג פון דער וועלט ווי עפּעס אַ געאָרדנט גאַנצס. נאָכדעם וועל איך פאָרטראָגן די מעטאָדן פון די דיאַלעקטיקער, און צולעצט אויך די פרינציפּן פון די פילאָסאָפן און די דרכים פון זייערע באַווייזן.

אין פרק ע״ב דערקלערט דער רמב״ם אויף זייער אַ ןפאָרטרעפלעכן אופן די געשטאַלט פון דער וועלט און איר נאַטור ווי אַ גאַנצער געאָרדנטער נמצא, די קעגנזייטיקע ווירקונג פון אירע טיילן אויפאַנאַנדער און די פאַרגלייכונג צווישן דער וועלט און איעדן אָרגאַנישן עצם. אָבער היות די בפרטיותדיקע ידיעות, וואָס זיינען אים נייטיק פאַר דעם דאָזיקן וויכטיקן

פּרק, זיינען געגומען פון אַריסטאָטעלעס חסרונותפולער לערע וועגן וועלט און נאַטור, ווײל איך דעם דאָזיקן פּרק ניט איבער־זעצן. וואָס איז שייך דעם רמב״מס באַמיִונגען אין פּרק ב״ג מבטל צו מאַכן די מיינונגען פון די דיאַלעקטיקער, האָב איך אין מיין פּירוש אויפן „מורה נבוכים" („גבעת המורה") באַ־מערקט, אַז לויט דער בייסטער מעטאַפיזיק איז מעגלעך צו פאַר־טיידיקן דעם גרעסטן טייל מיינונגען פון די דיאַלעקטיקער, און האָב אויך געוויזן דעם אופן, ווי דאָס איז מעגלעך. דאָ איז אָבער ניט דער אָרט איבערצוגעבן די גאַנצע מחלוקת פונם רמב״ם מיט די דיאַלעקטיקער און אויך ניט מיינע הערות דע־רויף. אָבער די ווייטערדיקע שיינע שטעל פון פּרק ע״ג קאָן איך ניט לאָזן אומאיבערגעזעצט.

„זיי וויסן, דו מענטש, וואָס דו קוקסט אַריין אינם דאָזיקן מאמר, אַז אויב דו האָסט ריכטיקע באַגריפן וועגן דער נשמה און אירע כּוחות, דאַן וועסטו וויסן, אַז דער כּוח הדמיון איז בנמצא ביים רוב בעלי־חיים, אַז דער מענטש אונטער־שיידט זיך ניט מיטן כּוח הדמיון פון די איבעריקע בעלי־חיים און אַז צום סוף זיינען אויך די ווירקונג פונם כּוח הדמיון און די ווירקונג פונם שכל ניט פון איין אַרט, נייערט פילמער פון היפּכדיקן מין.

„דער שכל (און זיין השגה) נעמט פונאַנדער דאָס צוזאַ־מענגעזעצטע, שיידט פונאַנדער זייערע חלקים, אַבסטראַהירט זיי און שאַפט זיך ריכטיקע באַגריפן וועגן זיי און זייערע סיבות.

„ווען ער באַגרייפט איין איינציקע זאַך, באַקומט ער שטאָף פאַר אַ גרויסער מאַסע פאָרשטעלונגען און באַגריפן פון זייער אַ סך אַנדערע זאַכן, וואָס דער שכל אונטערשיידט פונקט אַזוי, ווי דער כּוח הדמיון אונטערשיידט די אינדיווידועןֹ. דער שכל אונטערשיידט די אַלגעמיינע סימנים פון די אינ־דיווידועלע, דען אין גרונד פון יעדן סילאָגיזם מוז ליגן דאָס אַלגעמיינע. ער, דער שכל, אונטערשיידט אויך וועזנטלעכע, שטאַנדהאַפטיקע פּרעדיקאַטן (זאָגטיילן — אייגנשאַפטן) פון צו־פעליקע. דער כּוח הדמיון, פאַרקערט, איז ניט ביכולת דאָס

אַלץ צו טאָן. ער, דער כוח הדמיון, קען עפּעס משיג זיין בלויז אינדיווידועל, אויף וויפיל עס זיינען דאָס משיג די חושים, אָדער ער נעמט צוזאַמען די זאַכן, וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט אין דער נאַטור, און שטעלט פון זיי צונויף איין בילד, — דהיינו, ער שטעלט זיך פאָר אַ בריאה אין מענטשנ־געשטאַלט מיט אַ קאָפּ פון אַ פערד און מיט פליגלען, — דאָס איז דאָך אָבער מער ניט ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך, וואָס איז כלל ניט בנמצא. (שאַפן אָבער אידעאַלן איז ניט די ווירקונג בלויז פונם כוח הדמיון, נייערט די ווירקונג פון דער איינבילדונגסקראַפט און פונם פאַרשטאַנד צוגלייך). דער כוח הדמיון קען בשום אופן ניט משיג זיין דאָס אַלגעמיינע אינגאַנצן ריין פון אינדיווידועלן קערפּערלעכן, אַפילו ביי אַלע אַבסטראַהירונגען. דעריבער קען דער כוח הדמיון ניט זיין קיין מאַסשטאַב פון אַבסאָלוטן אמת.

„הער נון, וואָס פאַר נוצן די מאַטעמאַטיק האָט אונז אין אָט דעם זין געבראַכט און צו וואָס פאַר אמתן מיר זיינען אדאנק איר געקומען!

„עס זיינען בנמצא זאַכן, וואָס דער כוח הדמיון קען זיי זיך גאָרניט פאָרשטעלן, פונקט ווי דער פאַרשטאַנד קען ניט באַנעמען קיין סתירותדיקע זאַך. און דאָך האָט די דערפאַרונג אָדער דער שכל אונז איבערגעצייגט אינם אמת פון אָט די „אוממעגלעכע" זאַכן. שטעל דיר, למשל, פאָר אין דיין דמיון אַ קויל, גרויס ווי דער גאַנצער כדור הארץ, וואָס דורך איר מיטלפונקט גייט דורך אַ ליניע, אַן אַקס. נון שטעל זיך פאָר צוויי מענטשן, וואָס שטייען אויף ביידע ענדן (פּאָלוסן) פון דער דאָזיקער אַקס, באופן אַז די מענטשן מיט דער אַקס בילדן איין גראָדע ליניע. די אַקס קען מען זיך פאָרשטעלן פּאַראַלעל מיטן האָריזאָנט אָדער ניט פּאַראַלעל. אין ערשטן פאַל וואָלטן ביידע מענטשן געמוזט אַראָפּפאַלן; אין צווייטן פאַל אָבער וואָלט געמוזט אַראָפּפאַלן נאָר דעריעניקער, וואָס אים קומט אויס צו שטיין אונטערן האָריזאָנט. פונקט אַזוי שטעלט זיך פאָר דער כוח הדמיון. עס איז אָבער שוין דערוויזן געוואָרן, אַז די

ערד איז קיילעכדיק און באַוואוינט אויף ביידע פּאָלוסן און אַז די באַוואוינער פון די קעגנגעזעצטע פּאָלוסן זייגען געווענדט מיטן קאָפּ צום הימל און מיט די פיס קעגנאַנאַנדער, און פונדעסט־וועגן פאַלט קיינער פון זיי ניט אַראָפּ, ווייל מ׳קאָן גאָר ניט אַראָפּפאַלן, מחמת עס איז גאָר ניטאָ קיין אויבן און קיין אונטן, נייערט איטלעכער באַוואוינער פון דידאָזיקע צוויי קעגנ־זעצלעכע פּאָלוסן איז צוגלייך אי אויבן אי אונטן אין באַציִונג צום אַנדערן.

„אין צווייטן מאמר פונם בוך וועגן מאַטעמאַטישע פּי־גורן (דאָ מיינט דער רמב״ם, משמעות, דאָס בוך פון אַפּאָ־לאָניוס[1]) וועגן קאָנוס) איז דערוויזן געוואָרן, אַז עס קען געבן צוויי ליניעס (איינע אַ גראָדע און איינע אַ קרומע), וואָס גייען אַרויס אין אַ באַגרעניצטן מרחק פון אַנאַנדער, און וואָס ווייטער זיי ווערן געצויגן, אַלץ מער דערנעענטערן זיי זיך איינע צו דער אַנדערער, און דאָך טרעפן זיי זיך קיינמאָל ניט צוזאַמען, ווען מ׳זאָל זיי אַפילו פאַרלענגערן אָן אַ סוף[2]). אויך דאָס קען דער כּוח הדמיון זיך ניט פאָרשטעלן. און להיפּך איז ווידער דער־וויזן געוואָרן די אוממעגלעכקייט דערפון, וואָס דער כּוח הדמיון שטעלט זיך פאָר, אַז גאָט איז אַ קערפּער אָדער אַ קערפּערלעכע קראַפט, ווייל דער כּוח הדמיון קען גאָר ניט משיג זיין קיין שום זאַך פון דער מציאות, וואָס זאָל ניט זיין קיין גוף.

---

[1]) אַפּאָלאָניוס פון טיאַנע — גריכישער פילאָסאָף, פּיטאַגאָריאַ־נער. געשט. 97 נ. איר. צ״ר. דער איבערז.

[2]) דער רמב״ם רעדט דאָ וועגן די אַסימפּטאָטן פון די קרומע ליניעס. אין מיין פּירוש אויפן „מורה נבוכים" האָב איך דערקלערט דעם באַווייז פון דעם דאָזיקן מאמר אַ׳מאָפּהעגגיק פון דער טעאָריע פון קרומע ליניעס.

הערה פונם מחבר.

# פינפטער קאַפּיטל.

**המשך פונם פאָריקן קאַפּיטל. באַגריף פון מלאכים. אייניקע פון זיי בלייבן אויף דעם פּאָסטן פון זייער שליחות, אנדערע אָבער ווערן אַראָפּגעזעצט לפי אַ גזירה מן השמים. די אַנטשטייאונג פון די פשוטע עצמס און די דרכים פון זייער ווירקן. די ראיות פון אַריסטאָטעלעס תלמידים וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט.**

דער צווייטער טייל פון „מורה נבוכים" הייבט זיך אָן מיטן דערקלערן די פּרעמיסן פון די פּעריפּאַטעטיקער[1]) און די ראיות, פון דידאָזיקע פּרעמיסן אַרויסגעדרונגענע, וועגן דער מציאות פון גאָט, זיין אייביקייט און אומקערפּערלעכקייט. אָבער היות די בייערע מעטאַפיזיקער האָבן שוין איבערגענומען גאָר דאָס גוטס פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג און אויך פאַרריכט אַלע חסרונות אירע, — גיי איך איבער דעם אַריבער מיט שווייגן.

די לערע פון אַריסטאָטעלעס (וואָס דער רמב"ם האָט זיך אָן איר געהאַלטן), אַז די הימלישע קערפּערס זיינען באַלעבטע פאַרנינפטיקע עצמס, איז זייער אַ שיינער מעטאַפיזישער חלום, און איך גיי זי אויך אַזוי אַריבער מיט שווייגן. אָבער דאָס, וואָס

[1]) די תלמידים און אָנהענגער פון אַריסטאָטעלעס.

דער איבערז.

דער רמב״ם זאָגט וועגן די מלאכים, איז אַזוי אָריגינעל און, לויט מיין מיינונג, אַזוי וויכטיק אויף צום צעשטערן די אָבערגלויבנס, אַז איך געפין פאַר נייטיק איבערצוגעבן דעם לעזער דעם תמצית דערפון, און אויף וויפיל מעגלעך — מיט די אייגענע ווערטער פונם מחבר.

אין די כתבי הקודש און אין תלמוד רעדט זיך אָפט וועגן די מלאכים ווי וועגן גאָטס משרתים, וואָס פירן אויס זיינע באַפעלן אויפן עולם התחתון. דער דאָזיקער שטייגער פון פאָרשטעלונג איז אַנטראָפּאָמאָרפיסטיש. וועלן מיר נון זען, ווי דער רמב״ם זוכט צו פאַרפייַנערן דידאָזיקע פאָרשטעלונג און צוצופּאַסן זי צום אמת.

„אַז מלאכים זיינען בנמצא, — זאָגט דער רמב״ם אין זעקסטן פּרק פונם צווייטן טייל „מורה נבוכים״, — דאַרף איך ניט ברענגען קיין ראיה מן התורה. דען דאָס שטייט בפירוש געשריבן אין תנ״ך זייער אַ סך מאָל. איך האָב שוין אין דעם דאָזיקן ספר דערקלערט, אַז די מלאָכים זיינען ניט קיין קערפּערס; דאָס באַהויפּט אויך אַריסטאָטעלעס. מיר אונטערשיידן זיך בלויז אין דער טערמינאָלאָגיע; ער רופט זיי אָן אָפּגעזונדערטע שכלען, איך אָבער רוף זיי מלאכים. און וואָס אַריסטאָטעלעס האָט געזאָגט, אַז דידאָזיקע אָפּגעזונדערטע שכלען זיינען מיטלער (פאַרמיטלער — שליחים) צווישן גאָט און די עצמס פון דער נאַטור, — שטייט אויך געשריבן אין אונזערע ספרים. יעדע ווירקונג פון גאָט געשעט דורך אַ מלאך, אַ שליח, דען מלאך אין העברעיש באַטייט שליח. דער יעניקער, וואָס פירט אויס דעם באַפעל פון אַן אַנדערן, איז בכן אַ מלאך. דעריבער געפינען מיר, אַז אפילו די ווילדווילנדיקע באַוועגונגען פון די אומפאַרנינפטיקע ניטרייידנדיקע בעלי־חיים ווערן אין תנ״ך צוגעשריבן צו אַ מלאך, ווען דידאָזיקע באַוועגונגען זיינען צוועקמעסיק, ד. ה. ווען זיי שטימען מיט דער כוונה פונם באַשעפער. אין דעם זין מוזן מיר פאַרשטיין דניאלס ווערטער: „גאָט האָט געשיקט זיין

מלאך, וואָס האָט צוגעשלאָסן די מיילער פון די לייבן, בכדי זיי זאָלן מיך ניט אומברענגען" (אויפן אומביבלישן לשון וואָלטן מיר זיך אויסגעדריקט: די לייבן האָבן צו מיר קיין אַפּעטיט ניט געהאַט). אַזוי האָט אויך בלעמס אייזעלין אַ מלאך געווירקט, — דאָס מיינט די אַיינבילדונגס-קראַפט, וואָס האָט מיט אים אָפּגעשפּילט אַ שפּאַס. אַפילו די עלעמענטן פון דער נאַטור, די סטיכיען ווערן אָנגערופן מלאכים: „ער מאַכט די ווינטן פאַר מלאכים, פאַר זייַנע משרתים — דעם ברענענדיקן פייער" (עושה מלאכיו רוחות, משרתיו אש לוהט). דער אויסדרוק מלאך באַטייט בכן צווישן אַנדערן אויך יעטווידע נאַטורקראַפט. און אַזוי האָבן אויך געזאָגט די חז"ל[1] אין מדרש קוהלת: „גאָט און זיין הויכער בית-דין האָבן יעדן אבר אינם מענטשלעכן קערפּער אָנגעוויזן זיין געהעריקן פּלאַץ", ד. ה. איטלעכער גליד באַקומט די שטעל, וואָס פּאַסט זיך פאַר אים לויט דער ווירקונג, וואָס עס מאַכן אויף אים די כוחות פון דער נאַטור. מ'דאַרף זיך אָבער ניט אַיינבילדן, אַז גאָט האָט כלומרשט נייטיק צו פירן געשפּרעכן אָדער עצות צו האַלטן זיך מיט עמעצן; דאָס איז באמת מער ניט ווי אַ דערקלערונג, אַז אַפילו די קלענסטע טיילן פון די נאַטור-קערפּערס ווערן באַשטימט דורך מלאכים, ד. ה. דורך ווירקנדיקע נאַטור-כוחות.

„ווי ווייט גייט די פאַרבלענדונג פון דער נאַרישקייט! אויב דו וועסט זאָגן צו איינעם פון די, וואָס רעכענען זיך פון די חכמי ישראל (חכמים אין דער תורה), אַז גאָט שיקט זיין מלאך אינם בויך פון אַ שוואַנגערער פרוי, בכדי ער זאָל דאָרטן אויסבילדן דעם עמבריאָן, — דאַן וועט ער עס אויפנעמען מיט התפעלות און וועט עס באַטראַכטן ווי דעם אויסדרוק פון גאָטס העכסטער מאַכט און חכמה, גלויבנדיק אין דער זעלביקער צייט, אַז אַ מלאך איז אַ פייערדיקער קערפּער די גרייס ווי אַ דריטל

[1]) חז"ל — חכמינו (אונזערע חכמים) זכרונם לברכה.

דער איבערז.

פון דער גאַנצער ערד. יע, וועט ער זאָגן, ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך. זאָג אים אָבער פאַרקערט, אַז גאָט האָט אַריינגעגעבן אין דער זרע פונם מענטשן אַן אויסבילדנדיקן כּוח און אַז אָט דער כּוח איז עס דער פריערדערמאָנטער מלאך, — דאַן וועט ער דעם דאָזיקן געדאַנק פאַרדאַמען ווי אַן אפיקורסות, ווייל פון גאָטס אמתער מאַכט, יכולת און חכמה האָט ער קיין שום השגה ניט, באַגרייפט ניט די פאַרבאָרגן-ווירקנדיקע כּוחות פון דער שאַפונג.

„אין בראשית רבא ווערט געזאָגט: „איין מלאך קאָן ניט טאָן צוויי פאַרשיידענע שליחותן און צוויי מלאכים קאָנען ניט טאָן איינע און דיזעלביקע שליחות“. די כּוונה דערפון איז אויך בשייכות צו די כּוחות פון דער נאַטור: יעדע ווירקונג פאַרדערט איין באַשטימטע קראַפט, און יעדע קראַפט קאָן אַרויסברענגען בלויז איין באַשטימטע ווירקונג.

„בנוגע דעם ענין פון יהודה און תּמר זאָגט ר' יוחנן אין בראשית רבא: יהודה האָט געוועלט פאַרבייגיין תּמרן. האָט גאָט אָבער מרמז געווען פונזיינעטוועגן דעם מלאך, וואָס איז ממונה אויף דער תּאווה, ד. ה. גאָט האָט געלאָזט ווירקן די קראַפט פון דער נאַטור, די מוסקלקראַפט“ (ס'איז שווערלעך צו גלויבן, אַז ר' יוחנן זאָל דאָ האָבן געדענקט ווי ר' משה ב"ר מימון. דען אויב אַזוי, וואָלט ער דאָס ניט געקענט באַטראַכטן ווי אַן אַקט פון השגחה פּרטית, ווי דאָס זעט מען אַרויס בפירוש פונם המשך פון ר' יוחננס מאמר דאָרטן אין מדרש).

„ס'איז קלאָר, — זאָגט דער רמב"ם אין פּרק י"ב פון צווייטן טייל, — אַז אַלץ מעגלעכס, וואָס ווערט ווירקלעך, מוז האָבן אַן איינוווירקנדיקע סיבה, וואָס אַנטהאַלט דעם גרונד, פאַרוואָס ווערט ווירקלעך דאָס, וואָס איז אָן און פאַר זיך בלויז מעגלעך. דידאָזיקע ווירקנדיקע סיבה איז ענטוועדער מאַטעריעל, אָדער אוממאַטעריעל. די מאַטעריע אָבער ווירקט ניט ווי ווייט זי איז מאַטעריע בכלל (ווייל מאַטעריע אָן און פאַר זיך איז בלויז פּאַסיוו און ניט אַקטיוו), נייערט ווי

ווייט זי איז דורך אַ געוויסער פאָרם אַ באַשטימטע מאַטעריע (ווי, למשל, פייער, וואָס ווירקט דורך זיין באַשטימטער פאָרם — היץ און טרוקנקייט). דידאָזיקע נאָענטסטע סיבה אָבער האָט ווידער איר סיבה א. אז. וו. דאָס קאָן אָבער ניט גיין ביז אָן אַ סוף (ווייל אַן אומענדלעכע ריי סיבות איז קיינמאָל ניט פאַרפולקומט און קאָן בכן קיינמאָל ניט מאַכן קיין שום ווירקונג). דער פועל היוצא מדברינו איז, אַז אַלץ, וואָס איז ווירקלעך, מוז בהכרח האָבן אַ ערשטע סיבה, וואָס האָט עס געמאַכט פאַר ווירקלעך. מ׳קען אָבער פרעגן: פאַרוואָס האָט דידאָזיקע נויטווענדיקע (און בכן אויך אייביקע) סיבה אַרויסגעבראַכט די ווירקונג איצט און ניט פריער? דערויף קען מען געבן דעם פאָלגנדיקן ענטפער: אויב די סיבה איז אַ מאַטעריעלע, דאַן ליגט דער גרונד פון דער שפעטערער ווירקונג דערין, וואָס עס פעלט אַן אויסווייניקסטע, בתנאי נויטווענדיקע פאַרהעלטעניש צווישן דער נאָענטסטער סיבה און דער ווירקונג; אויב די סיבה איז אָבער אַן אוממאַטעריעלע, דאַן ליגט דער גרונד פון דער שפעטערער ווירקונג דערין, וואָס עס פעלט די דערצו געפאָדערטע צוגרייטונג פון דער מאַטעריע. די אַנטשטייאונג פון יעטווידער צוזאַמענגעזעצטער זאַך פאָדערט אַ צוזאַמענהעפטונג פון אירע טיילן (עלעמענטן) איינע מיט די אַנדערע און זייער קעגנזייטיקע ווירקונג. דאָס איז אָבער מעגלעך בלויז ביי אַ באַשטימטער פאַרהעלטעניש אין דיסטאַנץ, ווייל נאָר אויף אַ געוויסן מרחק קענען די קערפערס צוציען איינע די אַנדערע און קעגנזייטיק ווירקן. אָבער די צורות, די פאָרמען (פשוטע סובסטאַנצן, די כוחות, וואָס אין יעדן קערפער) פאָדערן ניט קיין פאַרהעלטעניש אין מרחק (ווייל עס איז ניט מעגלעך קיין פאַרהעלטעניש אין דיסטאַנץ צווישן דער פאָרם, וואָס איז אַן איינפאַכער עצם, און דער מאַטעריע, וואָס איז אַ צוזאַמענגעזעצטער עצם); זיי, די פאָרמען, פאָדערן בלויז, די מאַטעריע זאָל צוגעגרייט ווערן אָנצונעמען די פאָרם. די פאָרמען האָבן אויך אַ ווירקנדיקע סיבה, אָבער די סיבה פון די פאָרמען קען זיין בלויז אויך נאָר אַ פאָרם (דען די ווירקונג פון דער

סיבה איז פון איר מין). און היות דידאָזיקע פאָרמען זיינען איינ־פאַכע עצמס, קענען זיי ניט אַנטשטיין אָדער פאַרגיין מיט דער צייט און פּאַמעלעך, נייערט פּלוצלונג און אויף אַמאָל.

די ווירקונג פון אַ פּשוטן עצם, אַן אָפּגעזונדערטן פון דער מאַטעריע, קען אויפן בעסטן אופן פאַרגליכן ווערן מיט דעם אויספלוס פון וואַסער. פונקט אַזוי ווי דער דאָזי־קער אויספלוס איז ניט באַגרעניצט מיט קיין שום באַשטימטער ריכטונג און מרחק, נייערט ער קערט זיך און ווענדט זיך אין אַלע זייטן, וואו עס איז נאָר דאָ אַ צוגעגרייטקייט אָנצונעמען זיין ווירקונג, און זעטיקט אָן אַלע גאָענטע און ווייטע ערטער, — פונקט אַזוי שטרעקט זיך אויס אויף די ווירקונג פונם איינפאַכן עצם, דעם אָפּגעזונדערטן פון דער מאַטעריע, אויף אַלץ, וואָס איז מסוגל אָנצונעמען זיין השפּעה. און היות גאָט איז די אַלער־ערשטע סיבה פון דער וועלט און איז אומקערפּערלעך, אוממאַטעריעל, קענען מיר אייניקערמאָסן זאָגן: די וועלט איז אַן אויספלוס פון דער גאָט־הייט, ד. ה. זי איז אַנטשטאַנען פון גאָטס שפע, — ווייל מיר קענען ניט געפינען קיין שום בעסערן אויסדרוק, וואָס זאָל פּאַסן פאַר דער וואָרהאַפטיקייט פון דער פאָרשטעלונג".

אַלץ, וואָס איז געזאָגט אינם דערמאָנטן פּרק י"ב פון „מורה נבוכים", איז אַ הקדמה און אַן אַריינפיר צום ווייטער־דיקן קאַפּיטל, ווו מיימוני פירט דורך אַ קריטיק איבער די מיינונגען פון די פילאָסאָפן, וואָס גלויבן, אַז די וועלט איז אַ קדמון. דער מחבר ווייזט דאָ אַרויס די גרעסטע פיינקייט. ער אַליין, וואו אַ פילאָסאָף אַ דאָגמאַטיקער, איז נוטה צו דער דעה פון אַריסטאָטעלעס וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט. בכדי אָבער ניט איינצורייסן מיט די טעאָלאָגן, זוכט ער אייניקערמאָסן אָפּצושוואַכן די ראיות, וואָס זיינען געבראַכט גע־וואָרן לטובת דידאָזיקע מיינונגען. אָבער אין דער זעלביקער צייט ברענגט ער דאָ אַליין, דרך אַגב און אָן אַ שייכות צו דער דאָ־זיקער חקירה, דעם וויכטיקסטן און אַנטשיידנדיקסטן גרונט פאַר

דער דאָזיקער מיינונג. ער זאָגט אַזוי: די ווירקונג פון אַן אומ־מאַטעריעלן עצם קאָן באַשטימט ווערן בלויז דורך דער אויפּ־נעמיקייט פון דער מאַטעריע, ד. ה. דורך דער צוגע־גרייטקייט און פעיקייט פון דער מאַטעריע אויפצונעמען די וויר־קונג פונם אוממאַטעריעלן עצם; און דאָס[1] איז דער טעם, פאַר־וואָס דידאָזיקע ווירקונג ווייזט זיך אַרויס נאָר אין געוויסע צייטן און אויף געוויסע געגנשטאַנדן. נאָך דידאָזיקע הנחות איז ניטאָ קיין גרונד צו מיינען, אַז די וועלט זאָל האָבן געקענט אַנטשטיין אין אַ געוויסער צייט, דען די וועלט בכלל האָט זיך ניט געניי־טיקט אין דער צוגרייטונג פון דער מאַטעריע, ווייל דער בורא האָט דאָך שוין באַשאַפן די מאַטעריע אַ יש מאַין.

נאָכדעם ווי דער רמב״ם האָט דאָס געלייגט אין גרונד פון זיין חקירה, גייט ער אַריבער צום צווייטערדיקן פּרק.

אין אָט דעם פּרק זאָגט דער רמב״ם:

„ביי די, וואָס גלויבן אין מציאות הבורא, הערשן דריי־ערליי מיינונגען וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט אָדער וועגן איר אַנטשטיין פון גאָרנישט:

1) די מיינונג פון אונזער געטלעך־אַנטפּלעק־טער רעליגיע. לויט אָט דער מיינונג, איז די וועלט אינ־גאַנצן, ד. ה. אַלץ, וואָס עקסיסטירט אויסער גאָט, באַשאַפן גע־וואָרן פון גאָט, בהסכם מיט זיין חכמה און מיט זיין פרייען רצון, — באַשאַפן געוואָרן אַ יש מאַין. אַפילו די עצם צייט איז פון כלל באַשאַפענע געגנשטאַנדן; דען די צייט איז אוממאָפּשיידבאַר פון דער באַוועגונג און איז אונטערוואָרפן דער פאַרענדערונג. די באַוועגונג איז אַן אַקצי־דענץ[2] פון דעם באַוועגטן (אַ צופעליקער צייכן

[1] דאָס פעלן פון צוגעגרייטקייט פון דער מאַטעריע, דער איבערז.

[2] אַקצידענץ — דאָס ניט־עצמדיקע, דאָס וועקסלדיקע, דאָס צופעליקע פון אַ זאַך, וואָס קאָן אויך אַנדערש זיין, ניט פאַרענ־דערנדיק און ניט באַזייטיקנדיק דעם עצם פון דער זאַך. לויט קאַנטן, זיינען

פונם עצם, וואָס באַוועגט זיך); דאָס דאָזיקע באַוועגטע גופא אָבער איז אַנטשטאַנען פון גאָרנישט. על כן ווען מיר זאָגן: גאָט איז געווען נאָך איידער ער האָט די וועלט באַשאַפן, אַזוי אַז דאָס וואָרט געווען דריקט אויס אַ צייט, און אויסערדעם שטעלן מיר זיך פאָר די צייט אומענדלעך, — דאַן איז עס בלויז פאָרגעשטעלטע, היפּאָטעטישע, אָבער ניט אמתע, ניט אַבסאָלוטע צייט. דען כאָטש די צייט איז ניט קיין קוואַליטעט, ווי, למשל, ווייסקייט און שוואַרצקייט, איז זי דאָך, אָן ספק, אַן אַקצידענץ אַן אומאָפּשיידבאַרע פון דער באַוועגונג. איך באַמערק דאָ דרך אגב, אַז אייניקע פילאָסאָפן (למשל, גאַלענוס[1]) האָבן אויף אַזוי פיל ניט אָנערקענט די טבע פון צייט, אַז זיי האָבן אַפילו אָנגעהויבן צווייפלען, צי מ'קען גאָר די צייט רעכענען פאַר אַן אמתדיקע זאַך במציאות; דאָס איז אָבער דערפאַר, ווייל די צייט איז אַן אַקצידענץ פון אַן אַנדער אַקצידענץ (אַ מקרה־זאַך אין אַ מקרה־זאַך). דען די אַקצידענצן, וואָס געפינען זיך דירעקט אין דער סובסטאַנץ, ווי,

---

אַקצידענצן די באַשטימונגען פון אַ סובסטאַנץ (עצם, יסוד פון יעדער עקסיסטירנדיקער זאַך), וואָס זיינען ניט אַנדערש ווי באַזונדערע אַרטן עקסיסטענץ פון דער דאָזיקער סובסטאַנץ. ביי אַלע פאַרענדערונגען אין דער וועלט בלייבט די סובסטאַנץ (דער עצם), נאָר די אַקצידענצן (די באַזונדערע צופעליקע סימנים) בייטן זיך. דער איבערז.

[1]) קלוידיוס גאַלענוס פון פערגאַם אין קליין־אַזיע (געב. 131—געשט. אַן ערך 200 נ. אייר. צ"ר) — נאָך היפּאָקראַטעסן דער באַרימטסטער אַרצט אין אוראַלטער. פילאָסאָף־עקלעקטיקער, פאַראייניקט אין סינטעז די פיר פילאָסאָפישע שולן: די פּלאַטאָנישע, די סטאָאישע, די פּעריפּאַטעטישע (אַריסטאָטעלישע) און די עפּיקורעישע. דאָמינירט האָט ביי אים אָבער דער פּעריפּאַטעטיזם. אין מעדיצין זיינען באַוואוסט די „גאַלענוס־פּרעפּאַראַטן". אָנגעשריבן ניט ווייניקער ווי 300 ווערק אויף די געביטן פון מעדיצין און פילאָסאָפיע; דער גרעסטער טייל פון זיי פאַרלאָרן געגאַנגען. אים האָט שטאַרק מקרב געווען מאַרקוס אַורעליוס.

דער איבערז.

למשל, די *מַראֶה* און דער *טעַם*, קענען לייכט באַגריפן ווערן; פאַרקערט, אָבער, די אַקצידענצן פון אַנדערע אַקצידענצן, — ווי, למשל, דער *בלאַנק* אין דער *מראה* אָדער די *ריכטונג* און דער *היקף* אין דער *ליניע* (אין געאָמעטריע), — איז שווער צו באַנעמען. דאָס איז דער פאַל אויך מיט דער *צייט* ווי אַן אַקצידענץ פון דער *באַוועגונג*, וואָס איז פון איר זייט אַליין אַן אומשטאַנדהאַפטיקע אַקצידענץ פון די *קערפערס*. דעריבער רעכענען מיר, אַז די צייט איז, פונקט ווי אַלע סובסטאַנצן און זייערע אַקצידענצן, אַ „זאַך" *אַבאַשאַפענע*. זאָל מען, פאַרקערט, אָננעמען, אַז די צייט איז אייביק, דאַן מוז מען צוגעבן, אַז אויך די וועלט איז אייביק, ווייל די צייט, ווי אַן אַקצידענץ, קען ניט געדענקט ווערן אָן אַ סובסטאַנץ. (*קאַנט* האָט אָבער אין אונזערע צייטן דערוויזן, אַז די צייט איז ניט קיין סובסטאַנץ און ניט קיין אַקצידענץ, נייערט איז בלויז אַ *פאָרם* פון דער וועלט ווי אַ *בחוש פילבאַרע דערשיינונג*. די וועלט אָבער ווי אַ *זאַך פאַר זיך*, *בכלל*, האָט ניט קיין ענין צייט. און דערמיט ווערט פולשטענדיק אָפּגעשאַפט דידאָזיקע סתירה[1]), וואָס קומט אַרויס בלויז דערפון, וואָס מ'איז מייחס דידאָזיקע *פאָרם* (די צייט) צו דער *וועלט בכלל*).

2) די מיינונג פון די *ערשטע פילאָסאָפן*. זיי זאָגן, אַז עס איז אוממעגלעך, גאָט זאָל שאַפן אַ *ישמאַין*. עס איז אָבער גאָר ניט קיין סתירה צו זיין אומענדלעכער מאַכט, אויב ער שאַפט ניט קיין אוממעגלעכקייטן, פונקט ווי עס איז ניט קיין סתירה, וואָס ער שאַפט ניט אַ *קוואַדראַט*, וואָס זיין דיאַגאָנאַל זאָל זיין גלייך זיין זייט, וכדומה אוממעגלעכקייטן. בכן האַלטן די ערשטע פילאָסאָפן, אַז די מאַטעריע עקסיסטירט בהכרח פאַר זיך אַליין און איז אַ קדמון. די פאָרמען אָבער, פאַרקערט, ווערן געשאַפן דורך גאָטס פרייען ווילן. לויט דער

---

[1]) די סתירה צווישן אייביקייט פון צייט און ניט-אייביקייט פון וועלט, אָדער צווישן אַקצידענץ און סובסטאַנץ. *דער איבערז.*

דאָזיקער טעאָריע, אַנטשטייט, אמת, די וועלט און פאַרגייט, פונקט ווי אַלע איינצלנע זאַכן, אָבער זי קומט ניט אויף פון גאָרנישט און ווערט אין איר אונטערגאַנג ניט פאַרוואַנדלט אין גאָרנישט. אויך פּלאַטאָן[1] איז אַן אָנהענגער פון דער דאָזיקער מיינונג, ווי עס ווייזט זיך אַרויס פון זיין בוך „טימעאוס“.

3) די מיינונג פון אַריסטאָטעלעס און זיינע תלמידים און מפרשים. לויט זיין טעאָריע, איז אייביק ניט בלויז די מאַטעריע, בייערט אויך אַלץ, וואָס איז, נאָך אונזער חוש, אומפאַרענדערלעך אין דער וועלט (די הימלישע קערפּערס, לויטן מצב פון דער פיזיק אין זיינע צייטן, וכדומה), און די אָרדענונג פון דער נאַטור ווערט אייביק פאַרבלייבן דיזעלביקע אומפאַרענדערלעך, ווי זי איז געווען פון בריאת־עולם אָן. אַריסטאָטעלעס דערווייזט די אייביקייט פון דער וועלט מיט פאָלגנדיקע ראיות (ווי דער רמב״ם דערקלערט דאָס אין פרק י״ד). ער זאָגט:

א) די אַבסאָלוטע באַוועגונג קען ניט אַנטשטיין און ניט פאַרגיין, דען אַלץ, וואָס אַנטשטייט, אַנטשטייט דורך באַוועגונג, — בכן איז אוממעגלעך, די באַוועגונג גופא זאָל אַנטשטיין אָדער פאַרגיין. און מחמת דעם דאָזיקן טעם קען אויך די צייט ניט אַנטשטיין און ניט פאַרגיין, ווייל די צייט איז דאָך אַן אַקצידענץ פון דער באַוועגונג.

ב) די אַבסאָלוטע מאַטעריע (materia prima) קען ניט אַנטשטיין און ניט פאַרגיין, דען אַלץ, וואָס אַנטשטייט, אַנטשטייט פון מאַטעריע (פון דער אַבסאָלוטער מאַטעריע).

ג) די דריטע ראיה פון אַריסטאָטעלעס באַזירט אויף ניט

[1] פּלאַטאָן (אַן ערך 328—348 פ. איר. צ״ט) — גריכישער פילאָסאָף פון אַטען, אַ תלמיד פון סאָקראַטעס, גרינדער פון דער אַקאַדעמישער פילאָסאָפישער שול. דער צענטער פון זיין פילאָסאָפיע איז די אידעען־לערע, איינע פון די גרעסטע פילאָסאָפישע שאַפונגען פון אַלע צייטן, — אַ מעטאַפיזיש־אידעאַליסטישע דיכטונג. דער איבערז.

ריכטיקע ידיעות וועגן דער נאַטור פון די הימלישע קערפּערס, על כן וועל איך זי אַריבערגיין מיט שווייגן.

ד) אַלץ ווירקלעכס, וואָס אַנטשטייט, מוז האָבן אין זיך די מעגלעכקייט פון אַנטשטייאונג נאָך פריער, איידער עס אַנטשטייט אין צייט. אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן פּאָסטולאַט האָבן די אַריסטאָטעליקער געזוכט צו דערווייזן די אייביקייט פון דער וועלט אויף פאָלגנדיקן אופן:

די עקסיסטענץ פון דער וועלט, זאָגן זיי, איז איידער זי האָט דערגרייכט צו עקסיסטענץ געווען ענטווידער מעגלעך, אָדער נויטווענדיק, אָדער אוממעגלעך. איז די וועלט געווען נויטווענדיק, דאַן האָט זי דאָך געמוזט עקסיסטירן פון אייביק אָן. איז זי אוממעגלעך געווען, איז דאָך לא יתכן, זי זאָל ווען עס איז דערגרייכן צו עקסיסטענץ. איז זי אָבער מעגלעך געווען, דאַן פרעגט זיך דאָך אַ שאלה: וואָס איז געווען דער סוביעקט (דער טרעגער) פון דער דאָזיקער מעגלעכקייט? דען עס האָט דאָך געמוזט עטוואָס זיין, וואָס האָט אין זיך דידאָזיקע מעגלעכקייט געטראָגן און וועגן וואָס מ׳קען באַהויפּטן, אַז עס איז מעגלעך. אייניקע דיאַלעקטיקער האָבן, אמת, געוועלט מבטל מאַכן דעם דאָזיקן באַווייז דערמיט, וואָס זיי האָבן געזאָגט: די מעגלעכקייט איז שייך בלויז דער ווירקנדיקער סיבה, וואָס האָט געקאָנט די וועלט באַשאַפן, אָבער ניט דעם געגנשטאַנד פון דער ווירקונג—דער וועלט. אָבער פּאַקטיש הייסט דאָס גאָרנישט געזאָגט, מחמת עס זיינען דאָך פאַרהאַן צווייערליי מינים מעגלעכקייט: די מעגלעכקייט פונם געגנשטאַנד צו ווערן ווירקלעך, און די מעגלעכקייט אין דער ווירקנדיקער סיבה דידאָזיקע ווירקונג אַרויסצוברענגען, ד. ה. אַ מעגלעכקייט אין דער מאַטעריע, זי זאָל זיין אַזוי, און אַ מעגלעכקייט אינם ווירקער (אינם באַשעפער), ער זאָל ווירקן אַזוי.

חוץ דידאָזיקע ראיות פאַר דער אייביקייט פון דער וועלט אויפן יסוד פון באַטראַכטן די עצם וועלט, האָבן די נאָכפאָלגער פון אַריסטאָטעלעס

נאָך אַנדערע באַווייזן פאַר דעם אין דער ע צ מ ד י ק י י ט פ ו ן ג אָ ט. זיי זאָגן:

1) אויב מיר זאָלן זאָגן, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט פון גאָרנישט, דאַן האָט ער דאָך פריער, פאַר בריאת העולם, געמוזט האָבן די פ ע י ק ק י י ט דערצו, געדאַרפט זיין א באַ־שעפער אין פ אָ ט ע נ ץ (בכוח), און דידאָזיקע פ ע י ק ק י י ט אָדער פ אָ ט ע נ ץ איז נאָכדעם אַרויס מן הכוח אל הפועל. עס האָט בכן ווידער געמוזט זיין אַן אַנדער סבה, וואָס האָט דידאָזיקע פ ע י ק ק י י ט געבראַכט צו דער ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט, — אָבער דאַן וואָלט דאָך גאָט שוין מער ניט געווען די ע ר ש ט ע ס י ב ה.

2) אויב עמעצער ווירקט אין איין צייט און ווירקט ניט אין אַן אַנדער צייט, געשעט עס בלויז מחמת עס זיינען געווען דערצו מ ע ו ר ר י ם (סטימולן) און מ נ י ע ו ת: די מ ע ו ר ר י ם באַשטימען דעם ווילן צום ווירקן, און די מ נ י ע ו ת האַלטן אים אָפּ דערפון. אָבער היות גאָט איז דער אַלערפולקומסטער עצם און קען בכן ניט האָבן קיין מ ע ו ר ר י ם און קיין מ נ י ע ו ת, קענען מיר דעריבער ניט אָנגעבן קיין שום גרונד, פאַרוואָס ער זאָל אין איין צייט ווירקן און אין אַן אַנדערער—ניט, נייערט מיר מוזן אָננעמען, אַז זיין ווירקן מוז זיין אייביק, פונקט ווי זיין עקסיסטענץ.

3) די ווירקונגען פון גאָט, דעם בתכלית־השלימותדיקסטן וועזן, זיינען אין העכסטן גראַד פולקום. א ר י ס ט אָ ט ע ל ע ס זאָגט אָפּט: ד י נ אַ ט ו ר א י ז ק ל ו ג און טוט קיין זאַך ניט לבטלה, נייערט שאַפט אַלץ אויפן שלימותדיקסטן אופן. זיינע אָנהענגער דרינגען דערפון ווייטער און זאָגן: דידאָזיקע ווירקלע־כע וועלט איז פולקום בתכלית־השלימות און עס קאָן גאָר קיין שום בעסערע ניט זיין, און ווייל זי איז אַ פועל־יוצא פון דער חכמה עליונה, בכן מוז זי, די וועלט, זיין פונקט אַזוי אייביק, ווי דידאָזיקע געטלעכע פאַרנונפט.

און זיי גיבן צו: ווי קאָן מען גאָר זיך פאָרשטעלן, אַז גאָט, דער תכלית־השלימותדיקסטער עצם, זאָל די גאַנצע אומענדלעכע

צייט פאַר בריאת עולם זיצן ליידיק, ניט שאַפנדיק דאָס מינד־סטע, און אַז ערשט דאָ ניט לאַנג האָט ער זיך מיט אַמאָל אַנטשלאָסן צו באַשאַפן די וועלט?! דען ווען מיר זאָלן אַפילו אָננעמען, אַז גאָט האָט שוין באַשאַפן אַזוי פיל וועלטן, וויפיל זאַמדקערנדלעך עס פאַרמאָגט אונזער כדור הארץ, און אַז איט־לעכע פון דידאָזיקע אַלע וועלטן האָט עקסיסטירט אַזוי פיל יאָרן, ווי די צאָל פון דידאָזיקע זאַמדקערנדלעך, — דאַן איז דאָך דאָס אַלץ קעגן גאָטס אומענדלעכער עקסיסטענץ אַזאַ נישטיק־קליינע צייט, פונקט ווי ער וואָלט ערשט נעכטן די וועלט באַשאַפן.

חוץ דעם זיינען זיי זיך נאָך סומך אויף די אַוטאָריטעטן פון די אוראַלטע פעלקער און אויף די מיינונגען פון שפּעטער־דיקע וועלט־חכמים, וואָס האָבן באַהויפּטן, אַז די וועלט איז אַ קדמון.

# זעקסטער קאַפּיטל.

## המשך. השגות (דערווידערונגען) אויף די פריערדיקע באַווייזן. פּסיכאָלאָגישע דער־קלערונג פון נבואה, אָבער די נבואה פאַר־לירט דורך דעם ניט איר כבוד.

אין פרק ט״ו פון „מורה נבוכים״ ווייזט אויף דער רמב״ם, אז אפילו אַריסטאָטעלעס אַליין (וואָס איז דאָך זיכער דער בעסטער בר־סמכא צו משפטן וועגן די געזעצן און די דרכים פון זיינע אייגענע באַווייזן, מחמת ער אַליין איז דאָך דער שעפער פון דער טעאָריע פון זיינע באַווייזן) האָט ניט גע־האַלטן זיינע באַווייזן פאַר אומצוטרייסלבאַרע ראיות, וואָס מ׳זעט קלאָר אַרויס פון אַ סך שטעלן אין זיינע ווערק. דעריבער באַ־מיט זיך דער רמב״ם אין די ווייטערדיקע פּרקים אָפּצושוואַכן און צעקלאַפּן דידאָזיקע באַווייזן, אַפילו מיט עפּעס ניט צו זינ־דיקן קעגן דער לאָגיק.

צוערשט זוכט ער אומצוּוואַרפן די ראיות, וואָס זיינען גע־גרינדעט אויף דער נאַטור פון דער עצם וועלט אַליין, אָן און פאַר זיך, און טאָן טוט ער עס דורך איין איינ־ציקן קלאָרן לאָגיזם: „די טבע פון יעדער זאַך, וואָס איז אַרויס בשלימות מן הכוח אל הפועל (פון דער פּאָ־טענץ אין דער ווירקלעכקייט), איז פאַרשיידן פון דער נאַטור, וואָס די זאַך האָט געהאַט, בעת זי האָט נאָך ערשט אָנגע־הויבן אַרויסצוגיין מן הכוח אל הפועל, בעת זי האָט נאָך ערשט געהאַט די טענדענץ צו ווערן ווירקלעכקייט, און

אָט די נאַטור פון דער זאַך אינם מאָמענט פון דער טענדענץ
צו דערווירקלעכקייט איז ווידערום פאַרשיידן פון דער טבע,
וואָס די זעלביקע זאַך האָט געהאַט נאָך איידער זי האָט
אָנגעהויבן אַרויסצוגיין מן הכּוח אל הפּועל, ד. ה. בעת זי
האָט נאָך געהאַט בלויז דעם כּוח און אַפילו נאָך ניט
די טענדענץ צו ווערן רעאַליטעט. עס לאָזט זיך דעריבער
ניט שליסן פון דער טבע פון דער זאַך אין איין צושטאַנד אויף
איר טבע אין דעם אַנדערן אָדער אין דעם דריטן צושטאַנד.
פאַרנאַכלעסיקט מען אָבער דידאָזיקע באַמערקונג, דאַן מוז מען
בהכרח אַריינפאַלן אין אומאויפלייזבאַרע ספקות און אומזיניקע
טעותן. לאָמיר זיך, למשל, פאָרשטעלן אַ מענטשן מיט פולקומע
כּשרונות פון דער נאַטור, נאָר געבאָרן אין אַ מדבר, וואו זיין
מוטער איז געשטאָרבן, נאָכדעם ווי זי האָט אים געהאַט געזויגן
אייניקע חדשים, און זיין פאָטער האָט דורכגעפירט און פאַרפול־
קומט זיין דערציִונג אין איינזאַמקייט. און אָט דער דאָזיקער
מענטש, וואָס האָט קיינמאָל אין זיין לעבן ניט געזען קיין פרוי־
און אויך ניט קיין שום זי פון בעלי־חיים, פרעגט איינמאָל זיין
פאָטער: ווי אַזוי זייַנען מיר אַנטשטאַנען? וואָס איז די ווירקנ־
דיקע סיבה פון אונזער עקסיסטענץ און ווי איז דער
אופן פון דער ווירקונג אויף איר? דער פאָטער,
נאַטירלעך, מאַכט אים די גאַנצע באַשרייבונג דערפון. יעדערער
פון אונז, זאָגט ער, ווערט באַשאַפן אינם לייב פון אַן אַנדער
מענטשן, אַן ענלעכן אויף אונז, דהיינו פון אַ פרוי, וואָס האָט
אַזאַ און אַזאַ קערפּערגעביי און אויסזען. תּחילת איז איטלעכער
פון אונז אין מוטערלייב זייער קליין, ווערט דאָרט אָבער ביסלעכ־
ווייז אַלץ גרעסער, ביז ער דערגרייכט צו אַ געוויסער גרייס, —
דאַן עפנט ער זיך אַן אַרויסגאַנג פון זיין געפאַנגענשאַפט און
לעבט נאָכדעם און וואַקסט אַלץ ווייטער, ביז ער באַקומט דעם
נאָרמאַלן מענטשנוואוקס, ווי דו זעסט איצט מיך און זיך. און
ווען דער דאָזיקער מענטש פרעגט ווייטער: „צי האָט דער מענטש
אין מוטערלייב (וואו ער האָט דאָך געלעבט) אויך געגעסן, גע־
טרונקען, געעטעמט און געטאָן זיינע באַדערפענישן?“ און דער

פאָטער ענטפערט אויף דעם אַלץ מיט ניין, — דאַן וועט דאָך דער זון געוויס זוכן סותר צו זיין דעם פאָטערס רייד אויף אַזאַ אופן: אַ יעדער פון אונז, וועט ער זאָגן, ווען ער זאָל אפילו אַ קורצע צייט פאַרלירן די מעגלעכקייט צו עטעמען, מוז בהכרח שטאַרבן, — טאָ ווי קאָן עס געמאָלט זיין, דער מענטש זאָל אָפזיין גאַנצע ניין חדשים אין מוטערלייב אָן עטעמען און זאָל בלייבן לעבן?! ווי איז דאָס מעגלעך זיך נעמען נערונג, ניט גע־ברויכנדיק דעם מויל? א. אַז. וו. — און דער רעזולטאַט וועט זיין, אַז דורך זיין פאַרגלייכן דאָס, וואָס איז בנמצא בפועל, מיט דעם, וואָס איז בנמצא בכוח, וועט ער לייקענען אינם גאַנצן פאַקט און וועט ניט גלויבן, אַז דער מענטש איז אַנט־שטאַנען אויף אַזאַ אופן, ווי זיין פאָטער האָט עס אים דער־קלערט.

פונקט אויף אַזאַ אופן האַלט עס אויך מיט אונזער ענין כלפי אַריסטאָטעלעס. געשטיצט אויף דעם עדות־זאָגן פון דער רעליגיע פון התגלות אלהים, גלויבן מיר, אַז די וועלט איז אַנטשטאַנען אויף אַזאַ אופן און אין דעם און דעם סדר. איז גע־קומען אַריסטאָטעלעס סותר צו זיין אונזער גלויבן מיט ראיות פון דער נאַטור פון דערווירקלעכער וועלט. מיר קענען מיט אים מסכים זיין אין אַלץ בנוגע דער מציאות, דער פאַקטישער רעאַלער וועלט, אָבער מיר באַ־הויפּטן, אַז פון דער טבע פון דער ווירקלעכער וועלט קען מען בשום אופן ועניין קיין ראיה ניט ברענגען אויף דער נאַטור, וואָס די וועלט האָט געהאַט איידער זי האָט דערגרייכט די שלימות פון דער ווירקלעכקייט. וואָס פאַר אַ טענה וועט נון אַריסטאָטעלעס קענען אַרויסשטעלן קעגן אונז? קיין שום טענה!"

„דערמיט האָב איך אַרומגעבויט אַ פעסטע מויער אַרום דער געטלעך־אַנטפּלעקטער רעליגיע, וואָס וועט אָפּשלאָגן אַלע פיילן, אויף איר געשיקטע.

„פרעגט אָבער אַריסטאָטעלעס ווייטער: אויב פון דער טבע פון דער רעאַלער וועלט קען מען ניט ברענגען

קיין ראיות אויף איר טבע איידער זי האָט דערגרייכט צו רעאַליטעט, פון וואַנען קענט איר אָבער באַווייזן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אַ יש מאין? דערויף ענטפערן מיר: דאָס האָבן מיר לגמרי גאָר ניט בכוונה. מיר ווען נאָר ווייזן, אַז די-דאָזיקע שאלה קען ניט אַנטשיידן ווערן דורך ראיות פון דער באַטור פון דער מציאותדיקער וועלט. די אַנטשטייאונג פון דער וועלט אַ יש מאין איז בכן לכל-הפחות פּראָבלעמאַטיש מעגלעך, און בלויז דאָס איז וואָס מיר האָבן געוואָלט באַווייזן.

(דער דענקענדיקער לעזער, וואָס איז אַ שטיקל בקי אין דער נייערער פילאָסאָפיע, וועט געפינען אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן דעם רמב״מס דרכים פון השגות (דערווידערונגען) קעגן אַריסטאָטעלעס און קאַנטס דרכים פון השגות קעגן די דאָגמאַטיקער. קאַנט דערוויזט, אַז די דאָגמאַטישע פילאָסאָפן האָבן קיין שום רעכט ניט פון דער באַטור פון דער וועלט אַלס אַ דערשיינונג צו ברענגען ראיות אויף איר באַטור ווי אַ זאַך פאַר זיך; און פונקט אַזוי דערווייזט דער רמב״ם, אַז אַריסטאָטעלעס האָט קיין שום רעכט ניט פון דער בשלימות אויסגעבילדעטער וועלט צו ברענגען ראיות אויף איר באַטור איידער זי איז אַנטשטאַנען).

נאָכדעם זוכט דער רמב״ם אָפּצושוואַכן דעם כוח פון די ראיות וועגן דער קדמות (אייביקאָניקייט) פון דער וועלט, וואָס זיינען גענומען פון דער עצמדיקייט פון גאָט:

די ערשטע ראיה פון דעם מין איז: „גאָט איז דאָך דער תכלית-השלימותדיקסטער עצם, קאָן ער דעריבער ניט האָבן בלויז די פּאָטענץ, קאָן ניט זיין בלויז בכוח צו ווירקן און צו שאַפן, נייערט ער מוז שטענדיק זיין אין דער בחינה פון בפועל, מוז שטענדיק זיין ווירקנדיק און שאַפנדיק. בכן, אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז גאָט האָט באַשאַפן די וועלט אין אַ באַשטימטער צייט פון גאָרנישט, אם כן איז גאָט פאַר בריאת העולם געווען בלויז אַ באַשעפער בכוח און ערשט נאָכדעם איז דער דאָזיקער כוח גע-

ווערן פאַרווירקלעכט. דערפון מוז דאָך געדרונגען זיין, אַז עס איז געווען אַן אַנדער סיבה, אויסער גאָט, וואָס האָט פאַרווירקלעכט גאָטס כוח, — דאָס איז דאָך אָבער אַ לא יתכן ביי גאָט, וואָס איז די איינציקע און די ערשטע סיבה פון אַלץ און איז אַליין די תכלית השלימות". — אָבער דידאָזיקע סתירה איז זייער לייכט אָפּצושאַפן. יעדער עצם, וואָס באַשטייט פון מאַטעריע און פאָרם, ווירקט בלויז דורך זיין פאָרם; בכן, איידער דער עצם דערגרייכט זיין פאָרם, איז אין זיין חומר פאַראַן בלויז דער כוח (די פאָטענץ, די מעגלעכקייט), וואָס ווערט פאַרווירקלעכט ערשט נאָכדעם דורך דער דערגרייכטער פאָרם. אַן אוממאַטעריעלער עצם, פאַרקערט, האָט דעם יסוד פון זיין ווירקן אין זיך, ד. ה. ער איז ניט בלויז בכוח, נייערט איז שטענדיק בפועל, שטענדיק ווירקנדיק. בכן קען מען בשום אופן ניט דרינגען דערפון, וואָס דער רוחניותדיקער עצם האָט אין איין געוויסער צייט געווירקט און אין דער אַנדערער ניט, אַז אין אים גופא איז פאָרגעקומען עפּעס אַ פאַרענדערונג און אַז בלויז דער כוח איז אַרויס אל הפועל. אַ ראיה דערויף איז דער ווירקנדיקער גייסט אָדער דער ווירקנ־דיקער שכל (דער אַלגעמיינער וועלט־גייסט אָדער דער אַלגעמיינער וועלט־שכל), וואָס איז לויט אריסטאָטעלעס און זיינע תלמידים אַן אוממאַטעריע־לער עצם און ווירקט אויך ניט בתמידות, נייערט בלויז אין גע־וויסע צייטן, און דעננאָך קאָן מען וועגן אים ניט זאָגן, אַז אין אים קומט פאָר אַ פאַרענדערונג. דען צווישן די מאַטעריעלע און רוחניותדיקע עצמס איז אויף קיין אופן ניטאָ קיין שום ענלעכקייט ניט בנוגע דער צייט פון ווירקן און ניט בנוגע דער צייט פון ניט־ווירקן".

אָבער, וועט מען זאָגן, דער דאָזיקער באַשייד איז אַ הוילער סאָפיזם. די סיבה, פאַרוואָס דער ווירקנדיקער שכל (וועלט־שכל), ווירקט ניט אַלע מאָל, ליגט אין דער צוגריי־טונג פון דער מאַטעריע (די צוגעגרייטקייט און דאָס פעיק ווערן פון דער מאַטעריע אויפצונעמען דידאָזיקע ווירקונג).

דאָס קאָן מען אָבער ניט זאָגן וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט אַ יש מאין.

דערויף וועל איך ענטפערן: מיט דער דאָזיקער פאַרגלייכונג האָבן מיר ניט בדעה אָנצוגעבן די אמתע סיבה, פאַרוואָס גאָט האָט באַשאַפן די וועלט גראָד אין דער צייט און ניט אין אַן אַנדערער, אַ פריערדיקער, — דאָס וואָלט געווים געוועזן אַ סאָפיסטעריי; מיר ווילן אָבער דערמיט בלויז אָפּשוואַכן די ראיה פון דער קעגנגעזעצטער מיינונג וועגן דער אייביקאָניקייט פון דער וועלט, ווייל מיר דערוויזן, אַז גאָט, ווי דער דירעקט ווירקנדיקער וועלטגייסט, איז ניט אונטערוואָרפן קיין שום פאַרענדערונג, — און דאָס איז בכל אופן אמת.

די צווייטע ראיה וועגן דער קדמות פון דער וועלט איז: אַז „גאָט קאָן ניט האָבן קיין שום דרויסנדיקע סיבות און מניעות; זיין רצון מוז דעריבער זיין אומפאַרענדערלעך, און זיין ווערק (די וועלט) מוז בכן אויך זיין אייביק, ווי זיין מציאות און זיין רצון". פאַרענטפערן דעם דאָזיקן ספק איז באמת שווער, און מיר קענען דערויף ענטפערן בלויז, אַז דער רצון פון גאָט איז פאַר אונז פונקט אַזוי אומבאַגרייפלעך, ווי זיין עצם מהות. עס איז בכן גאָר קיין סתירה ניטאָ, ווען מיר זאָגן, אַז גאָטס רצון ווירקט, מחמת אונז לחלוטין אומבאַקאַנטע טעמים, בלויז אין געוויסע צייטן, כאָטש קיין שום דרויסנדיקע סיבות און מניעות שטערן אים דערינען ניט.

די דריטע ראיה איז: היות די העכסטע חכמה איז געטלעכן וועזן איז אייביק, בכן מוז אויך אייביק זיין די וועלט, וואָס איז אַ ווערק — אַ רעזולטאַט פון דער דאָזיקער חכמה. די דאָזיקע ראיה איז זייער שוואַך, ווייל דער אַנטשלוס פון גאָט צו באַשאַפן די וועלט אין אַ געוויסער צייט און ניט פריער איז אַ פועל יוצא פון זיין חכמה עליונה, וואָס מיט אונזער שכל קענען מיר זי ניט משיג זיין.

אין די ווייטערדיקע פרקים זוכט בן־מימון סותר צו זיין די מיינונג פון אַריסטאָטעלעס, אַז די וועלט איז אַ „מחויב־המציאות" (אַ נויטווענדיקייט פון עקסיסטענץ, אַ מוז צו

עקסיסטירן), ווי גאָט אַליין, און איז בכן אויך אַ קדמון. ער, דער רמב״ם, טענהט: „ווען די עקסיסטענץ פון דער וועלט וואָלט געקאָנט דערקלערט ווערן לויט די געזעצן פון דער נאַטור, דאַן וואָלטן געמוזט דערקלערט ווערן לפי דידאָזיקע נאַטור־געזעצן אויך די אָרדענונג און די אייַנאָרדענונג פון אַלע דער־שייַנונגען פונם גאַנצן קאָסמאָס. אמת אַריסטאָטעלעס באַמיט זיך מיט כל אַמצי כּוחות דאָס ווירקלעך צו באַווייַזן און צו דער־קלערן דעם סדר און די אייַנאָרדענונג פון אַלע דערשייַנונגען לויט אומפאַרענדערלעכע נאַטור־געזעצן. אונזער רמב״ם אָבער באַמערקט, אַז דאָס איז אַריסטאָטעלעסן געלונגען בלויז בנוגע די ערדישע דערשייַנונגען, אָבער ניט בנוגע דער אָרדענונג און אייַנריכטונג פון די הימלשע קערפּערס, ווייל די שיטה פון פּטאָלאָמעאוס[1], — וואָס לויט איר איז דער בנין פון וועלט אייַנגעאָרדנט אין עקסצענטרישע קרייַזן, עפּי־ציקלען וכדומה, — האָט געמאַכט אַ תּל פון אַלע געזעצן, וואָס אַריסטאָטעלעס האָט פעסט אייַנגעשטעלט אין זייַן נאַטור־טעאָריע. מיר קענען, זאָגט מיימוני, אָנגעבן די סיבות בלויז פון געוויסע דערשייַנונגען אויף אונזער ערד. די אייַנריכטונג אָבער און די אָרדענונג פון די הימלשע קערפּערס זייַנען אונז לגמרי אומבאַקאַנט. „השמים שמים לה׳, והארץ נתן לבני אדם״ (דער הימל געהערט צו גאָט, און די ערד האָט ער איבערגע־געבן צו די מענטשן). דערפון שליסט דער רמב״ם, אַז ווי־באַלד עס לאָזט זיך ניט דערקלערן די מציאות (די ווירקלעכ־קייט, די עקסיסטענץ) און די דערשייַנונגען פון דער וועלט לויט די נויטווענדיקע נאַטור־געזעצן, בכן מוזן מיר קומען צום אויס־

[1]) קלוידיוס פּטאָלאָמעאוס — באַרימטער מאַטעמאַטיקער־אַסטראָנאָם פון אַלכּסנדריא של מצרים אין II יר״ה נ. אייר. צ״ר אין די צייַטן פון אַנטוניגוס פּיוס. האָט אייַנגעשטעלט די יסודות פון אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטישער געאָגראַפיע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביז קאָפּערניקוס. האָט זיך, אגב, איבערצייַגט, אַז די ערד איז קייַלעכדיק.

דער איבערז.

פיר, אַז די וועלט איז אַ פּועל יוצא פון גאָטס רצון, וואָס בלייבט פאַר אונז אומבאַגרייפלעך".

איך מוז אָבער דערביי באַמערקן, אַז דעם רמבמ"ס טענות קעגן אַריסטאָטעלעס אין דעם ענין טרעפן גאָר ניט אין ציל. מעג די וועלט זיין אַ קדמון אָדער אַ שפּעטער אַנטשטאַנענע, — בכל אופן איז זי אַ ווערק אַ רעזולטאַט פון דער חכמה עליונה, בכן מוז אַלץ, וואָס געפינט זיך אינם וועלטאַל, דערקלערט ווערן לויט די געזעצן פון דער צוועקמעסיקער סיבה. ווי ווייט וועלן מיר קענען דערגרייכן מיט דער דאָזיקער דערקלערונג? דאָס איז איצט ניט נוגע אונזער ענין. דאָס, וואָס דער רמב"ם האָט, לויט דעם מצב פון דער אַסטראָנאָמיע אין זיין צייט, געהאַלטן פאַר אומדערקלערבאַר, איז זייער דערקלערבאַר אין אונזער צייט נאָך די בייערע אַנטדעקונגען, באַזונדערס אין ניוטאָנס סיסטעם[1]. דער רעיון, אַז אין דער איינריכטונג פונם וועלטבוי הערשט די העכסטע אָרדענונג, איז פאַר אונז אַ נויטווענדיקע שכלדיקע אידעע, וואָס מיר דערנעענטערן זיך צו איר אַלץ מער און מער, בעת מיר געבּרויכן די פאַרנופט אין ענינים פון דערפאַרונג, אָבער קיינמאָל קענען מיר צו איר פולשטענדיק ניט דערגרייכן. עס וועלן שטענדיק נאָך פאַרבלייבן דערשיינונגען אין דער נאַטור, וואָס מחמת זייער אומפאַרענדערלעכקייט קענען מיר, אמת, באַטראַכטן זיי ווי אונטערוואָרפענע די אַלגעמיינע געזעצן פון דער נאַטור, אָבער פונדעסטוועגן קענען מיר זיי ניט דערקלערן דורך

[1]) ניוטאָנס געניאַל ווערק „די מאַטעמאַטישע יסודות פון דער נאַטור-פילאָסאָפיע" (1687) און באַזונדערס זיין אַנטדעקטער געזעץ פון אַטראַקציע (צוציונגס-קראַפט) גראַד-פּראָפּאָרציאָנעל די מאַסן און פאַרקערט-פּראָפּאָרציאָנעל די קוואַדראַטן פון די מרחקים אינם גאַנצן קאָסמאָס האָבן געוויזן אויף דער איינהייט, וואָס הערשט אינם בנין פונם וועלטאַל. דער איבערז.

דידאָזיקע געזעצן. על כּן וועלן זיי שטענדיק זיין פאַר אונז ווי אַקסיאָמען, וואָס מ'קען ניט נאָכטראַכטן נאָך זיי.

אַפילו די ניוטאָניאַנישע וועלט־סיסטעם איז ניט ביכולת צו פאַרענטפערן אַלע ספקות.

עס זיינען פאַרהאַן אַ סך דערשיינונגען אין דער נאַטור, וואָס לאָזן זיך ניט דערקלערן על־פּי די געזעצן פון דער אַלגעמיינער אַטראַקציע (צוציִונגס־קראַפט) און ווייזן גאָר, אַז עס עקסיסטירן נאָך אַנדערע אַלגעמיינע, פאַר אונז לחלוטין אומבּאַקאַנטע געזעצן, וואָס דורך זיי ווערן דידאָזיקע נאַטור־דערשיינונגען פאַרבּונדן און באַהעפט מיט אַלע איבעריקע און קענען צוליב דעם געדענקט ווערן ווי איין איינהייט. באָכמער, אַפילו אין די דערשיינונגען, וואָס קענען דערקלערט ווערן דורך די געזעצן פון צוציִונגס־קראַפט, קענען מיר אויך געפינען אייניקע פרטים, וואָס עס איז אוממעגלעך זיי צו דערקלערן. למשל, ניוטאָנס שיטה לערנט אונז, אַז די גרייס, דער מרחק און די אומלויף־צייט פון די גלגלים (די קאָסמישע קערפּערס) שטימען צווישן זיך בתכלית הדיוק. אָבער דידאָזיקע האַרמאָניע וועט, לויט ניוטאָנס סיסטעם, זיין אויך דאָן, ווען איינער פון אָט די אָנגעגעבענע פרטים וועט זיין אַפילו אַנדערש ווי ער דאַרף באמת זיין און בלויז די אַנדערע צוויי פרטים וועלן זיין ווי זיי זיינען במציאות; און דעריבער, ווען מיר זעען, אַז דידאָזיקע אַלע דריי פרטים זיינען אַזוי, ווי זיי זיינען במציאות, קענען מיר אָננעמען, אַז דאָס איז איינס פון די נאַטור־געזעצן, ד. ה. אַן אַקסיאָמע, וואָס מ'טאָר נאָך איר ניט נאָכטראַכטן. אָבער Argumentum ad ignorantiam (ברענגען אַ ראיה פון דעם, וואָס מען ווייס ניט) איז דאָך קיין ראיה ניט, — בכן קענען מיר פון אונזערע מאַנגלהאַפטע ידיעות אין די נאַטור־דערשיינונגען ניט מאַכן קיין אויספיר — ניט אַז די וועלט איז אַ קדמון און ניט אַז די וועלט איז שפּעטער באַשאַפן געוואָרן. אַפילו ניוטאָן אַליין, ווי עס שיינט, האָט דערויף קיין גרויס אַכט גיט געלייגט.

אין פּרק כב זאָגט דער רמבּ"ם, אַז ער וואַרפט אָפּ די מיי־

בונג וועגן דער אייביקייט פון דער וועלט ניט דערפאַר, ווייל זי איז סותר דעם אַלגעמיין=באַקאַנטן זין פון אייניקע שטעלן פון די כתבי=הקודש (וואו עס ווערט גערעדט וועגן דער באַשאַפונג פון דער וועלט) ווייל דידאָזיקע שטעלן וואָלטן געקענט אויסגעטייטשט ווערן אויך בהסכם מיט אַט דער מיינונג וועגן דער קדמות פון דער וועלט. ער וואַרפט אָבער אָפּ דידאָזיקע מיינונג דער=עיקר דערפאַר, ווייל זי לייקנט אָפּ אַלע וואונדערלעכע געשעענישן און גראָבט דורך דעם אונטער די אמונה אין דער געטלעך=אַנט=פלעקטער רעליגיע, וואָס איז געגרינדעט אויף נפלאות.

אַזוי ווי דאָ איז ניט דער אָרט, וואו איך זאָל מיך קענען אַריינלאָזן אין אַ ברייטער חקירה וועגן דעם דאָזיקן ענין, לייג איך עס אָפּ ביז אַן אַנדער געלעגנהייט.

נבואה דערקלערט דער רמב״ם אין די ווייטערדיקע פרקים אויף אַ נאַטירלעכן אופן, לויט די געזעצן פון פסיכאָלאָגיע. די נבואות קאָנען זיך אונטערשיידן פון די געוויינלעכע פסיכאָלאָגישע דערשיינונגען בלויז מיט דער שלימות פון דעם נביאס פערזענלעכקייט, מיטן אמת און מיט דער חשיבות פון זיינע רייד. היות אָבער איך האָב וועגן דעם ענין נבואה שוין געשריבן אין אַן אַנדער אָרט (אין „Deutsche Monatschrift”), בלייבט מיר בלויז אויפמערקזאַם צו מאַכן דעם לעזער אויף יענעם אַרטיקל.

---

# זיבעטער קאַפּיטל.

המשך. די סיבה פון אַלע נאַטור־פאַסירונגען איז גאָט. אַ שיטה זייער אַ באַקוועמע און אַ פרומע. די „מעשה מרכבה“ ווערט דערקלערט ווי אַ קאָסמאָלאָגישע פאָרשטעלונג, אָבער ווער ווייס, צי האָט אַזוי געטראַכט יחזקאל הנביא. אַ דערהייבענע מאָראַל, אָבער ניט לויטן נייעם געשמאַק. דער מקור פון שלעכטס. די געטלעכע השגחה. דער תכלית פון דעם דאָזיין.

אַלץ, וואָס אַנטשטייט, — זאָגט ווייטער דער רמב״ם אין פרק מ״ח, — האָט זיין נאָענטסטע סיבה, דידאָזיקע סיבה ווידער האָט זיך איר סיבה א. אַז. וו., ביז צו דער **ערשטער סיבה**, ד. ה. ביז צום רצון פון גאָט. נאָר היות דידאָזיקע **צווישנדיקע סיבות** האָבן געקענט גערעכנט ווערן ווי באַקאַנטע, האָבן די נביאים ניט זעלטן אויסגעוויילט אַ קירצערן אופן זיך אויסצודריקן, האָבן דורכגעלאָזן אַלע נעענטערע און ווייטערע אורזאַכן און מייחס געווען די אָדער יענע ווירקונג דירעקט דער **ערשטער סיבה**, ווייל זיי האָבן זיך דערויף געקאָנט פאַרלאָזן, אַז זייערע צוהערער וועלן שוין אין זייער מחשבה **ממלא זיין אַלע נאָענטע און מיטלסטע סיבות**, וואָס דורך זיי האָט זיך צונויפגעקייטלט און אַנטוויקלט די פעולה אָדער די געשעעניש. דידאָזיקע צווישנדיקע סיבות האָבן געמאָגט זיין

פיזישע (נאַטירלעכע, וואָס דעם מענטשנס ווילן האָט צו זיי קיין שייכות ניט), מאָראַלישע (ד. ה. אַז די סיבה פון דעם געשעענעם איז די פרייע בחירה פונם מענטשן אָדער אַפילו דער ווילן פון אַ חעלכן־ס'איז פון די אַנדערע בעלי־חיים), אָדער גאָר צופעליקע, — די נביאים האָבן אַלע ווירקונגען צוגעשריבן דירעקט גאָט, דער סיבה ראשונה, און האָבן געזאָגט: גאָט האָט עס געטאָן, באַפוילן, געשיקט, וכדומה.

דאָ וויל איך ברענגען עטלעכע שטעלן פון די ספרי הנביאים פאַר ביישפּילן, און פון זיי וועסטו קענען מאַכן אויספירן אויך וועגן די אַלע אַנדערע שטעלן, וואָס איך דערמאָן דאָ ניט.

וועגן אַלע נאַטור־ווירקונגען, וואָס קומען לויט אומפאַרמיידלעכע נאַטור־געזעצן, ווי, למשל, דאָס שמעלצן פון שניי ביי דערוואַרעמונג פון דער לופט און דאָס ברויזן פון ים ביי שטורמישן וועטער, ווערט געזאָגט: „ישלח דברו וימסם״ — ער שיקט זיין וואָרט און לאָזט זיי (די שטיקער שניי) צעשמאָלצן ווערן; „ויאמר ויעמד רוח סערה ותרומם גליו״ — ער האָט באַפוילן, און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעמווינט, וואָס האָט געמאַכט ברויזן זיינע כוואַליעס. וועגן עצירת־גשמים ווערט געזאָגט: „ועל העבים אצוה מהמטיר עליו״ — די וואָלקנס וועל איך פאַרבאָטן צו לאָזן רעגענען אויף אים. פונקט אַזאַ אופן פון אויסדריקן זיך זעען מיר אויך ביי פאַסירונגען, וואָס זייער סיבה איז דעם מענטשנס פרייער ווילן, — למשל: מלחמות, איינגעמונגען און פאַרפאַכונגען פון פרעמדע לענדער, שאָדנס און באַליידיקונגען, וואָס איין מענטש טוט אָן דעם אַנדערן. אַזוי ווערט געזאָגט וועגן נבוכדנצרס אינוואַזיע אין ארץ־ישראל: „אני צויתי למקדשי״ — איך האָב באַפוילן מיינע איינגעלאַדענע, א. אז. וו.

וועגן שמעי בן גרא זאָגט זיך: „כי אמר ה׳ לו קלל את דוד״ (לאָזט אים, דען גאָט האָט צו אים געזאָגט: שילט דודן), און דאָס באַטייט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי דאָס, אַז די־דאָזיקע קללה איז אַ רעזולטאַט פון מאָראַלישע צווישנדיקע סיבות, וואָס זיינען אָפּהענגיק פון דעם מענטשנס בחירה, אָבער איר

ע ר ש ט ע ס י ב ה איז גאָט. וועגן י ו ס פ ס באַפרייאונג פון תפיסה ווערט געזאָגט: „שלח מלך ויתירהו" (ער—גאָט—האָט געשיקט אַ קיניג, וואָס האָט אים—יוספן—באַפרייט). וועגן דעם חורבן פון דער ב ב ל י ש ע ר מ אָ נ אַ ר כ י ע דורך פ ר ס ו מ ד י זאָגט דער נביא: „ושלחתי לבבל זרים וזרוה" — און איך וועל שיקן קיין בבל צעשטרייער און זיי וועלן זי (די אומה) צעשטרייען און צעשפרייטן (ירמיה נב, ב). צו א ל י ה ו ה נ ב י א איז געזאָגט געוואָרן: „איך האָב דאָרטן באַשטימט אַ פרוי אַן אַלמנה, וואָס וועט דיך דערנערן". און אַזוי האָט יוסף געזאָגט זיינע ברידער: „לא אתם שלחתם אותי הנה כי אם האלהים" — ניט איר האָט מיך געשיקט אַהער, נייערט גאָט.

אַזוי ווערט געזאָגט אויך וועגן אַ ווירקונג, וואָס איר סיבה איז דער טריב פון אַ ב ע ל-ח י י ם צו באַפרידיקן אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש, — למשל: „ויאמר ה׳ לדג ויקא את יונה" (און גאָט האָט באַפוילן דעם פיש, און ער—דער פיש—האָט אויסגעשפיגן יונהן), ד. ה. אַז גאָט איז געווען די ערשטע סיבה צו דעם דאָזיקן טריב, האָט מעורר געווען דעם רצון פון פיש, האָט אָבער דעם פיש ניט געמאַכט פאַר קיין נ ב י א און ניט אַנטפּלעקט אים זיין רצון.

פונקט אַזוי ווערט געזאָגט אויך וועגן די ה י י ש ע ר י ק ן, וואָס האָבן אין די צייטן פון י ו א ל ה נ ב י א פאַרוויסט דאָס לאַנד: „כי עצום עושה דברו" — דען מעכטיק זיינען די (הײשעריקן) וואָס פירן אויס זיין באַפעל (יואל ב׳, יא); און וועגן דעם חורבן פון לאַנד א ד ו ם דורך ווילדע חיות אין די צייטן פון סנחריב: „והוא הפיל להן גורל וידו חלקתה להם בקו" — און ער (גאָט) האָט פאַר זיי (פאַר די חיות) געלאָזט גורל וואַרפן און זיין האַנט האָט עס (דאָס לאַנד) פאַרטיילט זיי מיט דער שנור (ישעיה לד׳ יז).

דידאָזיקע פאָרם פון אויסדריקן ווערט געברויכט אויך וועגן הוילע צ ו פ אַ ל ן. למשל, ביי רבקהן ווערט געזאָגט: „ותהי אשה לבן אדוניך כאשר דבר ה׳" — און זי זאָל זיין אַ פרוי צו דיין האַרנס זון, ווי גאָט האָט געזאָגט (ווי דער מזל האָט עס באַ-

שערט). און יונתן האָט געזאָגט צו דוד: „לך כי שלחך ה׳״ — גיי, דען גאָט האָט דיך אַוועקגעשיקט (כאָטש באמת איז בלויז דער צופעליקער וואָרף פון שפיז געווען די נאָענטסטע סיבה פון דודס אַנטלויפן).

דערפון זעסטו, ווי די כתבי הקודש זייַנען מייחס צו גאָט דאָס צוזאַמענטרעפן פון אַלע סיבות, מעגן זיי זיין עצמדיקע, צופעליקע, פרייוויליקע אָדער ווילד־ווילנדיקע, און אויסגעדריקט ווערט דאָס אויף פינף אופנים: דורך באַפעלן, זאָגן, ריידן, שיקן, רופן.

(נון, ליבסטער לעזער! גאָט, וואָס — ווי עס ווערט קלאָר פון דעם פריער דערציילטן — האָט מיך געשיקט קיין דייטש־לאַנד און וואָס האָט מיר באַפוילן דיר צו באַשרייבן מיין לעבנסגעשיכטע, באַפעלט מיר איצט דיך אויפמערקזאַם צו מאַכן אויף דעם דאָזיקן קאַפּיטל, ווייל פון אים ווערט קלאָר, אַז מיט דער הילף פון אַ פאַרנינפטיקן ביאור קאָן מען שלום מאַכן דעם גלויבן מיט דער פאַרנונפט און ברענגען זיי אין אַ פולקומער האַרמאָניע. ווייטער ווערט דערפון אויך קלאָר, אַז דער עיקר פון אמתער השכלה באַשטייט ניט בלויז אין דער־לאַנגען צו נייע קענטענישן און וויסנשאַפטן, נייערט פיל מער אין אָפּשאַפן די פאַלשע באַגריפן, וואָס זיי־נען אונז איבערגעגעבן געוואָרן פון אַנדערע דורך דערציִונג און דורך לערנען).

דעם דריטן טייל „מורה נבוכים״ הייבט דער רמב״ם אָן מיט דערקלערן די מעשה מרכבה (גאָטס רייטוואָגן), וואָס יחזקאל הנביא האָט געזען. דער רמב״ם באַטראַכט די מעשה מרכבה ווי אַן אַלעגאָרישע פאָרשטעלונג פון קאָסמאָ־לאָגישע אמתן. אָבער היות דער רמב״ם האָט מורא געהאַט מגלה צו זיין בפירוש דידאָזיקע אמתן, ווייל די חכמי התלמוד האָבן פאַרווערט צו דרשנען די מעשה מרכבה[1], — האָט ער

---

[1]) דאָס איז געווען נאָך בר־כוכבאס מפלה, ווען מ׳האָט געמוזט פאַרשטאַ״ קן דאָס פאָלק אַלס נאַציע דורכן איינציק פאַרבליבענעם מיטל — דער

אויסגעפונען זייער אַ קלוגן קינסטלערישן מיטל, ווי זי צו דער־קלערן. ער דרשנט ניט די מעשה מרכבה און מאַכט אויף איר קיין פירוש ניט; ער ברענגט בלויז די שטעלן פון דער דאָזיקער נביאישער באַשרייבונג, אָבער אין אַזאַ סדר און פאַרבינדונג, און מיט אַזעלכע צוגעגעבענע ווערטער, אַז דער דענקענדיקער לעזער קען דעם דאָזיקן פירוש מאַכן לייכט פון זיך אַליין.

ישעיה, — זאָגט דער רמב"ם ווייטער, — האָט אויסגעדריקט דאָס זעלביקע בכלל, וואָס יחזקאל האָט באַשריבן מיט אַלע פרטים. דערויף האָבן אונז שוין לאַנג אויפמערקזאַם געמאַכט די חכמי התלמוד, וואָס זאָגן: „אַלץ, וואָס עס האָט געזען יחזקאל, האָט אויך ישעיה געזען. ישעיה אָבער איז גלייך צו אַ שטאָטישן מענטשן, וואָס זעט דעם קיניג פאָרנדיק אין זיין רייטוואָגן, און יחזקאל — צו אַ דאָרפסמאַן. דער שטאָטיקער זאָגט בלויז: „איך האָב געזען דעם קיניג פאָרנדיק אין זיין רייטוואָגן", און דערציילט קיין שום פרטים ניט, ווייל ער האַלט, אַז אַלעמען איז גענוי באַקאַנט דעם קיניגס עקיפּאַזש און דער אופן פון זיין פאָרן. דער דאָרפסמאַן אָבער, וואָס אים קומט אַלץ אויס ווי עפּעס נייס, באַשרייבט אַלץ בפרטיות (ד. ה.: ישעיה הנביא, וואָס איז געווען פון דער קיניגלעכער פאַמיליע, אַן אייניקל פון יהואש מלך יהודה, וואָס האָט באַקומען אַ שלימותדיקע דערציִונג און האָט שוין לאַנג נאָך פריער זיך דערוואָרבן גרינדלעכע ידיעות וועגן בריאת־העולם, וועגן דער נאַטור פונם וועלטבוי און וועגן דער אָרדענונג און צוזאַמענהאַנג פון די געגנשטאַנדן, — האָט זיך אויסגעדריקט קורץ: „ואראה את ה' יושב על כסא רם ונשא" (און איך האָב געזען, ווי דער אייביקער זיצט אויף אַ הויכן און דערהייבענעם שטול), און ער האָט מער ניט געדאַרפט באַשרייבן

---

רעליגיע, וואָס איז געשטאַנען אין סכנה. דאַן האָט מען געאַסרט חכמת יוונית און צו דרשנען מעשה בראשית און מעשה מרכבה.
דער איבערז.

דאָס בפרוטרוט. י ח ז ק א ל, פאַרקערט, וואָס האָט דאָס אַלץ באַגריפן ערשט אַ סך שפּעטער און וואָס מחמת דעם איז אַלץ אים אויסגעקומען ניי, באַשרייבט די אַלע זאַכן מיט אַלע פּרטים.—ווי קלוג זיינען דידאַזיקע ריידן!).

אַלע קערפּערלעכע זאַכן, — זאָגט ווייטער דער רמב״ם אין פּרק ח׳, — וואָס אַנטשטייען און פאַרגייען, פאַרגייען בלויז מצד זייער מ אַ ט ע ר י ע; מצד זייער פ אָ ר ם אָבער בלייבן זיי עקסיסטירן. אַלע שאָדנס און חסרונות, פיזישע ווי מאָראַלישע, האָבּן זייער גרונד בלויז אין חומר.

און היות דער ענין איז אַזוי, און די געטלעכע חכמה האָט געוועלט, אַז קיין חומר זאָל ניט זיין אָן אַ פאָרם און קיין פאָרם זאָל ניט זיין אָן אַ חומר, און אַז די דערהייבענע מענטשלעכע פאָרם, וואָס איז דער צלם אלהים, זאָל פאַרקניפּט זיין מיט אַ חושכדיקן חומר, דער סיבה פון אַלע חסרונות, — האָט זי, די ח כ מ ה ע ל י ו נ ה, געגעבן דער מענטשלעכער פאָרם אַ כוח איבער דעם חומר צו רעגירן איבער אים און ווי ווייט מעגלעך צו באַזייטיקן אָדער פאַרקלענערן זיינע חסרונות. און אָט דערפון קומט אַ גרויסע פאַרשיידנקייט צווישן די מענטשן. אייניקע מענטשן שטרעבן אַלץ העכער און העכער, צו תכלית השלימות לויט דער מעגלעכקייט פון דער מענטשלעכער פאָרם, און דענקען נאָר וועגן דעם, ווי צו באַקומען ריינע באַגריפן און אמתע פאָרשטעלונגען וועגן אַלע זאַכן, בכדי דורך דעם זיך צו באַהעפטן מיטן געטלעכן פאַרשטאַנד. זיי שעמען זיך אפילו פון דער הכרחיותדיקסטער באַפרידיקונג פון די קערפּערלעכע פאַרלאַנגען און זוכן ווי ווייט מעגלעך צו באַהאַלטן און פאַרקלענערן די שאַנד, אַפילו אינגאַנצן אָפּצוהיטן זיך פון איר. ווען, למשל, אַ קיניג איז אין כעס געוואָרן אויף אַ מענטשן און האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ שטראָף צו פ י ר ן מ י ס ט, דאַן וועט דער דאָזיקער מענטש, אויב ער איז נאָר אַ ב ן - ח ו ר י ן, שטרעבן ווי ווייט מעגלעך זיין חרפּה צו פאַרבאָרגן, וועט אַרויפלייגן אויף דער פור וואָס ווייניקער און פאָרן דערמיט ניט איבעריקס ווייט (אויב אין דער שטראָף איז אומבאַשטימט דער אָרט), בכדי ניט

איינצוריכטן זיינע הענט און קליידער און אַנדערע מענטשן זאָלן אים ניט זען. אַ שקלאַף אָבער, פּאַרקערט, האַלט דאָס גאָר ניט פאַר קיין באַזונדערער שטראָף, באַשמוצט זיין גאַנצן קערפּער און ווייזט דערביי אַרויס די גרעסטע גלייכגילטיקייט. אַזוי זייגען פאַרהאַן מענטשן, וואָס שעמען זיך פון קערפּערלעכע הצטרכותן, באַזונדערס פון די באַדערפעניישן פונם חוש־המישוש (דערין שוין אויך דער חוש הטעם): עסן, טרינקען, מאַן־ און ווייב־לעבן וכדומה. אַ פאַרבינפטיקער מענטש געברויכט דאָס אַלץ וואָס מעגלעך ווייניקער, איז זיך מצער פונם געברויכן עס, רעדט נישט דערפון און מיידט אויס אַלע גרויסע פאַרברעגעגישן. זיין גאַנץ שטרעבן איז — צו דערפילן זיין שליחות אַלס מענטש, וואָס באַשטייט אינם דערקענען די אייביקע אמתן, וואָס דער וויכטיקסטער פון זיי איז די דערקענטעניש פון גאָט און פון זיינע אַלע ווירקונגען. אַזעלכע מענטשן זיינען תמיד מיט גאָט און וועגן זיי זאָגט עס דער משורר: „אלהים אתם ובני עליון כלכם" — איר זייט אַלע געטער און קינדער פונם העכסטן (תהלים פב, ו).

אַלע אַנדערע אָבער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשיידט פון גאָט, דער המון שוטים, טוען גראָד דעם היפּך דערפון: זיי פאַרטרייבן יעדן מין דענקען און גרינדלעך אורטיילן, מאַכן צום תכלית פון זייער לעבן דווקא די באַפרידיקונג פון אָט דעם חוש, וואָס איז אונזער גרעסטע חרפה, — פון דעם חוש המישוש, — און טראַכטן ניט פון קיין אַנדער זאַך, ווי בלויז פון עסן, טרינקען און פון מאַן־ און ווייב־לעבן. וועגן זיי זאָגט עס דער נביא: „וגם אלה ביין שגו ובשכר תעו" — אויך אָט דידאָזיקע זייגען פאַרפירט געוואָרן פון ווייין און וואַקלען זיך פון באַרוישנדיקן געטראַנק (ישעיה כח, ז); אויך: „ונשים משלו בם" — ווייבער באַהערשן זיי (איבידעם ג, יב), וואָס איז גראָד דער היפּך פון דעם מענטשנס באַשטימונג פון אָנהייב יצירה אָן: „והוא ימשל בך" — ער (דער מאַן) זאָל דיך באַהערשן[1]

[1] ד. ה. דער מאַן זאָל גובר זיין די תאווה. דער איבערז

און אַזוי פּריידיקט ר׳ משה בן מיימון ווייטער דעם סטאָיציזם, לויבט די נזירות און די פּרישות און פאַרמשפּט די קערפּערלעכע תענוגים. אָבער אַזוי ווי איך מוז מורא האָבן, אַז אויב איך וועל ממשיך זיין מיימוניס לערע וועגן דעם ענין, וועל איך נאָך אַרויפציען אויף זיך דעם גרימצאָרן פון די איידעלע דאַמען און פון די גאַלאַנטע הערן, וויל איך איבערהיפּן דעם דאָזיקן קאַפּיטל.

אינם ווייטערדיקן פּרק ט׳ זאָגט דער רמב״ם: „די מאַטעריע איז אַ שטאַרקע מחיצה, וואָס שטערט אונז צו באַקומען אַ ריכטיקן באַגריף וועגן אַן אָפּגעזונדערטן גייסט. און גראָד אויף דאָס ווילן די ספרי הנביאים מרמז זיין, ווען זיי זאָגן: עס איז פאַראַן אַ מחיצה צווישן אונז און גאָט; אין פינסטערניש, נעפּל און וואָלקן פאַרבאָרגט ער זיך פון אונז. פּונקט אַזוי זאָגט אויך דער תהלים־זינגער: „ענן וערפל סביביו״ — וואָלקן און נעפּל הילן אים אַרום, — דאָס הייסט: אונזער גוף איז אַ דיקע הילע, וואָס דערלויבט אונז ניט אַריינצוקוקן אין זיין וואָרן עצם; דאָס הייסט אָבער באַין אופן ניט, אַז גאָט איז, כביכול, אַ גוף, אַרומגעהילט מיט וואָלקן און מיט נעפּל, ווי דאָס קען זיך אויסדוכטן פונם פּשוטן זין פון די ווערטער״.

און דעריבער איז אויך געשען די אַנטפּלעקונג פון גאָט אויפן באַרג סיני אין דיקע וואָלקנס און נעפּלען, בכדי דורך דעם אָנצודייטן אויף דער דאָזיקער וואָרהייט. עס איז אויך באַקאַנט געגנוג אין פאָלק, אַז דער טאָג פון מעמד הר סיני איז געווען אַ טאָג פון אַ סך וואָלקנס און פון ווייניק רעגן. די פינסטערניש איז בלויז אין אונז; ביי גאָט אָבער, פאַרקערט, איז ניטאָ קיין חושך, נייערט דאָס גרויסע אייביקע ליכט, וואָס די שפע פון זיינע שטראַלן באַלויכט די גאַנצע פינסטערניש פון וועלטאַל, ווי עס שטייט געשריבן: „והארץ האירה מכבודו״ — און די וועלט איז באַלויכטן געוואָרן פון זיין גלאָריע (יחזקאל מג, ב).

אינם ווייטערדיקן פּרק דערווייזט דער רמב״ם (קעגן דער מיינונג פון די דיאַלעקטיקער), אַז דער מקור פון שלעכטס

איז בלויז די פריוואציע, ד. ה. דער מאנגל (למשל: בלינדקייט איז דער מאנגל אין זען, אומרעכט איז דער מאנגל אין דערצויגענעם גערעכטיקייטס-געפיל).

אין פרק י״ג פון דריטן טייל דערווייזט דער רמב״ם, אַז מען קאָן ניט געפינען קיין שום ענדגילטיקן תכלית פאַר דער מציאות פון דער וועלט בכלל, הן מ׳זאָל אָננע-מען די שיטה פון אריסטאָטעלעס, אַז דידאָזיקע מציאות איז אייביק, הן מ׳זאָל אויפן יסוד פון דעם עדות-זאָגן פון דער הייליקער שריפט גלויבן, אַז די מציאות פון דער וועלט איז אַ שפּעטער אויפגעקומענע. גייען מיר מיט אַריסטאָ-טעלעס, אַז די וועלט איז אַ קדמון, בכן איז זי אַ מחוייב המציאות (אַ מוז פון עקסיסטענץ), — דאַן קענען מיר דאָך זוכן און געפינען דעם תכלית פון דער מציאות בלויז פון די טיילן פון דער וועלט, ווי אַן אָביעקט פון דעם העכסטן שכל, און דאָס רעלאַטיוו, אין פאַרהעלטעניש פון איינעם צו די איבעריקע, אָבער בשום אופן איז ניט מעגלעך צו געפינען דעם תכלית פון דער אַבסאָלוטער מציאות פון דער וועלט בכלל, וויבאַלד זי איז אַ מוז, פונקט ווי עס איז ניט מעגלעך צו דערפאָרשטן דעם תכלית פון מציאות הבורא, וויבאַלד ער איז ניט באַשאַפן געוואָרן דורך אַנדער ווילן און איז אַ מחוייב המציאות, אַן אַבסאָלוט. גייען מיר ווידער מיט תורה, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן לפי דעם רצון פון גאָט, קענען מיר אויך ניט געפינען דעם תכלית פון דער מציאות פון דער וועלט, ווען מיר זאָלן ניט פאָרשטן און זוכן אויך דעם תכלית פון גאָטס רצון, וואָס דורך אים איז די וועלט אַנטשטאַנען, — דאָס איז אָבער אוממעגלעך.

אין פרק י״ד זוכט דער רמב״ם צו באַשטרייטן די מיינונג, אַז דער מענטש איז דער תכלית פון דער גאַנצער יצירה, אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן בלויז פאַר אים. ער פאַרגלייכט די קליינקייט פונם מענטשן מיט דער אומדערמעסטבאַרער גרייס פון דער וועלט און ווייזט אויף אַזאַ אופן דעם אומזין פון דער דאָזיקער מיינונג.

וועגן דער געטלעכער השגחה זאָגט דער רמב"ם (אין פרק יז און יח), אַז זי איז אָפּהענגיק פון דער אַנטוויקלונגס־מדרגה פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, ד. ה. זי איז ניט פאַר אַלע מענטשן גלייך, נייערט פּראָפּאָרציאָנירט: וואָס גרעסער עס איז ביי אַ מענטשן די מענטשלעכע פולקומענהייט, אַלץ גרעסער איז איבער אים די געטלעכע השגחה. — דעם רמבמ"ס אָפּהאַנדלונג וועגן דער געטלעכער השגחה האָב איך אויספירלעך איבערגעגעבן אין אַן אַרטיקל "איבער די טעאָדיצעע" אין דער "דייטשע מאָנאַטשריפט,— בכן שיק איך דעם לעזער אָפּ אַהין.

# אַכטער קאַפּיטל.

## המשך. באַזייטיקונג פון די ספקות אינם ענין ידיעה (גאָטס אַלוויסנהייט). דער ספר איוב בתור מעטאַפיזישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער השגחה.

אין די ווייטערדיקע פרקים זוכט דער רמב״ם צו באַזייטיקן די ספקות, וואָס אייניקע פילאָסאָפן האָבן אַרויסגעזאָגט קעגן דער געטלעכער אַ ל װ י ס נ ה י י ט און ה ש ג ח ה.

עס ליגט שוין, — זאָגט דער רמב״ם אין פרק י״ט, — אין דעם באַגריף ג אָ ט (ווי אַ מ ח ו י י ב ה מ צ י א ו ת, אַ נויט־ווענדיקער עצם), אַז אין אים מוזן זיין אַלע פ ו ל ק ו מ ע נ ה י י ט ן און עס מוזן פון אים פאַרבייבט ווערן אַלע חסרונות, דען ער איז די תּ כ ל י ת ־ ה ש ל י מ ו ת אַ ל י י ן. דאָס איז אַ מ ו ש כ ל ר א ש ו ן (אַן אַקסיאָמע). עס איז אויך כמעט אַן אַקסיאָמע, אַז די אומוויסנקייט אין עפּעס איז אין יעדער הינזיכט אַ חסרון, — און בשייכות גאָט איז דאָס פּשוט אַן א ו מ מ ע ג ל ע כ ק י י ט. וואָס עס האָט אָבער אייניקע דענקער, ווי שוין דערמאָנט, געבראַכט צו דער געוואָגטער באַהויפּטונג, אַז גאָט קען ניט וויסן אַלץ, איז בלויז דאָס, וואָס זיי האָבן באַטראַכט דאָס מענטשלעכע לעבן און גע־פונען אומאָרדענונגען, אומרעכט: צדיק ורע לו, רשע וטוב לו (דעם צדיק גייט שלעכט אויף דער וועלט און דעם רשע — גוט).

אָבער דידאָזיקע ענינים זיינען ניט בלויז רעזולטאַטן פון נויט־ווענדיקע נאַטורגעזעצן, נייערט באַזונדערס פון דער פ ר י י ע ר ב ח י ר ה. דאָס האָבן שוין אַ סך מאָל באַמערקט די נביאים, און אויך דער תהלים־זינגער זאָגט: „ויאמרו: לא יראה יה ולא יבין אלהי יעקב. בינו, בוערים בעם, וכסילים, — מתי תשכילו? הנוטע אוזן הלא ישמע? אם יוצר עין הלא יביט?“ (די גאָטלאָזע זאָגן: דער אייביקער זעט ניט און עס מערקט ניט דער גאָט פון יעקב. באַנעמט עס, איר נאַרן אין פאָלק, און איר שוטים. — ווען וועט איר שוין קלוג ווערן אַמאָל? צי דער, וואָס האָט דאָס אויער גע־פלאַנצט, וועט ניט הערן? אָדער דער, וואָס האָט דאָס אויג גע־בילדעט, וועט ניט זען).

„אייניקע מעדיצין־געלערנטע פון אונזער פאָלק האָבן מיך מיט אַ געוויסער צייט צוריק געפרעגט: וואָס האָט דוד אייגנט־לעך געוואָלט מיט דעם דאָזיקן פאַרגלייך צווישן דער פ אָ ר־ש ט ע ל ו נ ג פון דעם צוועקמעסיקן בוי פון די אָרגאַנען און זייער ג ע ב ר ו י ך? לויט דעם נאָך וואָלט דער[1]), וואָס האָט דעם מויל באַשאַפן, מוזן עסן, און דער, וואָס האָט די לונגען אויס־געבילדעט, וואָלט מוזן שרייען?

טראַכט זיך אַריין, לעזער, אין מיין מאמר און זע, ווי דידאָזיקע לייט האָבן די גאַנצע שטעלע שלעכט פאַרשטאַנען.

עס איז דאָך קלאָר, אַז דער מייסטער, וואָס אַרבעט אויס אַ אינסטרומענט, וואָלט דעם דאָזיקן אינסטרומענט ניט געקענט אויסאַרבעטן, ווען ער וואָלט ניט געהאַט פריער די פאָרשטעלונג אין שכל, ווי מ׳דאַרף זיך באַנוצן מיט דער דאָזיקער כּלי און וואָס פאַר אַ ווירקונג עס דאַרף מיט אים געמאַכט ווערן.

ווען, למשל, דער נאָדלמאַכער וואָלט ניט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג וועגן נייען, וואָלט ער ניט געקענט צוגרייטן די נאָדל, זי זאָל טויגן צו איר צוועק. דאָס זעלביקע איז אויך מיט אונזער ענין. די גאָטלאָזע זאָגן, אַז די י ד י ע ה (אַלוויסנהייט) פון גאָט קאָן זיך ניט אויסשפרייטן אויף א י נ ד י ו ו י ד ן, אויף

[1]) גאָט.

פרטים, ווייל די אינדיווידן, די פרטים קען מען משיג זיין בלויז דורך די חושים, בעת גאָטס השגה איז ניט דורך חושים, ביירערט דורך פאַרנונפט. אָט די מיינונג האָט דוד אָפּגעוואָרפן, אָנווייזנדיק אויף דער איינאָרדענונג פון די אָרגאַנען גופא, וואָס אָן אַ פאָרשטעלונג וועגן זייער געברויך וואָלטן זיי ניט געקאָנט אַזוי צוועקמעסיק אויסגעבילדעט ווערן. ווי קאָן גאָר אַרויף אויפן דעת, אַז די פייכטקייטן פונם אויג, זייבע הייטלעך און נערוון, וואָס זיינען אַלע אַזוי צוועקמעסיק איינגעאָרדנט, זאָלן זיין אַנטשטאַנען צופעליק? ניין, דאָס זייבען ווירקונגען פון הכרחדיקע נאַטורגעזעצן, ווי דאָס ווייזט אָן יעדער פילאָסאָף און מעדיצינער. די נאַטור אַליין אָבער האָט ניט קיין באַוואוסטזיין און קיין קראַפט פון איבערלייגונג. דידאָזיקע קינסטלערישע איינאָרדענונג מוז על כן זיין אַ פועל־יוצא פון אַ עצם אַ בעל־שכל, וואָס האָט אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם געברויך פון דידאָזיקע טיילן. מיט רעכט רופט דעריבער דוד אָן די אַלע, וואָס לייקענען דערין, שוטים און נאַרן און דערווייזט, אַז אַזעלכע ספקות זיינען אַ רעזולטאַט פון אונזער גייסטיקער באַגרענעצטקייט און אַז אַ־בער דידאָזיקע ספקות טאָרן מיר ניט פאַרוואַרפן די אמתן, וואָס זיינען באַגרינדעט אויף אַנדערע יסודות. „גאָט, זאָגט ער, וואָס האָט דעם מענטשן געגעבן דעם כוח פון דערקענטעניש, ווייס, אַז די געדאַנקען פונם מענטשן זיינען הבל" (המלמד אדם דעת יודע מחשבות אדם כי המה הבל).

די פּעריפּאַטעטישע פילאָסאָפן (אַריסטאָטעליאַנער) שטעלן אַרויס צוויי טענות קעגן גאָטס ידיעה (אַלוויסנהייט):

1) גאָט מוז זיך פאָרשטעלן די צוקונפט, דאָס מעגלעכע אין דער צוקונפט, ענטוועדער ווי אַ מעגלעכקייט (וואָס וועט מעגלעך געשען), אָדער ווי אַ ווירקלעכקייט (וואָס וועט ווירקלעך געשען). אין ערשטן פאַל וועט זיין ידיעה ליידן אַ פאַרענדערונג, ווייל באַלד ווי דאָס מעגלעכע (דאָס פּאָטענציעלע) ווערט ווירקלעכקייט (גייט אַריבער מן הכוח אל הפועל), מוז

ער זיך פאָרשטעלן דאָס פאַרוואָרקלעכטע אנדערש ווי פריער, ווען דאָס איז נאָך געווען בלויז מעגלעכקייט. אין צווייטן פאַל אָבער וועט זיין ידיעה אַרומנעמען די ידיעות פון אַ סך זאַכן, וואָס עס איז אָבער ניט בהסכם מיטן באַגריף פון אמתער, רעאַלער ידיעה, ווייל (און דאָ קומען מיר צו דער צווייטער טענה)

2) אַ רעאַלע (ניט בלויז פאָרמעלע) פאָרשטעלונג (ידיעה) מוז אַרומנעמען דעם פאָרגעשטעלטן געגנשטאַנד פון אַלע זייטן, אָבער דאָס איז אוממעגלעך בנוגע אַן אומ-ענדלעכן געגנשטאַנד, דען דאָס אומענדלעכע קאָן ניט זיין קיין געגנשטאַנד פון אַ רעאַלער פאָרשטעלונג, ווייל עס קאָן דאָך ניט אַרומגענומען ווערן פון אַלע זייטן (עס האָט דאָך קיין זייטן ניט, עס איז דאָך אומענדלעך).

דידאָזיקע טענות איז דער רמב״ם סותר (אין פרק כ״א) אויף פאָלגנדיקן אופן:

עס איז, זאָגט ער, אַ גרויסער אונטערשייד צווישן דער ידיעה פון דעם מייסטער, וואָס האָט געשאַפן דעם אינסטרומענט, וועגן דעם דאָזיקן ווערק זיינעם, און דער ידיעה פון אַן אַנדערן וועגן דעם דאָזיקן אינסטרומענט. דער קינסטלער, למשל, וואָס האָט געשאַפן אַ וואַסער-זייגער, מוז שוין פון פריער האָבן אַ פאָרשטעלונג דערפון. דער סכום פונם אָפּפליסנדיקן וואַסער, די פאַרשיידנאַרטיקע אָפּנייגונגען, זייערע פאַרשיידענע ריכטונגען און אַלע שנורן, וואָס ווערן אַראָפּגעצויגן, זיינען אים באַקאַנט ניט דורך ערשט איצט געמאַכטע אָבסערוויִרונגען, נייערט שוין פון פריער; זיין פאָרשטעלונג ווערט ניט באַשטימט דורך דידאָזיקע באַוועגונגען, נייערט פאַרקערט, — דידאָזיקע באַוועגונגען זיינען באַשטימט געוואָרן דורך זיין פאָר-שטעלונג, דורך זיין ידיעה פון פריער, פאַרקערט, בנוגע דעם זייטיקן אָבסערווירער באַשטייט די זאַך גאַנץ אַנדערש. וואָס מער דער זייטיקער קוקט זיך צו און מיט יעדער נייער באַוועגונג פונם מעכאַניזם קומט אים צו אַלץ אַ נייערע פאָרשטעלונג, אַ נייערע ידיעה. דעריבער, אויב דידאָזיקע באַ-

וועגונגען זיינען אומענדלעך, דאַן קען דער זייטיקער אָבּ־ סערוואַטאָר זיי ניט אַרומנעמען מיט זיין פאָרשטעלונג. אויך איז אים אוממעגלעך צו וויסן קיין איינציקע פון די דאָזיקע באַ־ וועגונגען עטוואָס פאַר איר אויפקום.

פונקט אַזוי איז אויך דער אונטערשייד צווישן אונזער דערקענטעניש און גאָטס אַלוויסנהייט. מיר ווייסן וואָס מיר ווייסן — בלויז פון אונזערע אָבסערוואַציעס איבער דער נאַטור; מיר קענען דעריבער ניט וויסן — ניט דאָס, וואָס דאַרף נאָך קומען, ניט דאָס, וואָס האָט קיין סוף ניט. אונזערע ידיעות באַגייען זיך און פאַרמערן זיך בכן, ווי די זאַכן, וואָס מיר באַ־ קומען פון זיי אונזערע ידיעות. ניט אַזוי אָבער איז גאָט. ער ווייס די זאַכן ניט פון אָבסערוואַציעס און באַטראַכטונגען נאָך זייער אַנטשטיין, וואָס דאַן וואָלט זיין וויסן אונטערגעוואָרפן געוועזן דער פּלוראַלישקייט (פילקייט) און דער פאַרענדערונג, — ביירעט אומגעקערט: די זאַכן זיינען פועל־יוצאס פון זיין פריִ־ ערדיקן וויסן, וואָס באַשטימט זיי, אָט די זאַכן, איטלע־ כע אויף איר אַרט און אָרט[1]. דעריבער אַנטהאַלט זיין וועזן ניט קיין פּלוראַלישקייט פון ידיעות און איז ניט אונ־ טערוואָרפן קיין פאַרענדערונג. זיין וויסן איז דער יסוד פון אַלע זאַכן. די ידיעה פון אַלע זאַכן איז בכן ניט אָפּצושיידן פון דער ידיעה פון זיין עצם, דען די געטלעכע אַלוויסנהייט איז דער עצם געטלעכער מהות, דער געטלעכער עצם אַליין. מיר מענטשן אָבער קענען גאָר ניט דערגרייכן קיין שום קלאָרע דערקענ־ טעניש פון דעמדאָזיקן כוח פון אַבסאָלוטער אומענדלעכער ידיעה.

דער ספר איוב איז לויטן רמב״ם׳ס מיינונג (אין פרק כ״ד פון דריטן טייל) אַ וויכּוח איבער דער געטלעכער ידיעה און השגחה. דער וויכּוח איז אָנגעווענדט אויף איין איינצלנעם פאַל, און עס איז גאַנץ עגאַל, צי דער פאַל האָטווירקלעך פּאַסירט, אָדער די גאַנצע מעשה איז אַ פּרוכט פון דיכטערישער פאַנטאַזיע. איוב, אַ איש תם וישר (אָבער ניט קיין חכם, דען דער חכם ווייס ניט פון קיין שום שלעכטס,

[1] השגחה פרטית. דער איבערז.

אויסער דער מאָראַלישער אומפולקומענהייט) ליידט אַ סך צרות און אומגליקן, אָן שום זינד און שולד. בכן ווערט עס נאָכגעשפירט נאָך דער סיבה פון דידאָזיקע ליידן. די מלאָכים, די בני אלהים (די נאַטור־קרעפטן) שטייען ביי גאָט (ד. ה. זיי דערפילן זיין וואָרט, טוען זייער שליחות אָפּצו־היטן די אָביעקטן פון דער נאַטור, וואָס זיינען זיי אָנגעטרויט געוואָרן). און אָט קומט דער גייסט פון חושך — דער שטן (די פּריוואַציע — דער מזיק אָדער דער מאַנגל — דער מקום פון גאָר דאָס שלעכטס), מישט זיך מוטוויליג אַריין צווישן זיי, ניט האָבנדיק צו זיי קיין שום שייכות (די פּריוואַ־ציע, דער מאַנגל, דער שאָדן — איז ניט דער צוועק פון דער נאַטור, נייערט אַ בייז, וואָס האָט זיך אומצושיידבאַר באַהעפט אין דער מאַטעריע). ער קומט פון אַרומלויפן און אַרומדרייען זיך איבער דער ערד, מיט הימלשע ענינים אָבער האָט ער גאָרנישט צו טאָן (די פּריוואַציע איז באַהעפט בלויז אין חומר, אין קערפּערלעכע געגנשטאַנדן, אָבער ניט אין אומקערפּערלעכע, שכלדיקע עצמס). און אָט ווערט דעם שטן געגעבן שליטה און ממשלה איבער איובס פאַר־מעגן, אויך איבער זיין גוף, אָבער ניט איבער זיין נשמה (דער מענטש, ווי אַן עצם אַ בעל־שכל מיט אַ פרייער בחירה, איז אַלס אַזעלכער, ניט אַלס פיזישער עצם, ניט אונטער־וואָרפן דעם פיזישן בייז, און פון מאָראַלישן שלעכטס קען ער אַליין פאַרהיטן זיך).

דאָ איז דער אָרט צו דערמאָנען אַ פּאָרטרעפלעכע שטעל פון תלמוד, ווי ר' שמעון בן לקיש זאָגט: „הוא השטן, הוא יצר־הרע, הוא מלאך־המות" — דער שטן, דער בייזער גייסט אין מענטשן און דער מלאך־המות איז איינע און די זעל־ביקע פערזאָן. ד. ה.: דער שטן, די פּריוואַציע אָדער די איינשרענקונג און שטערונג פון די נאַטורקרעפטן און פון די פי־זישע געגנשטאַנדן, און דער יצר־הרע — די גראָבע תאוות און די בייזע פאַרלאַנגען, וואָס קומען אויך פון דער פּריוואַ־

ציע, פונם מאַנגל אין דער טעטיקייט פון שכל און פון דער פרייער בחירה, — ברענגען צום פיזישן און מאָראַלישן אונטערגאַנג, — בכן זיינען זיי אַלע דריי איינס.

נאָך דער דאָזיקער הקדמה גייט ווייטער דער רמב״ם און דערקלערט לפי דעם דאָזיקן דרך זיינעם דעם גאַנצן ספר איובֿ. און ער געפינט אין איובס רייד און אין די רייד פון יעדערן פון זיינע חברים אַ באַזונדערע פילאָסאָפישע מיינונג וועגן דער געטלעכער השגחה. ער פירט דאָס דורך אויף אַזאַ מוסטערהאַפטן אופן, אַז יעדערע פון דידאָזיקע פערזאָנען שטימט אין גאַנצן ספר מיטן אייגענעם באַזונדערן כאַראַקטער און מיט דער אייגענער פילאָסאָפישער סיסטעם.

איינער פון אונזערע גדולים, ר׳ לוי בן גרשון[1], האָט געוואוסט גוט אויסצונוצן דידאָזיקע רמזים, וואָס דער רמב״ם האָט געגעבן צום ביאור פון ספר איוב, וואָס אים איז זייער שווער צו דערקלערן, — און ער האָט אָנגעשריבן אַ פולשטענדיקן פירוש אויף איוב בהסכם מיטן דאָזיקן פּלאַן, און זיין פירוש איז אפשר דער איינציקער אין זיין מין.

---

[1]) ר׳ לוי בן גרשון (ה׳ מ״ח — אַן ערך ה׳ ק״ה, אָדער 1288—אַן ערך 1345) — באַרימטער תּלמודיסט, ביבל־פאַרשער, מאַטעמאַטיקער, אַסטראָנאָם (גרויסע אויפטועך, ערפינדער פון אַן אַסטראָנאָמישן אַפּאַראַט), נאַטור־וויסנשאַפטלער, מעדיקער און, דער־עיקר, פילאָסאָף (אין פּראָוואַנס), איז אַוועק דרייסטער פון רמב״ם. פון זיינע מאַסן ווערק אויף פאַרשיידענע געביטן פון וויסנשאַפטן איז באַזונדערס באַוואוסט זיין פילאָסאָפישער ספר „מלחמות ה׳“. דער פויפסט קלעמענטיוס VI האָט באַפוילן איבערצוזעצן אויף לאַטיין אַ קאַפּיטל פון זיין ווערק איבער אַסטראָנאָמיע. ר׳ לוי בן גרשון איז ביי אונז באַוואוסט באַזונדערס אונטערן פּסעוודאָנים רלב״ג (ראשי־תּיבות פון זיין נאָמען), אויך הגרשוני, און אין דער אַלגעמיינער וויסנשאַפטלעך־פילאָסאָפישער ליטעראַטור אונטער די פּסעוודאָנימען גערסאָנידעס און Maestro Leon de Bognols.

דער איבערז.

# ניינטער קאַפּיטל.

## תורת משה. די היידנישע רעליגיע פון די סאַבּער און אירע הבלים זיינען געווען די סיבה פון אַ סך חוקים אין דער תורה, וואָס האָבן ניט קיין שום אַנדער טעם.

נאָך דידאַקטישע אַלע חקירות גייט דער רמב״ם אַריבער צו דערקלערן די טעמים און די כוונות פון די חוקים אין תורת משה. אָבער איידער ער הייבט אָן דידאַקטישע אַרבעט, גיט ער בתור אַריינפיר עטלעכע הקדמות.

„אַלע האַנדלונגען, — זאָגט ער אין פרק כ״ה, — קאָנען אין באַציִונג צו זייער צוועק איינגעטיילט ווערן אין פיר קאַטעגאָריעס: אין צוועקלאָזע, אין שפּילנדיקע, אין אומגעלונגענע און אין גוטע האַנדלונגען. די צוועקלאָזע האַנדלונגען זיינען אַזעלכע, וואָס מען טראַכט דערביי ניט וועגן קיין שום תכלית, ווי, למשל, ווען געוויסע מענטשן זיינען פאַרטאָן אין טראַכטן און שפּילן זיך בעת־מעשה מיט די הענט; אַהער געהערן אויך די האַנדלונגען פון משוגעים. די שפּילנדיקע האַנדלונגען זיינען אַזעלכע, וואָס מען שטעלט זיך דערביי שוין יאָ אַ צוועק, — אָבער אַ גאַנץ קליינעם צוועק, — בלויז זיך צו אַמוזירן. די אומגעלונגענע האַנדלונגען זיינען אַזעלכע, וואָס מען שטעלט זיך דערביי אַפילו יאָ אַ צוועק, אָבער מחמת געוויסע סיבות געלינגט דער צוועק ניט. די גוטע האַנדלונגען זיינען אַזעלכע, וואָס מען

שטעלט זיך דערביי א וויכטיקן צוועק, וואָס ווערט אויך דער־גרייכט.

דיווירקונגען פון גאָט קאָנען ניט זיין פון די ערשטע דריי קאַטעגאָריעס, נייערט פון דער פערטער קאַטע־גאָריע. זיי זיינען בהכרח גוט, זיי מוזן גוט זיין, ווי עס שטייט געשריבן: „וירא אלהים את כל אשר עשה והנה טוב מאד" — און גאָט האָט געזען אַלץ, וואָס ער האָט געמאַכט, און נון, — עס איז זייער גוט. בכן ווערט פון זיך אַליין צונישט די מיינונג פון אייניקע פילאָסאָפן, וואָס באַהויפּטן, אַז די ווירקונגען פון גאָט זיינען בלויז רעזולטאַטן פון זיין פּשוטן רצון אָן שום פאָרשטעלונג פון צוועקן און מ׳דאַרף בכן אויך ניט זוכן פאַר זיי קיין תכלית, — דען אויף אַזאַ אופן וואָלטן דאָך גאָטס ווירקונגען געדאַרפט צוגערעכנט ווערן צו דער קאַטעגאָריע צוועקלאָזע.

אינם ווייטערדיקן פרק כ״ו זאָגט דער רמב״ם, אַז ווי עס עקסיסטירן צווישן די פילאָסאָפן און די בעלי־התורה חלוקי־דעות וועגן די ווירקונגען פון גאָט אין דער נאַטור, צי זיינע מעשים זיינען פועל־יוצאס פון זיין חכמה און האָבן אַ תכלית, אָדער זיי זיינען רעזולטאַטן בלויז פון זיין רצון אַליין און מ׳דאַרף בכן פאַר זיי קיין שום תכלית ניט זוכן, — פונקט אַזוי זיינען פאַרהאַן צווישן זיי חלוקי־דעות אויך וועגן די מצוות (באַ־פעלן, געבאָטן). אייניקע האַלטן, אַז די מצוות פון דער תורה זיינען אַ פועל־יוצא פון גאָטס רצון; אַנדערע אָבער באַהויפּטן, אַז זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון זיין חכמה. דער רמב״ם איז מסכים מיט אָט דער לעצטער מיינונג. אייניקע שטעלן אין תלמוד, וואָס שיינען צו זיין קעגן דער דאָזיקער לעצטער מיי־נונג, זוכט דער רמב״ם צו דערקלערן אַזוי, זיי זאָלן יאָ שטימען מיט איר, און אויף אַנדערע שטעלן, וואָס לאָזן זיך ניט דער־קלערן אויף דעם אופן, וואונדערט ער זיך.

די כוונה, דער תכלית פון די מצוות און חוקים פון פון דער תורה איז, לויט דעם רמב״ם, דער תיקון (די פאַר־פולקומונג) פונם גוף (דערונטער ווערט פאַרשטאַנען דער מאַ־

טעריעלער נוצן פאַר דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אין דעם כלל שוין אויך די געזעצן פון געזונט) און דער תיקון פונם גייסט, ד. ה. די פאַרפולקומונג פונם כוח פון דערקענטעניש און פון ווילן. עס זיינען אָבער דאָ אייניקע מצוות און חוקים אין תורת משה, וואָס, ווי עס שיינט, איז זייער כוונה ניט איינער פון די דערמאָנטע צוויי צוועקן. אַזעלכע מינים געזעצן זיינען, לפי דעם רמבמס מיינונג, איינגעשטעלט געוואָרן ווי אַ קעגנזאַץ צו די מנהגים און גלויבונגען פונם יעמאָלט הערשנדיקן היידנטום. דעריבער געפינט דער רמב״ם פאַר נייטיק אַפריער צו מאַכן אַ קורצע שילדערונג פון דעם דאָזיקן היידנטום און פון די הבלימדיקע אמונות, וואָס זיינען געלעגן אין יסוד פונם געצנדינסט.

„עס איז ידוע, — זאָגט דער רמב״ם אין פרק כ״ט פון חלק ג׳ — אַז אַברהם אָבינו איז דערצויגן געוואָרן אינם גלויבן פון צאַבהי[1] (סאַבעער, שְבָאים). דידאָזיקע שבאים

[1]) צאַבה — סבַא — סבא אָדער שבא. לויט יוסף בן מתתיהו, פלאוויוס, איז דאָס לאַנד סבא, וואָס האָט פאַרצייטן געהייסן אויך צאבה אָדער סבא, געלעגן אויף די ברעגן פון נילוס און האָט זיך געצויגן פון די גרענעצן פון נוביע צו דרום ביז צו די בערג פון לאַנד כוש (עטיאָפיע). דאָס איז אַן ערך דער זעלביקער שטח פון דער טעריטאָריע, וואָס איז היינט באַקאַנט אונטערן נאָמען אביסיניע. דערויף ווייזן אויך די ביבלישע מקורים וואו סבא רעכנט זיך פאַר אַ זון פון כוש (בראשית י׳, ז׳), אָדער זיי שטייען צוזאַמען: כוש וסבא (ישעיה מג, ג׳). סבא איז געווען פון די בני חם און אַ פאָלק פון באַרבאַרן. אָבער אויך אויפן אַראַבישן האַלב-אינזל, צו דרום פון תימן (יעמען), איז געווען אַ לאַנד און אַ שטאָט מיטן זעלביקן נאָמען צאבה (אויף אַראַביש) אָדער סאַבא (גריכיש-לאַטייניש). דידאָזיקע שטאָט עקסיסטירט נאָך עד היום. אָט דאָס לאַנד רופט מען אין העברעיש שבא. דאָס פאָלק שבא איז געווען פון סעמיטישער אָפּשטאַמונג, האָט געפירט אַ גרויסן האַנדל מיט פאַרשיידענע לענדער, אויך מיט פעניקע, איז געווען רייך און מעכטיק און איז באַזעסן אַ שטאַרקע היידנישע קולטור, וואָס האָט אויסגעשפּרייט איר השפעה ווייט און ברייט. די מלכת שבא אין שלמה המלכס צייטן איז געווען

האָבן געהאַלטן די שטערן און פּלאַנעטן פאַר געטער און די זון פאַרן גרעסטן גאָט[1]). אין זייערע כראָניקעס דערציילן זיי וועגן אברהם אָבינו בזה הלשון: „היות אַברהם, אַ געבאָרענער פון כּותֿ[2]), האָט אָפּגעטראָטן פונם אַלגעמיינעם גלויבן און באַהויפּט, אַז עס איז פאַרהאַן אַ גאָט אויסער דער זון, — האָט מען קעגן אים אַרויסגעשטעלט גרינדלעכע טענות, אַז מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך דיווירקלעכע השפּעה פון דער זון אויף דער נאַטור. אַברהם האָט אָבער דערויף געענטפערט: איך בין גערן מסכּים, אַז דידאָזיקע השפּעה איז ווירקלעך דאָ, אָבער די זון איז ווי אַ האַק אין די הענט פון דעם האָלצהעקער (ד. ה. זי ווירקט ניט מיט איר אייגענעם כּוח, נייערט דורך אַ העכערער סיבּה). תּיכּף נאָך דעם האָט דער קיניג אים אַריינגעזעצט אין תּפיסה; אָבער אַזוי ווי ער האָט אויך אין געפענגעניש ווייטער אָן אויפהער פאַרשפּרייט זיין נייע לערע און עס איז אויפגעקומען אַ מורא, אַז ער וועט אַראָפּפירן די מענטשן פון

---

פון דעם דאָזיקן אַראַבישן לאַנד, ניט פון אַביסיניע. איר נאָמען לעבט אין דער אַביסינישער לעגענדע בלויז צוליב דעם, וואָס אַ לאַנגע צייט האָט שבא געהערשט אויך איבער אַביסיניע, און האָט איר געגעבן איר נאָמען, נאָר מיט אַ ס׳ (סבֿא). שבא ליגט קעגנאיבער אַביסיניע, עס טיילט זיי פונאַנדער בלויז דער אַזויגערופענער „רויטער ים״ (דער ים סוף).—די כאַראַקטעריסטישע רעליגיע פון שבא רופט זיך אויפן נאָמען פון פאָלק אין דער אַראַבישער פאָרם — צַאבַּה.

דער איבערז.

1) די שבאים זיינען עס די עכטע עובדי כּוכבים ומזלות (דינער צו די שטערן און פּלאַנעטן), וואָס האָבן איבערגעגעבן זייער אמונה דער גאַנצער סעמיטישער ראַסע. בבל, אשור, פעניקיע זיינען שוין געקומען שפּעטער. „עובדי כּוכבים ומזלות״ גייט שטענדיק אין ראשי־תּיבֿות: עכּו״ם.

דער איבערז.

2) כּות אָדער כּותה — אַ מדינה אויפן ברעג פון פּערסישן ים־אויסגוס אין דער אומגעגנט פון שושן. היינט — כוסיסטאַן.

דער איבערז.

וועג פון זייער גלויבן און וועט אומברענגען די מלוכה, — האָט דער קיניג אים פאַרטריבן אין די מזרחדיקע געגנטן".

נאַטירלעך, האָבן די סאַבעיִשע כראָניקעס גאָר־בישט דערמאָנט וועגן אַברהמס געטלעכע אַנטפּלעקונגען.

דאָס העכסטע, צו וואָס די יעמאָלטיקע פילאָסאָפיע איז ביכולת געווען צו דערלאַנגען, איז די פאָרשטעלונג, אַז גאָט איז די נשמה פון אַלע הימלשע קערפּערס.

דערצו האָבן די שבאים געגלויבט, אַז די וועלט איז אַ קדמון. זיי האָבן גערעכנט, אַז אדם הראשון איז, פּונקט ווי אַלע אַנדערע מענטשן, געבאָרן געוואָרן פון עלטערן, נאָר ער איז געווען אַ באַגייסטערטער נביא, אַ געשיקטער פון דער לבנה (באַהיט אונז, גאָט, פון אַזאַ כּבוד!), און האָט גערופן די מענטשן צו דינען צו דער לבנה, — און אַז ער האָט געשריבן ווערק וועגן ערדאַרבעט. נח איז געווען אַן אַקערמאַן און האָט ניט געוועלט דינען צו די בילדער (צו די שטערן), — דערפאַר ווערט ער ביי די שבאים געטאַדלט, און זיי דערציילן אין זייערע כראָניקעס, אַז מ'האָט אים פאַר זיין פאַרערן גאָט געשלאָגן און אַריינגעזעצט אין געפענגעניש. זיי האָבן געהאַלטן, אַז שת האָט ניט איינגעשטימט מיט זיין פאָטער אדם און האָט געדינט צו דער לבנה. דערצו קומען נאָך אַלערהאַנט לעכערלעכע מעשיות, וואָס ווייזן דעם העכסטן גראַד פון אָבערגלויבן און אומוויסנקייט פון יענע צייטן. אַזוי האָבן זיי דערציילט, אַז ווען אדם איז אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד תַּשׁאם, וואָס איז נאָענט צו אינדיע, און איז אַוועק קיין בבל, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך אַ סך מערקווירדיקייטן פון דער נאַטור, דערין אַ שפּראָצנדיקן גאָלדענעם בוים מיט בלעטער און בליטן, אויך אַ שטיינערנעם בוים, וואָס קיין פייער קען אים ניט פאַרברענען. אויך דערציילן די סאַבעער וועגן אַ בוים, וואָס צען טויזנט מאַן קאָנען אין זיין שאָטן פּלאַץ באַקומען, כאָטש איינגאַנצן איז ער ווי אַ מענטש די הייך, — וכדומה הבלים. לויט די מעשיות פון די סאַבעער, האָבן זיי

עס די ערשטע געשאַפן בילדער פון די שטערן: די גילדערנע פאַר דער זון און די זילבערנע פאַר דער לבנה. אויך האָבן זיי אײַנגעטיילט די קלימאַטן און די מינעראַלן לויט די שטערן, וואָס האָבן דערויף השפעה (די סימנים אין די ביכער פון די נאַטורוויסנשאַפטלער, וואָס זײַנען געמיינשאַפטלעך (בשותּפותדיק) די פּלאַנעטן און מעטאַלן, ווי, למשל, דער סימן ☉, וואָס באַצייכנט די זון און גאָלד, דער סימן ☿, וואָס באַצייכנט די פּלאַנעט מערקור (מזל־כּוכב) און קוועקזילבער, וכדומה, — דידאָזיקע סימנים זײַנען פאַרבליבענע שפּורן פון די שטערנבילדער פון דער צאַבה).

די סאַבעער האָבן געבויט טעמפּלען, וואו זיי האָבן אַרײַנגעשטעלט דידאָזיקע שטערנבילדער, און זיי האָבן געגלויבט, אַז די כּוחות פון די שטערן און פּלאַנעטן ווערן איבערגעגעבן דידאָזיקע בילדער, וואָס שטעלן זיי פאָר, און דערמיט באַגײַסטערן זיי די מענטשן, פּליסן אײַן די מענטשן אַ פעאיקייט צו פאַרשטיין די נאַטור פון אַלע זאַכן און גיבן זיי אויך דעם כּוח פון נבואה. פּונקט אַזוי באַהויפּטן זיי וועגן די ביימער, וואָס זײַנען געווידמעט דידאָזיקע פּלאַנעטן, אַז ווען מען פּלאַנצט אַ בוים אויפן נאָמען פון אַ שטערן אָדער אַ פּלאַנעט און מען גרייט אים צו אויף אַ געוויסן שטייגער, דאַן איז די רוחניות פון יענעם שטערן אָדער פּלאַנעט משפּיע אויף דעם דאָזיקן בוים און גיט אײַן דעם מענטשן אַ רוח הנבואה. פון דער דאָזיקער סעקטע זײַנען עס געוועזן די נביאים פון בעל[1].

1) בַּעַל (בײַ די כּנַענים)=בְּעֵל (בײַ די אַרמים=בֵּל (פאַרקירצט פון בְּעֵל—בײַ די בַּבלים)—גאָט פון דער זון, גרעסטער פון אַלע שטערן־געטער. מ׳האָט אים גערופן מיט אַ ה׳ הידיעה: הבעל — דער האַר פון דער וועלט. די בבלים האָבן אים פאָרגעשטעלט ווי אַ מעכטיקן און פרעכטיקן קיניג מיט אַ קרוין און אָקסנהערנער אויפן קאָפּ. אויף די רעשטן פון די מצבות אין אשור איז זײַן נאָמען אויסגעקריצט אַזוי: „האַר איבער די האַרן, קראַפט פון מלחמה, ליכט פאַר אַלע געטער“. מ׳האָט געגלויבט, אַז פון אים קומט אַלדאָס גוטס, שיינס און דערהייבנס אויף דער וועלט. אויף די מצבות אין צור (פעניקיע)

און פון דער אשֵׁרָהי), וואָס ווערן דערמאָנט אין די כתבי הקודש.

דידאָזיקע הבלים האָבן זיך פאַרשפּרייט און זיך געטיילט אין אַ סך צווייגן פון געצנדינערישע שיטות. דערפון זיינען עס אויפגעקומען די כל המינים מכשפים, וואָלקנטרייטער, טויטנבאַ־פרעגער אאַז״וו.

---

איז אויסגעקריצט: „מֶלְקַרְת (מֶלֶךְ קַרְת—קיניג פון דער שטאָט) בַּעַל צור (דער האַר פון צור". דער קעגנזאַץ פון בעל — דעם יסוד פון גוטס — איז געווען מולך — דער יסוד פון בייז, וואָס פאָדערט מענטשלעכע קרבנות.

דער איבערז.

[1]) אֲשֵׁרָה — געטין פון דער לבנה אין געשטאַלט פון אַ פרויענצימער, געטין פון גליק (אֹשֶׁר) און פון ברכה, סימבאָל פון פרוכטבאַרקייט אין דער וועלט פון די בעלי־חיים און אין דער פלאַנצנוועלט, דען זי ווערט מוּשְׁפָּע פון איר מאַן דעם בעל, און מחמת דעם האָט זי אויך געהייסן בעלת און בְּעֶלְתִּית (די האַרינטע). איר האָט מען געווידמעט קוואַלן און טייכן און זייערע פישן, אויך פרישעביימער, וואָס אונטער זיי האָט מען געבויט מזבחות צו איר און צום בעל. צו דער אשֵׁרָה פלעגט מען מקריב זיין יונגע טויבן און ציגנבעק און אין די הגאות פלעגן מיידלעך מקריב זיין צו איר אין די גערטנער און אין די וועלדער — זייער מיידלשאַפט אין רע־ליגיעזע זנות־אָרגיעס. ווייבער פלעגן פאַר דער אשרה מאַכן כל המינים פרעכטיקע אויסהאַפטונגען און באַפּוצונגען. — די אשרה האָט מען אויך גערופן עַשְׁתּוֹרֶת (די עשירות פון די סטאַדעס און פון די שפייכלערס תבואה, — אין רבים עַשְׁתָּרוֹת), ווייל זי איז די מוטער פון אַלץ, וואָס ווערט געבאָרן, שפּראָצט און וואַקסט, און זי שיקט דעריבער אַריין די מזל־ברכה אין די פעלדער אין די גערטנער, אין די וועלדער און אין די הערטשאַפטן. איר בילד איז אויך געווען מיט הערנער אויפן קאָפּ. די רעזידענץ פון עשתורת (אַסטאַרטאַ) איז געווען עַשְׁתְּרוֹת־קַרְנַיִם אין דער מדינה גולָן אין עבר־הירדן, וואו אויף דעם אָרט איז היינט אַ באַרג רוינען. אין די חורבות פון דער שטאָט קְנָת־נוֹבַח, אויך אין עבר־הירדן ניט ווייט פון יַם כִּנֶּרֶת, האָט מען אין XIX יר״ה געפונען אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ פון דער דאָזיקער געטין.

דער איבערז.

בכן איז די ערשטע כוונה פון תורת משה געווען — אויסצוראָטן דעם דאָזיקן אָבערגלויבן און דעם היידנטום, וואָס גרינדעט זיך אויף אים. דען אַלץ, וואָס עס איז אומווירדיק און פאַרהאַסט ביים אייביקן, האָבן זיי פאַרערט ביי זייערע געטער, דען אויך זייערע זין און טעכטער פאַרברענען זיי אין פייער צו זייערע געטער „כי כל תועבת ה׳ אשר שנא עשו לאלהיהם, כי גם את בניהם ואת בנותיהם ישרפו באש לאלהיהם״, — דברים י״ב, ל״א).

איך געפין אין זייערע שריפטן, אַז זיי פלעגן מקריב זיין צו זייער גרעסטן גאָט, דער זון, זיבן פלעדערמייז, זיבן מייז און נאָך זיבן אַנדערע שרצים. — גענוג עקלהאַפט! — די באַקאַנטשאַפט מיטן גלויבן פון די סאַבעער און מיט זייער עבודה־זרה איז מיר געווען זייער ניצלעך, דען אַדאַנק דעם בין איך ביכולת געווען צו דערקלערן דעם טעם פון אַ סך חוקים אין תורת משה, וואָס אָן דעם וואָלטן זיי געווען אומדערקלערבאַר. דאָס הויפּט־בוך פון דער רעליגיע פון דער צאַבאַה איז „העבודה הַנְבַּתִּיָה״, וואָס איז איבערגעזעצט אויף אַראַביש דורך אִבּן חַשִׁיַה.

אָט דאָס בוך איז פול מיט אומזין און שגעונות פון דער עבודה־זרה און מיט אַזוינע זאַכן, וואָס די פּשוטע מענטשן פונם המון זיינען זייער נוטה און להוט נאָך זיי, דהיינו: מעשי כישוף, מעשי שדים, באַשווערונגען פון רוחות און ווי מען קאָן דורך קמיעות (טאַליסמאַנען) אַרונטערמאַניען די הימלשע כוחות. דאָ ווערט אויך איבערגעגעבן אַ דערציילונג פון דעם „ספר אדם״, וואָס דערמאָנט זיך דרינען, אַז אין אינדיע איז דאָ אַ בוים, וואָס ווען מ׳זאָל אָפּברעכן זיינע צווייגן און וואַרפן זיי אויף דער ערד, וועלן זיי, די צווייגן, תיכף פאַרוואַנדלט ווערן אין כל המינים אינזעקטן. אויך דערציילט זיך דאָ, אַז אין דער אייגענער אינדיע געפינט זיך אַ בוים אין מענטשנגעשטאַלט, וואָס לאָזט צייטנווייז אַרויס פון זיך טענער און אַפילו אייניקע ווערטער. און ווידער אַ מעשה, אַז דאָרטן וואַקסט אַ קרויט, וואָס ווען מען נעמט עפּעס פון אים און מען טראָגט מיט זיך, ווערט מען אַ רואה

ואינו נראה; רויכערט מען דערמיט אונטערן פרייען הימל, דאַן הערט מען אַ גערויש און פירכטערלעכע שטימען די גאַנצע צייט, כל־זמן דער רויך שטייגט־אויף. דידאָזיקע אַלע הבלים זיינען עלול אָפּצושוואַכן די אמונה אין נסים ונפלאות און ברענגען מענטשן אויף די געדאַנקען, אַז די נסים ונפלאות זיינען געמאַכט געוואָרן דורך געהיימע קונצן, דורך געברויכן געוויסע סגולות פון פלאַנצן וכדומה.

אַזוי ווערט אויך אין דעם דאָזיקן בוך דערציילט, אַז דער בוים אַמלוי (איינע פון די אשרות, וואָס מ׳האָט צו זיי געדינט) איז געשטאַנען אין נינוה צוועלף טויזנט יאָר און האָט געהאַט אַ קריג מיט דער מאַנדראַגאָרע[1], וואָס האָט געוועלט פאַרנעמען זיין אָרט און ווערן אַן אשרה. און דער מענטש, וואָס האָט נבואה געזאָגט מיטן כוח פון דעם אַמלוי, האָט אויף אַ לאַנגער צייט אָנגעוואָרן דעם דאָזיקן כוח. ווען די נבואה האָט זיך ווידער אומגעקערט צו אים, האָט זיין גאָט, דער אשרה־בוים אַמלוי, זיך פאַר אים אַנטשולדיקט דערמיט, וואָס ער איז געווען אַ טרוד מיט זיין מחלוקת און צעשטרייט, און האָט באַפוילן זיין נביא צו שיקן די אַקטן פון זיין פראָצעס קעגן דעם מאַנדראַגאָרן־שטרויך אין אַלע באַוואוסטע בית־דינס, וואָס זאָלן אַנטשיידן, וועלכער פון דיביידע אשרה־געטער איז דער מעכטיקסטער.

פון דידאָזיקע הבלים קען מען זיך מאַכן אַ באַגריף וועגן דער חכמה פון יענע פינסטערע צייטן.

---

[1]) מאַנדראַגאָרע — דאָס זעלביקע וואָס אַלרוינע אָדער אָדמסקאָפּ (העברעיש אין רבים — דוּדָאִים) — אַ פלאַנץ אויף די ברעגן פון מיטללענדישן ים און אויף די הימאַלאַיִשע בערג. באַקאַנט געווען אין טיפן אוראַלטער. די גרויסע ווייכע הויפּטוואָרצלען פלעגן באַקומען אַ געוויסע ענלעכקייט פון אַ מענטשלעכער פיגור און פלעגן געברויכט ווערן ווי קמיעות און ווי אַ כישוף־גראָז צו דערוועקן געשלעכטלעכע ליבע. די מאַנדראַגאָרע האָט אַרויסגעגעבן אַ ריח ניחוח און קליינע זאַפטיקע עפּלעך, וואָס האָבן זיך גערופן ליבעס־עפּלעך. דער איבערז.

נאָך הערלעכער איז דער סיפור המעשה וועגן איינעם אַ נביא פון דער עבודה־זרה מיטן נאָמען תּמוז, וואָס האָט גערופן אַ קיניג צו דינען צו די זיבן פּלאַנעטן און די צוועלף מזלות, נאָר דער קיניג האָט אים דערפאַר דערהרגעט אויף אַן אַכזריותדיקן אופן. אין דער נאַכט נאָכן טויט פון תּמוז האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַלע שטערנבילדער פון דער גאַנצער וועלט אינם טעמפּל פונם גרעסטן גאָלדענעם זונענבילד אין בבל. דער דאָזיקער גאָלדענער זונענבילד, וואָס איז געהאַנגען צווישן הימל און ערד, אַרומגערינגלט פון אַלע בילדער, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד, האָט אָנגעהויבן באַוויינען און באַקלאָגן בעלס נביא תּמוז און דערציילן זיין טרויעריקע געשיכטע. אַלע אַנדערע שטערנבילדער האָבן מיטגעקלאָגט מיט אים, און אַזוי האָט עס געדויערט אַ גאַנצע נאַכט דורך. און אַז דער מאָרגנשטערן איז אויפגעגאַנגען האָבן זיך די שטערנבילדער צעשטרייט אין אַלע פיר עקן וועלט און זיינען זיך צעפלויגן יעדערער אין זיין טעמפּל. דעריבער איז נאָכדעם געוואָרן אַ מנהג לדורות, די מענטשן זאָלן אַלע יאָר דעם ערשטן טאָג פון חודש תּמוז (יולי) באַקלאָגן און באַוויינען דעם דאָזיקן נביא (אַ שפּור פון דעם דאָזיקן מנהג געפינען מיר אין ספר יחזקאל, ח׳, י״ד: „הנשים מבכות את התמוז“ — די ווייבער באַוויינען דעם תמוז)[1].

---

[1]) אין דער מצריש־פעניקיש־גריכישער מיטאָלאָגיע ווערט דידאָזיקע מעשה אַ ביסל אַנדערש דערציילט: תּמוז איז דער אַראַמעיש־פעניקישער גאָט דמוצי און דער אונז גוט־באַקאַנטער מצרישער גאָט אָזיריס, דער סימבאָל פון דער אויפגייענדיקער זון פון מזרח, וואָס קעגן אים קעמפט מיט ווילדער אַכזריות סעט, דער גאָט פון אונטערוועלט און חושך, און טויט אים סוף־כל־סוף. תּמוז־אָזיריס איז אויך דער גאָט, וואָס האָט אויסגעלערנט די מענטשן ערדאַרבעט און בכלל די התחלות פון קולטור, — דערפאַר באַוויינען אַזוי די מענטשן זיין טויט. תּמוז־אָזיריס איז אויך דערזעלביקער, וואָס דער גריכישער אַדאָניס, דער בילדשיינער יונגער זוניקער גאָט און ליידנשאַפטלעכער יעגער און דער ליבלינג פון אַפראָדיטאַ—ווענוס. די געטין

דאָס אָבער, וואָס אין דעם דאָזיקן בוך פון **צאבה** ווערט דערציילט וועגן אָדמען, וועגן דער שלאַנג, וועגן דעם עץ־הדעת אאַז״וו. — דאָס אַלץ זיינען בלויז **נאָכגעמאַכטע** דערציילונגען, וואָס זיינען אויסגעטראַכט געוואָרן נאָכדעם ווי דער תנ״ך האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די פעלקער.

עס זיינען פאַרהאַן נאָך אַנדערע שריפטן פון די **סאַבעער**, ווי, למשל: דאָס בוך „אַסטאַמכאָס״, וואָס עס ווערט וועגן אים פאַלש אָנגעגעבן, אַז זיין מחבר איז אַריסטאָטעלעס; „דאָס בוך פון די טאַליסמאַנען״; „דאָס בוך פון הערמעס״[1]); „דאָס בוך פון יצחק דעם צאַבעער״, וואָס זיין צוועק איז צו פאַרטיידיקן די רעליגיע פון **צאבה**, און נאָך אַ גרויס בוך פון דעם זעלביקן מחבר וועגן די מנהגים פון דער דאָזיקער רעליגיע, וועגן די חגאות פון די **סאַבעער**, זייערע קרבנות, תפילות אאַ״וו. דידאָזיקע אַלע ביכער זיינען איבערגעזעצט אויף אַראַביש. ס׳איז אָבער קיין ספק ניט, אַז אַ סך סאַבעיִשע ביכער זיינען אין משך פון דער צייט פאַרלאָרן געגאַנגען.

אין פּרק ל׳ זאָגט דער רמב״ם:

„דער יסוד, וואָס אויף אים האָט זיך געשטיצט דער היידנטום, איז געווען די יעמאָלט זייער פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז דורך

---

פון דער **לבנה ארטעמיס—דיאנא**, וואָס איז אויך די געטין פון יאַכט און וועלדער, האָט ניט געוואָלט דערלאָזן דעם ליידנשאַפטלעכן יעגער אַדאָניס אין אירע וועלדער און האָט דעריבער אָנגערייצט אויף אים דעם ווילדן וואַלד־חזיר, וואָס האָט אים דערהרגעט. האָבן די פעלקער איינגעפירט אַ מנהג אין טאָג פון זיין טויט אין חודש יולי צונויפצורופן קלאָגערינס און צו באַוויינען אים. די יידן, באַזונדערס די יידישע פרויען, וואָס זיינען אַ געוויסע צייט אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון בעל־קולט, האָבן אויך אָפּגעהיט דעם דאָזיקן הבלדיקן מנהג. קעגן דעם אַלץ האָבן געשטורעמט די נביאים. **דער איבערז.**

[1]) **הערמעס** — אַ גריכישער גאָט, זון פון **צעאוס** און **מאַיאַ**, שליח פון די געטער, גאָט פון חלומות, פון לאָנקעס, פון סטאַדעס, פון וועגן, אינדוסטריע וכדומה. ביי די רוימער — **מערקור**, גאָט פון מליצה, האַנדל און גנבות. **דער איבערז.**

דעם דינסט צו די שטערן און פלאַנעטן (עבודת כוכבים ומזלות) וועט געבענטשט זיין די פ ר ו כ ט ב אַ ר ק י י ט פ ו ן ד י ל ע נ ד ע ר און עס וועט שטייגן דער וואוילשטאַנד פון די מענטשן, וואָס איז אָפּהענגיק פון אָט דער פרוכטבאַרקייט. דערפון האָט זיך גענומען דער גרויסער רגש הכבוד פון די יידן צו ערדאַרבעט און אפילו צו רינדער־בהמות (ס'איז געווען פאַרבאָטן זיי צו שֶׁחטן) צוליב זייער נוצן ביי ערדאַרבעט. און מהאי טעמא האָבן זיי זיך אינסטינקטיוו אונטערגעגעבן דעם ווילן פון די געטער און פרייוויליג זיך איבערגעגעבן צו דינען דעם כּלל מענטשן צוליב דעם דאָזיקן וויכטיקן צוועק. וועגן דעם זאָגט זיך בפירוש אינם בוך „העבודה הַנַבַּטִיָה", בעת עס גייט די רייד וועגן דעם ענין ווייגערטנער: „די פאַרצייטיקע חכמים און די נביאים לערנען אונז, מיר זאָלן אין די חגאות שפּילן פאַר די שטערנבילדער אויף די דאָזיקע אינסטרומענטן (וואָס זיינען אויסגערעכנט אין דעם דאָזיקן בוך), און זיי האָבן אונז מבטיח געווען, אַז דערפאַר וועלן די געטער אונז באַלוינען מיט גוטס, דהיינו: מיט אריכת ימים, מיט פאַרהיטן פון קראַנקהייטן, מיט פרוכטבאַרקייט פון דער ערד אאז"וו".

און אַז די דאָזיקע אמונות פון דער עבודה־זרה האָבן זיך פאַרשפּרייט און זיינען ווייט און ברייט באַוואוסט געוואָרן, האָט גאָט געוואָלט באַזייטיקן די דאָזיקע טעותן אונזערע און פאַרשפּאָרן אונז אַזעלכע האַנדלונגען, וואָס ברענגען קיין שום נוצן ניט, — דעריבער האָט ער געלאָזט איבערגעבן אונז דורך מ ש ה ן דעם היפּך פון דעם אַלץ, דהיינו, אַז, פאַרקערט, גראָד ווען זיי וועלן דינען צו די שטערן און פלאַנעטן, וועט ער פאַרהאַלטן דעם הימל און עס וועט ניט זיין קיין רעגן, די ערד וועט איר פרוכט ניט געבן און עס וועלן קומען די אומגליקן און די בייזע מחלות און עס וועלן פאַרקירצט ווערן די יאָרן.

די געטלעכע ווירקונגען זיינען גלייך אומעטום. די נאַטור מאַכט ניט קיין שום שפּרונגען, נייערט ברענגט איטלעכע זאַך פּאַמעלעך, בהדרגה און דורך אַ סך הכנות צו איר שלימות.

פּונקט דיזעלביקע געטלעכע חכמה באַמערקן מיר אויך אין

די חוקי התורה. א סך מצוות זיינען דאָ אין דער תורה, וואָס זייער יסוד איז — נאָכגעבן, הנחות, פאַרלייכטערונ־גען די שוואַכקייטן און נטיות פון די מענטשן. למשל: די נאַטור פונם מענטשן אין יענע צייטן איז גוטה געווען צו קרבנות אין די טעמפלען, ווייל אַלע פעלקער זיינען דענסט־מאָל דערצו צוגעוויינט געווען, — האָט די תורה ניט באַפוילן זיי מבטל צו מאַכן אינגאַנצן, נייערט, געבנדיק זיי אַן אָרט אין דער עבודה, האָט זי דורך שטרענגע באַגרענעצנדיקע געזעצן שטאַרק איינגעשרענקט דעם מנהג פון קרבנות, — און דערמיט האָט די געטלעכע חכמה געקענט דערגרייכן איר צוועק — ביסלעכ־ווייז לגמרי מבטל צו מאַכן דעם דאָזיקן מנהג ביי ישראל.

אַלע מצוות פון דער תורה טיילט דער רמב״ם איין אין פערצן קלאַסן און דערקלערט דעם טעם פון די מצוות פון יעדן קלאַס מיט גוטן געשמאַק און אויף זייער אַ שאַרפזיניקן אופן, וואָס האָט געפּאַסט פאַר די אומשטאַנדן פון דער יעמאָלטיקער צייט. אויך דערקלערט ער דעם מאָראַלישן נוצן און די צוועק־מעסיקייט פון די סיפורי התורה וועגן פערזאָנען און ערטער.

---

# צענטער קאַפּיטל.

## שלוס פון „מורה נבוכים״. זייער דערהייבענע מאָראַל. דער תּכלית פון אמתער עבודת־הבורא, וואָס נייטיקט זיך ניט אין כּוהנים.

אין די לעצטע פּרקים פון דעם דאָזיקן הפלאדיקן ספר דערקלערט דער רמב״ם דעם מאָראַלישן נוצן, וואָס פליסט פון אים אַרויס.

אין פּרק נ״א דערווייזט דער רמב״ם, אין וואָס עס באַשטייט די אמתע עבודת־הבורא פון אַ מענטשן, וואָס האָט משיג געווען די ריכטיקע דערקענטעניש פון גאָט, און אַז דורך דער אמתער עבודת־הבורא קאָן דער מענטש דערגרייכן דאָס צייטווייליקע און דאָס אייביקע גליק (עולם הזה און עולם הבא).

ער הייבט אָן די דערקלערונג מיט אַ משל: „דער קיניג וואוינט אין זיין פּאַלאַץ; פון זיינע אונטערטאַנען אָבער וואוינען אַ טייל אין זיין רעזידענץ און אַ טייל אויסער איר. פון די ווי־דער, וואָס וואוינען אין דער רעזידענץ, זיינען אייניקע אומגע־קערט מיטן רוקן צום קיניגלעכן פּאַלאַץ און זיי דערווייטערן זיך פון אים אַלץ מער; אַנדערע אָבער גייען אַפילו צום פּאַלאַץ מיט דער כּוונה צו באַזוכן דעם קיניג, נאָר זיי דערלאַנגען קיינמאָל ניט אַהין. אַנדערע דערלאַנגען יאָ צום פּאַלאַץ, קענען אָבער דעם אַריינגאַנג ניט געפינען. אַנדערע גייען שוין אַפילו אַריין אין

טויער, קענען אָבער ווייטער פונם פרוזדור (פאָרהויף) ניט דער־לאַנגען. אייניקע, נאָכמער, זיינען שוין אַפילו אַריין אין פּאַלאַץ, קאָנען אָבער דעננאָך ניט אַזוי לייכט באַקומען צו זען דעם קי־ניג אָדער צו ריידן מיט אים, ביז זיי דערגרייכן דערצו סוף־כל־סוף נאָך אַ סך השתדלות.

דעם דאָזיקן משל קענען מיר דערקלערן אין באַציִונג צו די פאַרשיידענע אופנים פון עבודת־הבורא.

יענע אַלע מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין באַטירלעכע (אויף דענקען באַגרינדעטע) און ניט קיין געטלעך אנט־פּלעקטע רעליגיע, געפינען זיך מחוץ לגבול פון דער געטלע־כער רעזידענץ. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געהערן, למשל, די אומוואַנדערנדיקע טאָטערן אין די צפון־לענדער, ווי אויך די אומוואַנדערנדיקע כּושים (נעגערס, מורינען) אין די דרום־לענדער. דידאָזיקע שבטים זיינען כּמעט גלייך צו די ניטריידנדיקע בעלי־חיים; זיי שטייען נידעריקער פון מענטשן און עטוואָס הע־כער פון מאַלפּעס, ווייל זיי האָבן די אויסערלעכע מענטשלעכע פיגור און עטוואָס פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש.

יענע מענטשן, וואָס געפינען זיך, אמת, אין דער קיניגלע־כער רעזידענץ, אָבער דעננאָך זיינען זיי אומגעקערט מיטן רוקן צום קיניגלעכן פּאַלאַץ, זיינען אַפילו מענטשן מיט אַ רעליגיע, אָבער אַ רעליגיע, וואָס איז באַגרינדעט אויף פאַלשע מיינונגען, געקומענע ענטוועדער פון אייגענעם טעות אָדער פון טראַדיציע. און וואָס ווייטער זיי גייען דערינען, אַלץ מער דערווייטערן זיי זיך פון דער אמתער רעליגיע. דידאָזיקע זיינען נאָך ערגער ווי די ערשטע, און מוזן אַן אַנדערשמאָל אינגאַנצן אויסגעראָט ווערן, בכדי זיי זאָלן אַנדערע ניט פאַרדאַרבן (דאָ איז אַ רמז אויפן באַפעל: „לא תחיה כל נשמה״ — דו זאָלסט ניט לאָזן לעבן קיין שום זעל, — פון די כּנענים). — יענע מענטשן ווי־דער, וואָס ווילן און ציען זיך אַריינצוקומען אין קיניגלעכן פּאַ־לאַץ, נאָר האָבן דעננאָך ניט די מעגלעכקייט אים צו זען, — זיינען דער המון, וואָס איז מקיים די מצוות מעכאַניש, ניט באַ־

גרייפנדיק זייער כוונה. די ווידער, וואָס דערגרייכן יאָ דעם קי־ניגלעכן פּאַלאַץ, דרייען זיך תּמיד אַרום אים, קאָנען אָבער ניט געפינען דעם אַריינגאַנג אַהין, — זיינען די תּלמודיסטן, וואָס האָבן בקבלה באַקומען וואָרע מיינונגען און האָבן די רעי־ליגיאָנסגעזעצן געבראַכט אין אַ האַרמאָנישער טעאָריע, וואָס האָבן אָבער ניט אַריינגעטראַכט זיך אין די שרשים פון דער רעליגיע און ניט געפאָרשט דעם אמת פונם גלויבן. די מענטשן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט נאָכפאָרשטן די עיקרים פונם דת, זיינען שוין אינם פּרוזדור. אויך צווישן זיי גיט עס נאָך פאַרשיידענע מדרגות, אָבער די פון זיי, וואָס האָבן שוין דערגרייכט אַ גרינדלעכע דערקענטעניש פונם געטלעכן אמת, זיינען שוין אין היכל מיטן קיניג.

„בכן זיי וויסן, מיין זון, אַז כּל־זמן דו גיסט זיך אָפּ מיט דער מאַטעמאַטיק און דער לאָגיק, געהערסטו נאָך צו די־יעניקע, וואָס גייען אַרום פּאַלאַץ און זוכן נאָך דעם אַריינגאַנג. אַזוי האָבן שוין געזאָגט אונזערע חכמי התלמוד אין אַלעגאָרישן זין: „עדיין בן־זומא מבחוץ" — (ר' שמעון) בן־זומא איז נאָך פון דרויסן. באַגרייפסטו די נאַטור־וויסנשאַפטן, ביסטו שוין אַריין אין פרוזדור פונם פּאַלאַץ. האָסטו דורכגעמאַכט אויך אָט דעם קורס און דו באַנעמסט די מעטאַפיזיק, דאַן ביסטו שוין אינם פּאַלאַץ מיטן קיניג. דאָ זיינען אויך פאַרהאַן אַ סך מדרגות. אָבער די־יעניקע, ענדלעך, וואָס פאַרפולקומען זיך אין דער דאָ־זיקער וויסנשאַפט, אַבסטראַהירן אַלע זייערע מחשבות פון אַנדע־רע זאַכן און גיבן זיך אינגאַנצן איבער בלויז דער דערקענטעניש פון דעם העכסטן עצם און אַלע אַנדערע זאַכן באַטראַכטן זיי בלויז אין דער פאַרהעלטעניש צו אים, צום העכסטן עצם, — אָט די האָבן דעם גליק זיך צו אונטערהאַלטן מיטן קיניג אַליין. דאָס איז די מדרגה פון שלימות, וואָס עס באַזיצן די נביאים. מאַנכער פון די נביאים איז דורך דער הויכער מדרגה פון זיין דערקענטעניש און פונם אַבסטראַהירן זיינע געדאַנקען פון אַלץ אויסער גאָט דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז וועגן אים ווערט גע־זאָגט: „ויהי שם עם ה'" — ער איז געבליבן ביי גאָט, האָט

אין דעם דאָזיקן הייליקן צושטאַנד זיך אונטערהאַלטן מיט אים אויף אַ גאַנץ פאַמיליאַרן אופן, איז פון גרויס שמחה אַריין אין אַזאַ עקסטאַז, אַז „לחם לא אָכל ומים לא שתה“ — קיין ברויט האָט ער ניט געגעסן און קיין וואַסער ניט געטרונקען[1]), ווייל זיינע העכערע (גייסטיקע) כוחות האָבן גובר געווען די נידעריקע (די גשמיות־דיקע). אַזוי זיינען דאָ נביאים, וואָס זעען גאָט אין דער נאָענט, און אַנדערע, וואָס זעען אים פון דערווייטנס. „מרחוק ה׳ נראה לי“ — פונדערווייטנס האָט גאָט דערשיינט פאַר מיר[2]).

דער מענטש מוז בכן נאָך דערגרייכטער ריכטי־קער דערקענטעניש ווענדן אַלע זיינע רעיונות נאָר אויף גאָט אַליין. און דאָס איז עס די אייגנטלעכע עבודת־הבורא פון דעם אמת־זוכער, און וואָס מער עס שטייגט די דערקענטעניש פון גאָט, אַלץ מער שטייגט די עבודת־הבורא. ווער עס האָט אָבער ניט קיין ריכטיקע השגה פון גאָט און דערמאָנט און רעדט שטענ־דיק וועגן אים לויט אַן אייגעבילדעטער אָדער בלויז בקבלה איבערגעגומענער פאָרשטעלונג, דער דערמאָנט און רעדט פאַק־טיש גאָרנישט וועגן גאָט, ווייל דאָס, וואָס ער האָט זיך איינגע־בילדעט און וועגן וואָס ער רעדט, איז אַ הוילער פראָדוקט פון זיין כוח־הדמיון און שטייט ניט בהסכם מיט דער מציאות.

ווען דו ווערסט בכן האָבן דערגרייכט אַ ריכטיקע השגה פון גאָט, מוזטו אָנהייבן זיך איבערגעבן אים, זיך צו דערנעענ־טערן צו אים, און תמיד צו באַפעסטיקן דעם באַנד, וואָס צווישן דיר און אים, — דעם שכל. די כתבי־הקודש לערנען אונז אויך, אַז די אייגנטלעכע עבודת־הבורא פאָדערט פונם מענטשן אַפריער אַ ריכטיקע דערקענטעניש פון גאָט, ווי עס שטייט געשריבן: „לאהבה את ה׳ אלהיכם ולעבדו בכל לבבכם“ — ליב צו האָבן דעם אייביקן גאָט אייערן און צו דינען אים מיט אייער גאַנצן האַרצן. דאָס ליבן איז אָבער

---

[1]) משה. דער איבערז.

[2]) ירמיה ל״א, ב. דער איבערז.

תמיד פראָפאָרציאָנירט דער דערקענטעניש[1]). אויך זאָגן די חז"ל: "העבודה — זו עבודה שבלב" — דער גאָטעסדינסט, וואָס דאָ רעדט זיך וועגן דעם, מיינט דעם גאָטעסדינסט פון הארצן, דאָס הייסט, די מחשבות דארפן זיין אויסגעטאָן פון אַלע חמריותדיקע זאַכן און געווענדט אויפן תכלית־השלימותדיקסטן עצם. דאָס קאָן אָבער דערגרייכט ווערן בלויז אין דער התבודדות. דערפאַר ליבן עס אַזוי די דענקער די איינזאַמקייט און זוכן די געזעל־שאַפט בלויז אין אַ הכרחדיקער נויט.

### הערה.

"איך האָב שוין דערוויזן, אַז דער שכל, וואָס גאָט האָט אונז געגעבן, איז דער באַנד צווישן אונז און אים. עס ליגט אָבער אין דיין רשות, דו האָסט די פרייע בחירה — ענטוועדער דעם דאָזיקן באַנד תמיד פעסטער צו פאַרקניפּן, אָדער אים אַלץ מער און מער אָפּצושוואַכן און אינגאַנצן אויפצולייזן. דער באַנד קאָן אָבער באַפעסטיקט ווערן בלויז דאַן, ווען דו וועסט דעם שכל אָנווענדן בלויז אויף דער דערקענטעניש פון גאָט, און ער וועט ווערן אָפּגעשוואַכט, ווען דו וועסט אים, דעם שכל, ווענדן אויף עפּעס אַנדערש. און זיי וויסן, אַז אויב דו ביסט אַפילו דער גרעסטער מעטאַפיזיקער, מוז אויך דער דאָזיקער באַנד צווישן דיר און גאָט איבערגעריסן ווערן אין דעם מאָמענט, ווען דו ווענדסט אָפּ דיין מחשבה צוליב עסן אָדער צוליב אַן אַנדער נויטווענדיקן נאַטירלעכן ענין, ווייל דאַן הערט לגמרי אויף די פאַרהעלטעניש צווישן דיר און אים, וואָס פאָדערט זיך צו אָט דעם באַנד".

"און זיי וויסן, אַז די גאַנצע כוונה פון דער אַזויגערופענער עבודת־הבורא, ווי, למשל, דאָס לייענען די תורה, די תפילות און דאָס מקיים־זיין אַלע אַנדערע מצוות, — אַז די גאַנצע כוונה פון דעם אַלעם איז ניט קיין אַנדערע ווי נאָר דאָס אויסטאָן זיך פון

---

[1]) וואָס גרעסער די השגה, אַלץ גרעסער די ליבשאַפט, און פאַרקערט.
דער איבערז.

אַלע אַנדערע זאַכן, בכדי צו קאָנצענטרירן אַלע רעיונות בלויז אויף גאָט. ביסטו אָבער מתפלל בלויז מיט דיין צונג, דיינע מחשבות אָבער זיינען פאַרטאָן אין האַנדל; לייענסטו די הייליקע שריפט און האָסט אין האַרצן דעם בנין פון דיין הויז, ניט מכוון־זייענדיק וואָס דו לייענסט; אָדער דו טוסט עפּעס אַן אַנ־דער מצווה, ניט דענקענדיק וועגן דעם וואָרן זין און דעם צוועק דערפון, ד. ה. דו טוסט עס ווי עמעצער, וואָס גראָבט ערד אָדער וואָס האַקט האָלץ, — דאַן ביסטו ענלעך אויף די, וואָס וועגן זיי איז געזאָגט געוואָרן: „קרוב אתה בפיהם ורחוק מכליותיהם״— דו ביסט נאָענט צו זייער *מויל*, אָבער ווייט פון זייער *איבערן* (פון זייער *האַרצן*).

דער יעניקער אָבער, וואָס דערגרייכט אַזוי ווייט מיט זיין אמתער השגה, אַז ער איז בכוח צו באַשעפטיקן זיך מיט זיינע גשמיותדיקע ענינים און דאָך דערביי צו דענקען וועגן גאָט, ווי דאָס איז אָנגעמערקט אינם אַלעגאָרישן בילד אין *שיר־השירים*: „אני ישנה ולבי ער״—איך שלאָף, מיין האַרץ איז אָבער וואַך,— דער דאָזיקער, זאָג איך, האָט דערגרייכט אַזאַ מדרגה, וואָס איז די מדרגה בלויז פון דעם גרעסטן פון אַלע נביאים, פון *משה רבנו*, וואָס וועגן אים ווערט געזאָגט: „ונגש משה לבדו אל ה׳״—משה אַליין מעג זיך דערנעענטערן צו גאָט.

„איך האָב שוין באַמערקט, אַז די *געטלעכע השגחה פרטית* איז *פּראָפּאָרציאָנירט לפי דער מדרגה* *פונם אויסגעבילדעטן שכל*. דער פולקומער מענטש, וואָס ווענדט קיינמאָל ניט אָפּ זיינע געדאַנקען פון גאָט, ווערט אויך תמיד געפירט ווערן פון דער געטלעכער השגחה. אַן אַנדער פולקומער מענטש, וואָס זיינע מחשבות ווענדן זיך אין געוויסע צייטן אָפּ פון גאָט, ווערט דאַן, בעת זיין פאַרנעמען זיך מיט ענינים אויסער גאָט, די געטלעכע השגחה אָפּטאָן זיך פון אים, אָבער דענבאָך ווערט זי אים אינגאַנצן ניט פאַרלאָזן. ער איז אין יענער צייט גלייך צו אַ געשיקטן שרייבער אין דער צייט, ווען ער שרייבט ניט. זיין שכל איז יעמאָלט, אמת, ניט קיין שכל *בפועל* (אין דער ווירקלעכקייט), אָבער דאָך איז ער אַ שכל

בכוח (איז מסוגל צו ווערן ווירקלעך). דער־יעניקער, וואָס האָט גאָר קיין שום השגה ניט פון גאָט, איז גלייך צו אַ מענטשן, וואָס לעבט אין שטענדיקער פינסטערניש און זעט קיינמאָל ניט די שיין. דער אָבער, וואָס האָט דערגרייכט אַ ריכטיקע דערקענטעניש פון גאָט און דענקט שטענדיק פון אים, איז גלייך צו אַ מענטשן, וואָס לעבט אין שטענדיקן ליכט. ווער עס האָט דערגרייכט דידאָזיקע דערקענטעניש, אָבער זיינע רעיונות זיינען אַ געוויסע צייט פאַרטאָן אין עטוואָס אַנדערש, דער איז דאַן גלייך צו אַ מענטשן אין אַ וואָלקנדיקן טאָג, ווען עס שיינט אים ניט די זון מחמת דער געדיכטער כמאַרע, וואָס פאַרשטעלט זי פון אים.

„איך גלויב דעריבער, אַז אַלע צרות און פורעניות, וואָס האָבן געטראָפן די נביאים און די פולקומע חסידים, האָבן געקאָנט זיי טרעפן בלויז אין אַ צייט פון פאַרגעסן זיך, און לפי דער מדרגה פון דער שיכחה האָט געמוזט זיין די שטאַרקייט פון די צרות און פורעניות.

דערמיט ווערט אָפּגעשאַפט דער גרויסער ספק, וואָס האָט געבראַכט אייניקע פילאָסאָפן צו פאַרניינען די געטלעכע השגחה פרטית, ווייל זיי האָבן געזען, אַז „צדיק ורע לו" — אַז די גוטע גייט שלעכט אויף דער וועלט. דען, ווי איך האָב דערוויזן, האָט דאָס געקאָנט געשען נאָר אין דער צייט, ווען די ערלעכע און גוטע מענטשן האָבן אָפּגעווענדט זייערע געדאַנקען וועגן גאָט אויף אַנדערע זאַכן. דאַן זיינען די צדיקים אונטערוואָרפן די צופאַלן, פונקט ווי די רשעים. (לויט דער מיינונג פונם רמב"ם איז די געטלעכע השגחה פרטית ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די אָנפירונג פונם שכל און האָט אַן אָרט בלויז דאַן, ווען דער מענטש באַנוצט זיך מיט זיין שכל בפועל, ד. ה. צוליב דערקענטעניש פון גאָט).

נאָכדעם ברענגט דער רמב"ם אַ סך פסוקים פון תנ"ך, וואָס דאַרפן, לויט זיין קאָמענטאַר, באַשטעטיקן דידאָזיקע געדאַנקען זיינע.

אין פרק נ"ב זאָגט דער רמב"ם: „די אויפפירונג פונם

מענטשן, בעת ער זיצט צווישן זיין פאַמיליע, איז לגמרי ניט גלייך צו זיין אויפפירונג, ווען ער שטייט פאַר אַ גרויסן קיניג. דער, בכן, וואָס שטרעבט צו מענטשלעכער פולקומענהייט, מוז וויסן, אַז דער גרעסטער פון אַלע מלכים, דער פאַרשטאַנד, וואָס גאָט האָט אים געגעבן, איז תמיד אין אים.

אין שלוס פון „מורה נבוכים" דערקלערט דער רמב"ם, אַז ביים מענטשן זיינען פאַרהאַן פיר מינים שלימות:

1) דער נידעריקסטער מין שלימות, וואָס אַלע מענטשן שטרעבן דאָך צו איר, איז די שלימות פון באַזיץ, ד. ה. פון גיטער, וואָס דער מענטש האָט אין זיין רשות. דידאָזיקע פולקומענהייט שטייט ניט מיטן מענטשן אין קיין שום נאַטירלעכן, נייערט אין בלויז אַן איינגעבילדעטן צוזאַמענהאַנג (למשל, דער מענטש זאָגט: דאָס איז מיין הויז, דאָס איז מיין קנעכט א. אַז. וו. ווען ער זאָל זיך אָבער אַ ביסל אַרומטראַכטן, וועט ער איינזען, אַז אַלץ געפינט זיך אויסער אים, און יעדערע פון די זאַכן, וואָס ער האַלט פאַר זיין אייגנטום, איז אַ זאַך פאַר זיך). דידאָזיקע איינגעבילדעטע פאַרהעלטעניש קאָן אָבער אויפהערן, און עס איז גאָר ניט נייטיק, אין די אָביעקטן פון דער פאַרהעלטעניש זאָל פאָרקומען אַ וואָסערע-ס'איז פאַרענדערונג (דען ווען די דער-וואַרבענע זאַך גייט אַרויס פונם רשות פון דעם מענטשן, ווערט גאָרנישט געענדערט ניט אין דער דאָזיקער זאַך און ניט אין דעם מענטשן).

2) שלימות פונם גוף, ווי, למשל, שיינקייט, שטאַר-קייט וכדומה. דידאָזיקע פולקומענהייט איז אויך ניט דער הויפט-תכלית ביים מענטשן באשר ער איז מענטש, נייערט באשר ער איז בעל-חיים. מעג דער מענטש דערגרייכן אפילו די העכ-סטע מדרגה פון שטאַרקייט, וועט ער אָבער דאָך קיינמאָל ניט דערגרייכן דעם כוח פון אַ העלפאַנד.

3) שלימות פון מאָראַליטעט. אויך דער דאָזיקער מין פולקומענהייט איז ניט דער הויפט-צוועק פאַר זיך, נייערט ערשט בלויז אַ צוגרייטונג צום תכלית השלימות. דער נוצן פון דער מאָראַליטעט, פון די גוטע מידות, איז בלויז בנוגע די גע-

זעלשאַפטלעכע באַציִונגען צווישן מענטש און מענטש, איז, הייסט עס, בלויז אַ נוצן פאַר אַנדערע. אויסער דער געזעלשאַפט אָבער ווערט די מאָראַליטעט לחלוטין ניט געברויכט. למשל, ווען אַ מענטש לעבט אייגזאַם און האָט קיין שום עסק ניט מיט מענטשן, זיינען זיינע גוטע מידות אומנוצלעך.

4) שלימות פון דערקענטעניש. דאָס איז די אמתע פולקומענהייט און דער לעצטער צוועק פון מענטשן; די שלימות פונם שכל איז נייטיק פאַרן יחיד גופא, ווייל בלויז דורך איר ווערט ער אַ מענטש און באַגרייפט זיין אינדיווידועלן מענטשלעכן מהות. די תורות פון דער חכמה וועלן געהערן דיר אַליין און ניט צו קיין שום פרעמדן מיט דיר.

„בכן שטרעב, דו מענטש, צו דעם, וואָס איז דיר אייגן, און אַרבעט ניט פאַר אַנדערע. אַזוי שטייט געשריבן אין אַלעגאָרישן זין: „בני אמי נחרו בי, שמוני נוטרה את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי" — די קינדער פון מיין מוטער האָבן געצאָרנט אויף מיר, האָבן געמאַכט מיך פאַר אַ היטערן פון (פרעמדע) וויינגערטנער, — מיין אייגענעם וויינגאָרטן אָבער האָב איך ניט געהיט.

דער העכסטער צוועק פונם מענטשן איז די דערקענטעניש פון אמת.

גאָט זאָל מקיים זיין זיינע הבטחות צו אונז: „העם ההולכים בחשך ראו אור גדול" — דאָס פאָלק, וואָס וואַנדלט אום אין פינסטערניש, האָט דערזען אַ גרויס ליכט!"

---

# עלפטער קאַפּיטל.

## מיין אָנקום קיין בערלין. באַקאַנטשאַפטן. מענדל-זאָן. מיין אויסערגעוויינלעך פלייסיק לערנען מעטאַפיזיק. ספקות. פּאָרלייענישן איבער לאָק און אַדעלונג.

איך האָב אָפּגעטראָטן פונם עצם ענין פון מיין אוּטאָ-ביאָגראַפיע און האָב זייער אַ סך מאריך געווען וועגן דעם באַרימטסטן ווערק פון ר׳ משה בן-מיימון; דערויף דאַרף איך געוויס ניט בעטן קיין אַנטשולדיקונג ביים דענקענדיקן לעזער, ווייל די ענינים פון „מורה נבוכים", וועגן וואָס איך האָב גע-שריבן, זיינען אינטערעסאַנט אָן און פאַר זיך אַליין און זיי האָבן אויך געהאַט די גרעסטע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון מיין גייסט. נון קער איך מיך אום צוריק צו די געשעענישן, וואָס האָבן מיט מיר פּאַסירט אין בערלין און אין אַנדערע ערטער.

דער ערשטער טייל פון מיין לעבנסגעשיכטע ענדיקט זיך מיט מיין נסיעה קיין בערלין, און דאָ הייב איך ווידער אויף דעם פאָדים פון מיין סיפור המעשה.

היות איך בין דעם מאָל געקומען קיין בערלין מיט דער פּאָסט, האָב איך ניט בייטיק געהאַט צו בלייבן שטיין פאַרן ראָזנ-טאַלער טויער און ניט דורכצוגיין דעם עקזאַמען פון די ראשים פון דער יידישער קהילה. אָן שום מניעות בין איך אַריינגעפאָרן אין שטאָט און האָב מיר געקאָנט נעמען אַ וואוינונג, וואו איך

האָב געוואָלט. מיטן בלייבן אָבער אין שטאָט איז צוגעגאַנגען גאַנץ אַנדערש, ניט אַזוי לייכט. די יידישע פּאָליציי־משרתים (באַזונדערס דער יעמאָלטיקער משרת ה׳ ל. מ., אַ שרעקלעכער רשע, וואָס איז זיך באַגאַנגען מיט די אָרעמע „פרעמדע״ מיט טיראַנישער אַכזריות) פלעגן יעדן טאָג קומען צו לויפן אין אַלע אַכסניות און אין אַלע אַנדערע הייזער, וואוהין עס פלעגן פאַרפאָרן די „פרעמדע״, און פלעגן אומעטום נישטערן און חוקר ודורש זיין וועגן דעם כאַראַקטער פון די „פרעמדע״, וועגן זייערע ענינים און מעשים און וועגן דעם משך צייט, ווי לאַנג זיי האָבן בדעה צו פאַרברענגען אין בערלין, און האָבן זיי, די „פרעמדע״, ניט געלאָזט צו רו, ביז זיי האָבן ענטוועדער זיך אויסגעזוכט אין שטאָט אַ באַשטימטע באַשעפטיקונג, אָדער האָבן זיך אליין אַרויסגעקליבן צוריק פון שטאָט, אָדער — פאַרשטייט זיך שוין פון זיך אַליין...

איך האָב מיר געהאַט געדונגען אַ וואוינונג אויפן נייעם מאַרק ביי אַ יידן, וואָס צו אים פלעגן פאַרפאָרן אָרעמע אורחים, — וואָס זיינען ניט געווען אין שטאַנד צו פאַרצערן אַ סך הוצאות, און גלייך אויפן אַנדערן טאָג האָב איך באַקומען אַן אומגעריכטן וויזיט. דער יידישער פּאָליציי־משרת ל. מ. איז געקומען און האָט מיך עקזאַמענירט אויפן שטרענגסטן אופן.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך האָב בדעה אויסצוזוכן פאַר זיך אין בערלין אַ קאָנדיציע, אַ שטעלע פון אַ הויז־לערער ערגעץ אין אַ רייכער פאַמיליע, און דעריבער קאָן איך געגוי ניט באַשטימען די צייט פון מיין פאַרברענגען דאָ אין שטאָט.

איך בין אים אָבער אויסגעקומען פאַרדעכטיק; אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט מיך שוין דאָ אַמאָל געזען, און האָט מיך באַטראַכט ווי אַ קאָמעט, וואָס ביים צווייטן מאָל דערשיינען קומט ער נעענטער צו דער ערד, ווי ביים ערשטן מאָל, און מאַכט דעריבער די סכנה גרעסער. צו מיין אומגליק האָט ער נאָך אין דער רגע גראָד ביי מיר געפונען דעם רמב״מס „מִלּוֹת הַהִגָּיוֹן״ (אַ ווערק איבער לאָגיק) מיט מענדלזאָנס ביאור, — און ער איז אינגאַנצן אַרויס פון די כלים:

— אַזוי! אַזוי! — האָט ער געשריען — אַזוינע ביכער האָב איך עס טאַקע געזוכט!

און גלייך האָט ער זיך געווענדט צו מיר מיט אַ מאַוויימדי־קער מינע:

— תיכף ומיד אַרויס פון בערלין! אַניט—וועל איך אַרויס־טרייבן מיט חרפה!...

איך האָב געציטערט פון שרעק און ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן. היות אָבער איך האָב געהערט, אַז אין בערלין וואוינט אַ פוילישער ייד, אַ מאַן מיט אויסגעצייכנטע כשרונות, שטודירט דאָ וויסנשאַפטן און האָט אַ גרויסן שם אין די הייזער פון די גרעסטע נכבדים פון דער קהילה, — בין איך אַוועק צו אים פרעגן אַן עצה.

דער מאַן האָט מיך אויפגענומען זייער פריינדשאַפטלעך, ווי אַ לאַנדסמאַן, האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן מיין וואוינאָרט אין פוילן און וועגן מיינע פאַרלאַנגען און פלענער דאָ אין בער־לין. איך האָב אים דערציילט, אַז פון מיין קינדהייט אָן האָב איך אין זיך געשפירט אַ נטיה צו וויסנשאַפטן, אַז איך האָב שוין דורכגעלערנט אַ סך וויסנשאַפטלעכע ביכער און אַז איך בין איצט געקומען קיין בערלין, בכדי „מעמיק בחכמה" צו זיין (צו פאַרטיפן זיך אין וויסנשאַפטן). דערהערנדיק דעם דאָזיקן זעלטע־נעם רבנישן אויסדרוק, האָט דער מאַן אַ שמייכל געטאָן, ער האָט מיך אָבער געלויבט פאַר מיין דאָזיקן באַגער, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך מיט מיר אַ געוויסע צייט אונטערהאַלטן, האָט ער מיך געבעטן אים אָפטער צו באַזוכן. איך האָב אים עס צוגעזאָגט בכל לבבי און בין אַוועקגעגאַנגען פון אים אַ גליק־לעכער.

תיכף אויף מאָרגן האָב איך ווידער באַזוכט מיין פריינד, און האָב ביי אים געפונען אייניקע יונגעלייט פון אַ חשובער יידישער פאַמיליע, וואָס פלעגן אים אָפט באַזוכן און אונטער־האַלטן זיך מיט אים אין וויסנשאַפטלעכע ענינים. זיי האָבן זיך אַריינגעלאָזן מיט מיר אין אַ געשפרעך, האָבן משונה הנאה געהאַט פון מיין קוידערוועלשן לשון, פון מיין פשוטקייט און אָפנהאַרצי־

קייט; באַזונדערס האָבן זיי האַרציק געלאַכט פונם אויסדרוק „מעמיק בחכמה", וואָס זיי האָבן שוין וועגן אים געהערט. זיי האָבן מיר מוט געמאַכט צו שטודירן וויסנשאַפטן און האָבן גע־זאָגט, אַז איך האָב מיך ניט אָפּגענאַרט אין מיין האָפענונג צו קענען אין בערלין „מעמיק בחכמה" זיין. און אַז איך האָב זיי דערציילט וועגן מיין מורא פאַרן אויבנדערמאָנטן יידישן פּאָלי־צייַישן משרת, האָבן זיי מיך באַרויקט און מיר מבטיח געווען צו בעטן ביי זייערע קרובים, זיי זאָלן מיך נעמען אונטער זייער שוץ און זיך משתדל זיין פאַר מיר, איך זאָל קענען בלייבן אין בערלין אַזוי לאַנג ווי איך וועל נאָר אַליין וועלן.

זיי האָבן געהאַלטן וואָרט, און זייערער אַ פעטער, דער הער ד. פּ., אַ רייכער מאַן מיט אַ פּאָרטרעפלעכן כאַראַקטער, אַ גרויסער משכיל מיט אַ פיינעם געשמאַק, האָט ניט בלויז אַרויס־געוויזן מיר גרויס כבוד, נייערט ער האָט מיר אויך פאַרשאַפט אַן אַנשטענדיקע וואוינונג און איינגעלאַדן מיך צו זיין טיש אויף די שבתים. אויך אַנדערע פון דער דאָזיקער פאַמיליע האָבן מיר געשיקט אויף מיין קוואַרטיר עסן יעדערער אין אַ באַשטימטן טאָג. צווישן די דאָזיקע בעלי־טובות מיינע איז אויך געווען זייע־רער אַ ברודער ה., זייער אַן ערלעכער מאַן און אַ שטיקל משכיל, אָבער אַ גרויסער אָדוק אין לימוד פון תלמוד. ער האָט מיך אָפּט חוקר ודורש געווען, צי וועל איך צוליב מיין גרויסן חשק צו וויסנשאַפטן ניט אינגאַנצן פאַרלאָזן די גמרא, און נאָכ־דעם ווי ער איז דערגאַנגען, אַז איך האָב איבער דעם לגמרי פאַרנאַכלעסיקט דעם שטודיום פון תלמוד, האָט ער אויפגעהערט שיקן מיר עסן.

אַזוי ווי איך האָב שוין געהאַט באַקומען די דערלויבעניש צו בלייבן אין בערלין ווי לאַנג איך וויל, האָב איך שוין ניט געטראַכט וועגן קיין אַנדער זאַך, אויסער דער דערגרייכונג פון מיין ציל.

צופעליקערווייז בין איך איינמאָל אַריין אין אַ פוטער־קראָם און האָב דערזען, ווי דער קרעמער עוסקט זיך בהתמדה מיט אַנאַטאָמירן אַן אַלט בוך אויף פּאַק־פּאַפּיר. איך האָב אַ בליק

געטאָן, און צו מיין גרויסער דערשטוינונג האָב איך דערזען, אַז דאָס איז געווען וואָלפס[1]) „מעטאַפיזיק", אָדער די לערע וועגן גאָט, וועלט און נשמה פונם מענטשן. איך האָב ניט געקענט באַגרייפן, ווי מ׳האָט עס אין אַזאַ השכלה־שטאָט ווי בערלין געקאָנט אַזוי באַרבאַריש זיך באַגיין מיט אַזעלכע וויכטיקע ביכער, און איך האָב געפרעגט דעם קרעמער, אפשר וואָלט ער וועלן מיר פאַרקויפן דעם בוך? ער האָט אויסגעדריקט זיין גרייטקייט מיר אָפּצולאָזן דעם בוך פאַר צוויי גראָשן. ניט לאַנג טראַכטנדיק האָב איך אים באַצאָלט די סומע, און מלא שמחה בין איך אַוועק צו זיך מיט דעם דאָזיקן טייערן אוצר.

שוין ביים ערשטן דורכלייענען בין איך געווען זייער אַנטציקט פון דעם דאָזיקן בוך. ניט בלויז דידאָזיקע דערהייבענע וויסנשאַפט אָן און פאַר זיך, נייערט אויך דער סדר און די מאַטעמאַטישע מעטאָדע פונם באַרימטן מחבר, זיין גענויקייט אין דערקלערן, זיין שטרענגקייט אין באַווייזן און זיין וויסנשאַפטלעכע אָרדענונג אינם רעפערירן, — דאָס אַלץ האָט אָנגעצונדן אין מיין גייסט אַ גאַנץ ניי ליכט.

מיט דער אָנטאָלאָגיע[1]), קאָסמאָלאָגיע און

---

[1]) קריסטיאַן וואָלף (1754—1679) פון ברעסלע — פראָפעסאָר אין האַלע. ער האָט סיסטעמאַטיזירט לייבניצעס פילאָסאָפיע, און זיין סיסטעם איז אַ לאַנגע צייט געווען די הערשנדיקע פילאָסאָפיע אין דייטשלאַנד. גרויס פאַרדינסט האָט ער זיך דערוואָרבן דערמיט, וואָס ער האָט ס׳רוב פון זיינע ווערק געשריבן ניט אין לאַטיין, ווי דאַן איז געווען דער מנהג, נאָר אין דייטש. און דערמיט האָט ער געלייגט אַ גרונד פאַר אַ פילאָסאָפישער טערמינאָלאָגיע אין דער דייטשער שפראַך. קאַנט רופט אים „דער גרעסטער פאַרטרעטער פונם ראַציאָנאַליסטישן דאָגמאַטיזם, פונם שטאַנדפּונקט פון ריינעם אומגעבראָכענעם צוטרוי צו דער מאַכט פון שכל".

דער איבערז.

[2]) אָנטאָלאָגיע — מעטאַפיזישע לערע וועגן די אַלגעמיינע באַגריפן און אייגנשאַפטן פון דער מציאות, פונם דאָזיין.

דער איבערז.

פּסיכאָלאָגיע איז נאָך געגאַנגען גאַנץ גוט, אָבער די טעאָלאָגיע האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך שוועריקייטן, ווייל איך האָב אַיינגעפונען, אַז ניט בלויז אירע טעאָריעס שטימען ניט מיט די נאָר-וואָס דערמאָנטע וויסנשאַפטן, נאָר זיי זיינען אַפילו איינע די אַנדערע סותר. איך האָב ניט געקענט מסכּים זיין שוין מיט וואָלפס ערשטן באַווייז וועגן מציאות הבורא a posteriori (אויפן גרונד פון דערפאַרונג), ד. ה. מיט דער ראיה פונם שפּעטערדיקן אויפן פריערדיקן, וואָס לויט דעם קומט אויס, אַז יעדער נמצא (עקסיסטירנדיקער געגנשטאַנד) מוז האָבן אַ צוועקמעסיקע סיבּה. איך האָב אָפּגעפרעגט וואָלפס ראיה אויפן יסוד פון זיין אייגענער טעאָריע, וואָס זאָגט, אַז די לערע וועגן דער צוועקמעסיקער סיבּה איז אַבּסטראַהירט פון איינצלנע פאַלן פון דערפאַרונג: לויט דער דאָזיקער שיטה גופא קען מען בּכן דערווייזן בלויז, אַז יעדער געגנשטאַנד פון דערפאַרונג מוז האָבן זיין געזעצמעסיקע סיבּה אין אַן אַנדער געגנשטאַנד פון דערפאַרונג, אָבער ניט אין אַ געגנשטאַנד, וואָס שטייט אויסער יעדער דערפאַרונג, וכדומה (בּכן איז ניט מעגלעך צו געפינען די סיבּה פון דער וועלט אין דער מציאות פון גאָט, וואָס שטייט מחוץ יעדער דערפאַרונג). איך האָב דידאָזיקע נייע מעטאַפיזישע פּאָסטולאַטן פאַרגליכן אויך מיט די הנחות פונם רמבּ"ם, אָדער, ריכטיקער, פון אַריסטאָטעלעס, וואָס זיינען מיר שוין באַקאַנט געווען, — און האָב ניט געקענט ברענגען זיי אין וואָסער-ס'איז הסכּם.

איך האָב מיך דעריבער אַנטשלאָסן אַלע מיינע ספקות פאַרצוטראָגן שריפטלעך אין דער העברעישער שפּראַך און איבערצושיקן דעם כּתב-יד צום הערן מענדלזאָן[1], וואָס איך האָב וועגן אים שוין אַזויפיל געהערט.

---

[1]) ר' משה בן-מנחם מענדלזאָן (הרמבמ"ן) פון דעסוי (1729—1786) — פילאָסאָף און שעפער פון דער השכלה-תקופה ביי אונז. דער איבערז.

אַז מענדלזאָן האָט דערהאַלטן מיין בריוו, איז ער פון אים זייער פאַרוואונדערט געוואָרן, און האָט מיר גלייך אויף דער שטעל געענטפערט, אַז מיינע ספקות האָבן ווירקלעך אַ גרונד; ער האָט מיר אָבער געראָטן, איך זאָל איבער דעם ניט אַראָפּפאַלן ביי זיך, נייערט ווייטער ממשיך זיין מיין שטודיום מיט דער זעלביקער התמדה ווי פריער.

אויפגעמונטערט פון מענדלזאָנס רייד, האָב איך אָנגעשריבן אין העברעיש אַ מעטאַפיזישע חקירה, וואו איך האָב געשטעלט אונטער ספק די יסודות הן פון דער נאַטירלעכער הן פון דער געטלעך-אַנטפּלעקטער טעאָלאָגיע.

איך האָב פילאָסאָפיש אָנגעגריפן דעם רמב״מס דרייצן עיקרים פון דער אמונה („אני-מאמינס"), חוץ דעם איינציקן עיקר וועגן שכר ועונש, וואָס איך האָב מיט אים מסכים געווען בלויז אין פילאָסאָפישן זין, ווי נאַטירלעכע פועל-יוצאס פון די פרייע האַנדלונגען פונם מענטשן.

איך האָב אויך דעם דאָזיקן מאמר אַוועקגעשיקט צו מענדל-זאָנען, — און ער איז ניט ווייניק בשתומם געוואָרן, אַז אַ פּוילישער ייד, וואָס קוים האָט ער באַוויזן אַריינצוקוקן אין וואָלפס מעטאַפיזיק, איז ער שוין אַריינגעדרונגען אין אירע טיפן אַזוי ווייט, אַז ער איז ביכולת געווען אויפן גרונד פון ריכטיקער אָנטאָלאָגיע צו צעטרייסלען אירע מסקנות.

דאַן האָט מענדלזאָן געשיקט מיך בעטן צו זיך, און איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען.

איך בין אָבער געווען אַזוי שעמעדיק און שרעקעדיק, די מידות און דער שטייגער לעבן פון די בערלינער זיינען מיר געווען אַזוי ניי, אַז איך האָב ניט געוואָגט אַריינצוגיין אין אַ פאָרנעם הויז אָן פחד און צעטומלטקייט. דעריבער אויך דעם מאָל, ווען איך האָב געעפנט די טיר פון מענדלזאָנס הויז און האָב דאָרטן דערזען אים אַליין און זיינע חשובע געסט, אויך די שיינע צימערן און זייער געשמאַקפולע פּרעכטיקע אויסשטאַטונג, — בין איך צעציטערט און צעשראָקן געוואָרן, בין אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק, האָב צוריק צוגעמאַכט די טיר און זיך ניט דער-

וועגט אַריינצוגיין. מענדלזאָן אָבער האָט מיך באַמערקט, איז צו מיר אַרויסגעקומען, האָט מיט מיר גערעדט זייער פריינדלעך, אַריינגעפירט מיך אין זיין צימער, זיך געשטעלט מיט מיר ביים פענסטער, אין הימל אַריין געלויבט מיך פאַר מיינע שריפטן, וואָס איך האָב אים געשיקט, און מיך פאַרזיכערט, אַז ווען איך וועל אויף דעם דאָזיקן וועג ווייטער גיין, וועל איך אין אַ קורצער צייט גרויסע פאָרטשריט מאַכן אין דער מעטאַפיזיק. צום סוף האָט ער מיר אויך פאַרשפּראָכן צו פאַרענטפערן מיינע ספקות.

דער דאָזיקער ווערדיקער מאַן האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט בלויז דערמיט, נייערט האָט אויך געזאָרגט וועגן מיין מאַטעריעלן מצב און האָט מיך מיט דעם צוועק רעקאָמענדירט צו די פאַרנעמסטע, אויפגעקלערטסטע און רייכסטע יידן אין בערלין, און זיי האָבן שוין גענומען אויף זיך די זאָרג וועגן מיין באַקעסטיקונג און די איבעריקע הצטרכותן. זייער טיש איז געשטאַנען פאַר מיר פריי און זייערע ביבליאָטעקן זיינען געווען פאַר מיר אָפן צו יעדער צייט.

באַזונדערס מערקווערדיק צווישן דידאָזיקע וואוילטוער מיינע איז געווען ה.[1]), אַ מאַן מיט אַ סך קענטעניש און מיט אַ פּראַקטיקן האַרצן, וואָס איז געווען אַ ליבער פריינד און אַ תּלמיד מובהק פון משה מענדלזאָן. דער דאָזיקער מאַן האָט געהאַט פיל פאַרגעניגן צו אונטערהאַלטן זיך מיט מיר, האָט אָפט געפירט מיט מיר געשפּרעכן וועגן די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער נאַטירלעכער טעאָלאָגיע און מאָראַל, און איך האָב אים גאַנץ אָפנהאַרציק און אָן שום פאַרשטעלן-זיך אַרויסגעזאָגט מיינע געדאַנקען.

איך האָב אין די געשפּרעכן פאָרגעטראָגן פאַר אים אַלע פאַרשריבענע פילאָסאָפישע שיטות, וואָס זיינען מיר באַקאַנט געווען, און האָב זיי פאַרטיידיקט מיט דער גרעסטער עקשנות. ער האָט מיר דערוווּנדערט און אָפּגעפרעגט דידאָזיקע

---

[1]) ד״ר מאַרקוס (מרדכי) הערץ (1747—1803).
דער איבערז.

סיסטעמען, אָבער איך האָב געגעבן תּירוצים אויף אַלע זיינע קשיות און נאָכדעם פון מיין זייט אַטאַקירט די קעגנערישע שיטות.

תּחילת האָט דער דאָזיקער הער ה. מיך באַטראַכט ווי אַ ריידנדיקע חיה און האָט זיך אַמוזירט מיט מיר, ווי מען אַמוזירט זיך מיט אַ הונט אָדער מיט אַ שטאַר, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט אַרויסצורײדן אייניקע ווערטער. דער משונהדי־קער געמיש פון עפּעס חיהשעס אין מיינע מינעס, אויסדריקן און אויסווייניקסטן שטייגער אויפפירונג מיט דער שכלדיקייט אין מיינע אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען האָבן מער געווירקט אויף זיין כּוח הדמיון, איידער דער אינהאַלט פון מיינע רייד—אויף זיין שׂכל. אָבער ביסלעכווייז איז דער שפּאַס אַלץ מער און מער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ערנסט. ער האָט אָנגעהויבן אויפמערקזאַם צו ווערן אויף די ענינים גופא, און היות זיין שׂכל, ניט געקוקט אויף זיינע אַנדערע כּשרונות און קענטעניסן, איז דאָך ניט געווען קיין פילאָסאָפישער שׂכל און על־פּי רוב האָט זיין לעבהאַפטיקער כּוח־הדמיון אים געשטערט צו דענקען און צו אורטיילן מיט אַ מיושבדיקן פאַר־שטאַנד, — על־כּן קען מען זיך שוין פון פאָראויס פאָרשטעלן דעם סוף פון אונזערע פילאָסאָפישע געשפּרעכן.

עס וועט געווען זיין צו ברענגען אייניקע ביישפּילן פון אונזערע פילאָסאָפישע שמועסן, כּדי צו געבן אַ באַגריף וועגן מיין יעמאָלטיקן דרך פון באַטראַכטן און אורטיילן, וועגן די חסרונות פון מיין רעפערירן, וואָס זייַנען געקומען מחמת מאַנגל אין אויסדריקן, און וועגן מיין שטייגער צו דערקלערן אַלץ מיט ביישפּילן.

איך האָב מיך איינמאָל באַמיט דעם הערן ה. באַגרייפלעך צו מאַכן שפּינאָזעס שיטה, אַז אַלע געגנשטאַנדן זייַנען בלויז אַקצידענצן (צופעליקייטן) פון איין אייינציקער סובסטאַנץ. דאָ האָט ער מיך איבערגעריסן און אויסגעשריען:

— אָבער, מיין גאָט! זייַנען מיר דען ביידע, איר און

איך, ניט קיין פאַרשיידענע מענטשן, און האָט דען ניט יעדע־רער פון אונז קיין אייגענע עקסיסטענץ?

— מאַכט צו די לאָדנס! — האָב איך אויסגערופן בתור ענטפער אויף זיין שאלה.

ה. איז דערשטוינט געוואָרן פון דעם דאָזיקן משונהדיקן אויסרוף; ער האָט ניט פאַרשטאַנען מיין כּוונה.

דאַן האָב איך אים דערקלערט מיין געדאַנק אויף אַזאַ אופן:

— זעט, — האָב איך געזאָגט, — די זון שיינט דורך די פענסטער. אָט דאָס פירעקיקע פענסטער גיט אַ פירעקיקן ווי־דערשיין, און אָט דאָס קיילעכדיקע פענסטער גיט אַ קיילעכדיקן ווידערשיין. נו, זיינען עס דען איבער דעם פאַרשיידענע זאַכן, פאַרשיידענע שיינען, און ניט איין און דערזעלביקער זונענשיין? מאַכט צו די לאָדנס, און דידאָזיקע פאַרשיידענע ווידערשיינען וועלן פאַרשווינדן.

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָב איך פאַרטיידיקט די שיטה פון העלוועציוס[1], אַז אַלע מעשים פונם מענטשן האָבן אין זייער גרונד די אייגנליבע.

ה. האָט מיר דערווידערט, אַז מיר ליבן דאָך אויך אַנ־דערע מענטשן.

— איך, למשל, — האָט ער געזאָגט, — האָב ליב מיין פרוי[2].

און בכדי דאָס צו באַשטעטיקן, האָט ער איר געגעבן אַ קוש.

— דאָס דערוויייזט גאָרנישט קעגן מיר, — האָב איך דערווידערט, — דען פאַרוואָס קושט איר אייער פרוי? ווייל איר געפינט דערין אַ פאַרגעניגן.

אויך דער הער א. מ., זייער אַ בראַווער און יעמאָלט ריי־

[1]) קלאָד העלוועציוס — פראַנצויזישער שריפטשטעלער און פילאָ־סאָף (1715—771). דער איבערז.

[2]) די באַר מטע העברייטטע הערץ, וואָס האָט געשפּילט אַ קאָ־לאָסאַלע ראָלע אין דער בערלינער השכלה. דער איבערז.

כער מאַן, האָט פאַר מיר פריי געעפנט די טירן פון זיין הויז און מיך פריינדלעך אויפגענומען. דאָ האָב איך געפונען לאָקן[1] אין דער דייטשער איבערזעצונג, וואָס איז מיר ביים ערשטן דורכבליעבנדיקן בליק זייער געפעלן געוואָרן, ווייל איך האָב אין אים געזען דעם בעסטן פון די נייערע פילאָסאָפן, וואָס האָט געזוכט בלויז דעם אמת. איך האָב דעריבער פאַרגעלייגט דעם הויזלערער פונם הערן אַ. מ., ער זאָל אויסהערן פון מיר אַ לעקציע וועגן דעם דאָזיקן פאַרטרעפלעכן ווערק. דער הויזלערער האָט תּחילת געלאַכט פון מיין פאַרלייג און פון מיין תּמימות, וואָס איך, אַ מענטש, וואָס האָט קוים באַוויזן אַריינצוקוקן אין לאָקס ווערק, וויל שוין געבן וועגן דעם לעקציעס אים, דעם מאַן, וואָס איז געבאָרן און דערצויגן אין דער דייטשער שפּראַך און וויסנשאַפטן. חוזקנדיק פון מיר אין האַרצן, האָט ער פונדעסטוועגן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער געפינט כּלומרשט ניט קיין שום

---

[1]) דזשאָן לאָק (1632—1704)—באַרימטער ענגלישער פילאָסאָף. זיין הויפּט-ווערק איז: „עסיי וועגן מענטשלעכן פאַרשטאַנד" (1690). אין דעם ווערק זאָגט זיך לאָק אָרויס קעגן דעקאַרטן און בכלל קעגן דער מעטאַפיזישער פילאָסאָפיע. ער דערווייזט, אַז אַלע אונזערע ידיעות און אידעען קומען סוף-כּל-סוף פונם תּופס-זיין פון אונזערע פינף חושים. די נשמה איז תּופס די הרגשות פון דרויסן פונקט אַזוי פּינקטלעך, ווי אַ שפּיגל רעפלעקטירט די געגנשטאַנדן, וואָס געפינען זיך פאַר אים, און די זעלבשטענדיקע טעטיקייט פון אונזער שׂכל באַשטייט בלויז אין איבעראַרבעטן דידאָזיקע רעפלעקסיעס מיטן לאָגישן דענקען. בכן איז דער איינציקער ריכטיקער וועג פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג און פילאָסאָפישער חקירה—דער וועג פון אָבסערווירן די ווירקלעכקייט און פון עקספּערימענטירן זי, — קורץ, דער וועג פון דערפאַרונג. עס איז ניט אונזער זאַך צו דערקענען אַלע זאַכן. דער עיקר איז די געזעלשאַפט, איר פרייהייט, איר גליק. אַלע פּרינציפּן דאַרפן אַרויסגיין דערפון, די עטיק איז די וויסנשאַפט, וואָס זוכט די מאָראַלישע מיטלען און כּללים פאַרן קיום און וואוילשטאַנד פונם כּלל. איינער פון די וויכטיקסטע עטישע פּרינציפּן איז די טאָלעראַנץ, די טאָלעראַנץ אויך צו יידן. — לאָקס פילאָסאָפיע האָט בשעתו געמאַכט אַ רעוואָלוציע אינם אייראָפּעישן געדאַנק. דער איבערז.

משונהדיקס דערין, האָט אָנגענומען מיין פאָרלייג און באַשטימט דערצו אַ געוויסע שעה. איך בין געקומען צו דער באַשטימטער צייט און האָב אָנגעהויבן מיינע פאָרלעזונגען. אָבער היות איך האָב קיין וואָרט דייטש ניט געקענט לייענען ריכטיק[1], האָב איך געזאָגט מיין שילער, ער זאָל פאָרלייענען הויך יעדן פאַראַגראַף אין טעקסט, און איך וועל אים נאָכדעם אַלץ גענוי דערקלערן. מיין שילער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער נעמט אָן ערנסט אויך אָט דעם פאָרלייג, דען ער האָט געוואָלט זען, וואָס וועט אַרויסקומען פון דעם דאָזיקן שפּאַס. ווי גרויס איז אָבער געווען זיין דערשטוינונג, ווען ער האָט באַמערקט, אַז דאָ איז גאָר ניטאָ וואָס צו טרייבן שפּאַס און אַז איך האָב פּאַקטיש ניט בלויז פולשטענדיק ריכטיק פאַרשטאַנען ל אָ ק ן, נייערט אַז אויך מיינע דערקלערונגען און אָנמערקונגען — כאָטש זיי זיינען אַרויס פון מיין מויל אין מיין קוידערוועלשער שפּראַך — זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַן עכטן פילאָסאָפישן גייסט.

נאָך אַ לוסטיקערע מעשה איז געווען, בעת איך בין באַקאַנט געוואָרן אין הויז פון דער אַלמנה ל. און האָב פאָרגעלייגט איר יונגן זון ש. ל. (וואָס איז, אַגב, עד=היום מיין מעצענאַט) צו נעמען ביי מיר לעקציעס פון דער דייטשער שפּראַך. דער דאָזיקער יונגערמאַן האָט געהאַט גרויס חשק צו בילדונג, און היות ער האָט שוין געהערט פון מיין גוטן שם, האָט ער מסכים געווען אויף אַ פּראָבע און מיך געבעטן דערקלערן אַ ד ל ו נ ג ס[2] ד י י ט ש ע ג ר אַ מ אַ ט י ק. כאָטש איך האָב נאָך קיינמאָל אַפילו אין די אויגן ניט געזען אַ ד ל ו נ ג ס ג ר אַ מ אַ ט י ק, האָב איך מיך פונדעסטוועגן לחלוטין ניט אָפּגעשראָקן דערפאַר[3]. מיין שי-

[1] מ י י מ ו ן האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך שלעכטע אויסשפּראַך.
ד ע ר א י ב ע ר ז.

[2] אַ ד ע ל ו נ ג—באַוואוסטער דייטשער פילאָלאָג (1732—1806).
ד ע ר א י ב ע ר ז.

[3] אין ערשטן טייל פון מיין ל ע ב נ ס ג ע ש י כ ט ע האָב איך שוין געשילדערט מיין שטייגער צו לייענען ביכער אָן אַ שום צוגרייטונג אין די

לער האָט פאָרגעלייענט אַדלונגען פאַראַגראַפנווייז, און איך האָב ניט בלויז דערקלערט אים אַלץ גענוי, נייערט אויך צוגעגעבן מיינע הערות. באַזונדערס האָב איך געפונען אַרויסצוזאָגן זיך קעגן אַדעלונגס פילאָסאָפישער דערקלערונג פון די *רעדעטיילן*.

איך האָב אַפילו אָנגעשריבן אַן אייגענעם קאָמענטאַר צום פילאָסאָפישן טייל פון דער דאָזיקער גראַמאַטיק און האָב אים איבערגעגעבן מיין השכלה־ליבנדיקן תלמיד, וואָס היט אים נאָך עד היום.

אָבער ווי אַ מענטש אָן שום דערפאַרונג אין פראַקטישן לעבן, פלעג איך אָפטמאָל אַוועקגיין צו ווייט מיט מיין אָפנהאַרציקייט, און אין רעזולטאַט איז מיר אויסגעקומען צו ליידן דער־פון גרויסע יסורים.

איך האָב יעמאָלט געלייענט *שפינאָזען*. דאָס טיפע דענקען פון דעם דאָזיקן פילאָסאָף און זיין ליבשאַפט צום אמת זיינען מיר זייער געפעלן געווען, און אַזוי ווי איך בין שוין אין פוילן דורך די ספרי־קבלה געקומען צו זיין שיטה, האָב איך איצט אין בערלין פונסניי אָנגעהויבן נאָכדענקען וועגן איר און זיך אין איר צו פאַרטיפן. איך בין אַזוי איבערצייגט געוואָרן אינם אמת פונם שפינאָזיזם, אַז *מענדלזאָנס* אַלע באַמיונגען מיך אָפצוּווענדן פון אים זיינען געווען אומזיסט.

איך האָב אָפגעשלאָגן אַלע השגות, וואָס די *וואָלפיאַנער* האָבן געמאַכט אויף שפינאָזעס לערע, האָב אַליין געמאַכט השגות אויף זייער סיסטעם און דערוויזן, אַז ווען מען זאָל פאַרביטן די *נאָמינעלע דעפיניציעס* (דעפיניציעס לויט די נעמען) פון דער *וואָלפישער אָנטאָלאָגיע* אויף *רעאַלע דעפיניציעס* (דעפיניציעס לויט די מעשים, לויט

---

בייטיקע ידיעות זיי צו פאַרשטיין. די דאָזיקע געוווינהייט איז ביי מיר אויפגעקומען נאָך אין פוילן זייענדיק מחמת נויט, מחמת מאַנגל אין ביכער, אָבער ביסלעכווייז האָט זי זיך ביי מיר אַנטוויקלט אַזוי ווייט, אַז ביי יעדן בוך, וואָס איז מיר געקומען צו דער האַנט, בין איך פון פאָראויס זיכער געווען, אַז איך וועל אים פולשטענדיק באַנעמען און גרינדלעך פאַרשטיין. *הערה פון מחבר*.

די האַנדלונגען), דאַן קען מען קומען צו רעזולטאַטען, לגמרי קעגנ־זעצלעכע צו די אויספירן פון וואָלפס פילאָסאָפישער שיטה. איך האָב מיר ניט געקענט דערקלערן די דרכים פון מענדלזאָ־נען און פון די וואָלפיאַנער, וואָס האָבן זיך מיט אַזאַ עקשנות געהאַלטן אָן וואָלפס שיטה, און האָב גערעכנט, אַז דאָס זיינען בלויז דיפּלאָמאַטישע שפּיצלעך און צביעות, וואָס דערמיט זוכן זיי בכוונה צו דערנעענטערן זיך צום שטייגער דענקען פונם געמיינעם מענטשן. דידאַקטיקע מיינונג האָב איך אַרויסגעזאָגט עפנטלעך, ניט באַהאַלטנדיק קיין זאַך.

מיינע פריינד און וואוילטוער, וואָס האָבן גרעסטנטיילס אַליין קיינמאָל ניט פאַרטיפט זיך אין פילאָסאָפישע ענינים, ביי־ערט האָבן בלינד אָנגענומען פאַר תורת אמת די מסקנות פון די פילאָסאָפישע שיטות, וואָס האָבן צו יענער צייט געהערשט, — האָבן מיך ניט פאַרשטאַנען און האָבן בכן ניט געקאָנט גיין נאָך מיר.

מענדלזאָן, וואָס האָט בלויז לאַווירט, האָט ניט געוואָלט גיין קעגן מיין נטיה צו קריטישן זוכן און פאָרשטן, ביי זיך אין האַרצן האָט ער זיך אַפילו געפרייט דערמיט און האָט געזאָגט:

— לעת־עתה האָט מיימון, אמת, נאָך ניט געפונען דעם רעכטן וועג, אָבער מען טאָר ניט שטערן דעם גאַנג פון זיינע רעיונות, ווייל — ווי קאַרטעזיוס[1]) האָט זייער ריכטיק באַמערקט — צווייפלען איז דער אָנהייב פון גרינדלעכן פילאָסאָפישן דענקען.

---

[1]) קאַרטעזיוס — דעקאַרט. דער איבערז.

# צוועלפטער קאַפּיטל.

## מענדלזאָן. אַ קאַפּיטל, געווידמעט דעם אָנדענק פון אַ ווירדיקן פריינד.

דער נאָמען מענדלזאָן איז אין דער וועלט צו באַקאַנט, איך זאָל דאַרפן לאַנג אָפּשטעלן זיך דאָ ביי דער שילדערונג פון די גרויסע אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע אייגנשאַפטן פון דעם דאָזיקן באַרימטן מאַן פון אונזער נאַציע. איך וועל דאָ אָנצייכענען בלויז יענע הויפּט־שטריכן פון זיין גייסטיקן פּאָרטרעט, וואָס האָבן אויף מיר דעם גרעסטן איינדרוק געמאַכט.

מענדלזאָן איז געווען אַ גרויסער מלומד אין דער תּלמודישער ליטעראַטור,—אַ תּלמיד פון דעם יעמאָלט באַרימטן פּוילישן רב ר׳ ישראל נעסוויזשער, אָדער דעם „נצח ישראל" (די אייביקע קראַפט פון ישראל), ווי מ׳האָט אים גערופן אויפן נאָמען פון זיין ספר, וואָס האָט אַזוי געהייסן. דער דאָזיקער רב האָט אויסער זיינע גרויסע תּלמודישע כשרונות און ידיעות נאָך געהאַט אַ סך און טיפע קענטעניש אין אַנדערע וויסנשאַפטן, באַזונדערס אין מאַטעמאַטיק, וואָס ער האָט נאָך אין פּוילן גרינדלעך דורכגעשטודירט לויט אייניקע העברעישע ביכער, ווי דאָס קען מען זען פון דעם דערמאָנטן ספר גופא. דערפאַר האָט מען אים אין זיין קאַנט געהאַלטן פאַר אַן אַפּיקורס. אין דעם דאָזיקן ספר באַגעגענען זיך לייזונגען פון זייער קאָמפּליצירטע און וויכטיקע מאַטעמאַטישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען ביי־טיק צו דערקלערן אייניקע טונקעלע שטעלן אין תּלמוד

אָדער צו באַשטימען אַ הלכה. פאַרשטייט זיך, אַז ר׳ ישראלן איז דאָ געגאַנגען מער אום פאַרשפּרייטן ניצלעכע קענטענישן צווישן זיין פאָלק, איידער אום דערקלערן אָדער באַשטימען אַ געזעץ, און צו דעם צוועק האָט ער גענומען פאַר אַן אויסרייד די דערקלערונג פון תּלמודישע הלכות.

אַזוי האָט ר׳ ישראל, למשל, דערוויזן, אַז עס איז ניט רעכט, ווען די יידן אין אונזערע געגנטן ווענדן זיך ביים דאַווענען מיטן פּנים קיין מזרח; דען היות לפי דעם תּלמודישן דין דאַרף דער דאַווענער זיך שטעלן מיטן געזיכט צו ירושלים, אם כּן מוז מען אין אונזערע מדינות, וואָס געפינען זיך אין צפון-מערב פון ירושלים, זיך ווענדן מיט די תּפילות צו דרום-מזרח. און דערביי ווייזט ער, ווי מיט דער הילף פון דער ספערישער טריגאָנאָמעטריע קען מען אויפן גענויסטן אופן באַשטימען די ריכטונג קיין ירושלים אין אַלע געגנטן,— וכדומה אַנדערע ענינים.

דער דאָזיקער מערקווערדיקער רב און אויך דער באַרימטער רב פון דעסוי ר׳ דוד פרענקעל[1] האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון מענדלזאָנס גרויסע פעיקייטן.

מענדלזאָן איז באַזעסן גרינדלעכע מאַטעמאַטישע קענטענישן. ער האָט געשעצט די מאַטעמאַטיק ניט בלויז צוליב איר עצם עווידענץ (העכסטע געוויסקייט), נייערט אויך ווי דעם בעסטן מיטל צוצוגעוויינען זיך צום גרינדלעכן דענקען.

אַז ער איז געווען אַ גרויסער פילאָסאָף, איז געגוג באַקאַנט. אמת, ער האָט ניט ממציא געווען קיין נייע שיטות, ער האָט אָבער אויסגעבעסערט די אַלטע סיסטעמען, באַזונדערס די שיטה פון וואָלף-לייבניץ, און האָט דידאַזיקע אויסגע-

---

[1] ר׳ דוד פרענקעל (געב. 1704 אָדער 1707—געשט. 1762)— אַ ליכטיקע פּערזענלעכקייט, ענלעך אויף די יידישע גדולים פון דער גאָלדענער שפּאַנישער תּקופה; מחבר פון „קרבן העדה״ אויף ירושלמי, אַן אָריגינעל ווערק, וואָס האָט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער פאָרשונג פון דער יידישער אוראַלטער געזעצגעבונג. דער איבערז.

בעסערטע שיטה מיט הצלחה אָנגעווענדט אויף מאַנכע צווייגן פון פילאָסאָפיע.

עס איז שווער צו געבן אַ קלאָרע תשובה אויף דער שאלה: מיט וואָס האָט מענדלזאָן מער זיך אויסגעצייכנט—מיט חריפות אָדער מיט עַמקות? עס איז אָבער קיין ספק ניט, אַז ער האָט פאַרמעגט דידאָזיקע בײדע אייגנשאַפטן אין זייער אַ הויכער מדרגה. זיין געניטקייט אין דעפינירן און אַיינטיילן, זיינע דינע דיסטינקציעס (אונטערשיידונגען) און נאָך אַנדערע אייגנשאַפטן זיינע אין די דרכים פון זיינע חקירות — זאָגן עדות אויף זיין שאַרפזיניקן שכל; זיינע טיפזיניקע פילאָסאָפישע אָפהאַנדלונגען אָבער זיינען, פון דער צווייטער זייט, אַ באַוויז פון דער טיפקייט פון זיין שכל.

וואָס איז שייך זיין כאַראַקטער, איז מענדלזאָן, — ווי ער אַליין האָט מודה געווען, — פון דער נאַטור געווען גענייגט צו ליידנשאַפטן; אָבער דורך לאַנגער איבונג אין דער סטאָ?־שער מאָראַל[1]) האָט ער סוף־כל־סוף דערגרייכט די מעגלעכקייט גובר צו זיין די תאוות. אַזוי איז איינמאָל אַ יונגערמאַן ב., וואָס האָט געמיינט, אַז מענדלזאָן האָט אים מיט עפּעס אַן עוולה געטאָן, אַוועק צו אים צו מאַכן אים פאָרוואורפן דערפאַר און האָט אויסגעגאָסן אויף אים כל המתו מיט גרויס חוצפה. מענדלזאָן איז געשטאַנען אָנגעלענט אָן אַ שטול, האָט פונם יונגמאַן די גאַנצע צייט קיין אויג ניט אַראָפּגענומען און מיט דער גרעסטער סטאָישער געדולד אויסגעהערט אַלע זיינע אומפאַרשעמטע זילזולים. ערשט נאָכדעם ווי דער יונגערמאַן האָט געענדיקט שרייען, איז מענדלזאָן צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— גייט אַוועק! איר זעט דאָך, אַז איר דערגרייכט דאָ ניט אייער צוועק. איר זייט ניט ביכולת מיך אויפצוברענגען.

אין אַזוינע פאַלן האָט מענדלזאָן ניט געקאָנט פאַרבאָרגן

---

1) די סטאָישע מאָראַל איז, אייגנטלעך, כמעט דאָס זעלביקע, וואָס די חסידיש־חבדישע מאָראַל דער איבערז.

זיין צער איבער די שוואַכקייטן פון די מענטשן, איבער זייער ניט קענען זיך באַהערשן.

איך אַליין האָב אין מיינע פילאָסאָפיש וויכּוחים מיט מענדל־זאָנען ניט זעלטן אַרויסגעוויזן צופיל טעמפּעראַמענט און בין ניט אָפּגעהיט געווען מיטן כּבוד, וואָס איך האָב געדאַרפט אָפּגעבן אַזאַ אָדם גדול ווי ער איז געווען, — און דערויף בין איך מיך מצער נאָך עד־היום.

מענדלזאָן איז באַזעסן אַ סך מענטשנקענטעניש, אָבער ניט יענע מענטשנקענטעניש, וואָס נעמט צונויף אייניקע אָפּגעזונדערטע שטריכן פון אַ כאַראַקטער, באַ־העפט זיי און שילדערט זיי אָפּ אויף אַ טעאַטראַלישן שטייגער, — ניין! מענדלזאָן האָט פאַרשטאַנען אויסצוגע־פינען די עצמדיקע הויפּטשטריכן פון אַ כאַראַקטער, וואָס דורך זיי קענען דערקלערט ווערן אַלע איבעריקע פּרטים פונם כאַראַקטער און מ׳קאָן אַפילו אינם כאַראַקטער געוויסער־מאָסן עפּעס באַשטימען פון פאָראויס. ער איז געווען אינשטאַנד פּינקטלעך צו באַשטימען די גייסטיקע טרייבפעדערן (די באַוועגנדיקע סיבות) און אַלע רעדער פון דער מאָראַלישער מאַשין פון אַ מענטשן, און ער האָט ביזן גרונד פאַרשטאַנען די מעכאַניק פון דער נשמה. דאָס האָט כאַראַקטעריזירט ניט בלויז זיין אומגאַנג און באַשעפטיקונג מיט מענטשן, נייערט אויך זיינע פילאָסאָפישע און וויסנשאַפטלעכע ווערק.

מענדלזאָן האָט פאַרשטאַנען די ניצלעכע און צו־גלייך אָנגענעמע קונסט אינגאַנצן אַריינצודרינגען אינם שטייגער דענקען פון אַן אַנדער מענטשן, ווי ער אַליין וואָלט עס געווען יענער מענטש און וואָלט אויך אַליין אַזוי געטראַכט. ער האָט געקענט דערגאַנצן דאָס ניט־פאַרענדיקטע אין די געדאַנקען פון אַן אַנדערן און אויספילן די בלויזן. דעריבער האָט מענדלזאָן זייער גוט פאַרשטאַנען די פּוילישע יידן, וואָס פלעגן צו אים קומען, כאָטש זייערע געדאַנקען זיינען ס׳רוב געווען פאַרפּלאָנטערטע און זייער שפּראַך — אַן אומפאַרשטענדלעכער זשאַרגאָן. בעת

ער פלעגט ריידן מיט זיי, פלעגט ער איבערנעמען זייערע אויס־דריקן און שטייגער ריידן, פלעגט זיך אַראָפּלאָזן צו זייער שטייגער דענקען, און דערמיט פלעגט ער זיי אויפהייבן אויף זיין אייגענער הייך.

ער האָט אויך פאַרשטאַנען די קונסט אויסצוגעפינען די גוטע זייט פון יעדן מענטשן און פון יעדער געשעעניש. ניט זעלטן האָט ער געפונען אַ פאַרגעניגן צו אונטערהאַלטן זיך מיט אַזעלכע מענטשן, וואָס איבער זייער גראָבער אויפפירונג און קרומע מיינונגען האָט מען זיי געוויינלעך אויסגעמיידט; בלויז פולשטענדיקע טעמפקייט און פוילקייט זיינען אים געווען לגמרי דערווידער.

איך בין איינמאָל געווען אַן עד־ראיה, ווי ער האָט זיך אַ לאַנגע צייט אונטערהאַלטן מיט אַ מענטשן, וואָס איז געווען באַוואוסט מיט זיין קרומער אַרט דענקען און מיט זיין אויסגעלאַסענער אויפפירונג. איך בין געווען אויסער זיך, און אַז יענער איז אַוועק, האָב איך פול מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט מענדל־זאָנען:

— ווי האָט איר געקאָנט אַזוי לאַנג זיך אָפּגעבן מיט אָט דעם מאַן?

— וואָס איז? — האָט מענדלזאָן דערווידערט — ווען מיר זעען אַ מאַשין, וואָס איר קאָנסטרוקציע איז אונז אומבאַקאַנט, באַטראַכטן מיר זי מיט אויפמערקזאַמקייט און זוכן צו באַגרייפן דעם אופן פון איר ווירקן. צי פאַרדינט דען ניט דערזאָגער מענטש פונקט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט? פאַרוואָס זאָלן מיר ניט זוכן צו וויסן און פאַרשטיין, אויף וואָסער אופן זיינען ביי אים אין מוח אויפגעקומען זיינע משונהדיקע מיינונגען? ער מוז דאָך געוויס אויך האָבן זיינע שפרונגדזינעס און זיין מעכאַניזם, ווי איטלעכע מאַשין.

אין דיספוטירן מיט אַ שטייפן דענקער, וואָס האַלט זיך מיט עקשנות פעסט אָן זיין איינמאָל אָנגענומענער שיטה, איז אויך מענדלזאָן געווען שטייף און איינגעשפאַרט און האָט אויס־גענוצט לטובת זיך יעדן קלענסטן טעות אינם גערדאַנקענגאַנג פון זיין קעגנער. מיט אַ בייגזאַמען דענקער אָבער איז ער,

פּאַרקערט, אויך געווען בייגזאַם און פלעגט געוויינלעך ענדיקן
דעם וויכוח מיט די ווערטער:

— מיר דאַרפן זיך ניט האַלטן אָן די ווערטער, נײַ־
ערט אָן די זאַכן.

קיין זאַך איז אים ניט געווען אַזוי צווידער, ווי פּוסטע
וויצן און אַפעקטאַציע, אַזוי אַז ער, דער געדולדיקער, האָט ניט
געקאָנט באַהאַלטן זיין ווידערווילן קעגן דעם.

די מאַדאַם N האָט ליב געהאַט אויסצופּיינען זיך מיט אי־
רע „טיפע״ געפילן, אָנגעצויגענע און איבערטריבענע, און מיטן
מויל פלעגט זי זיך אַליין טאַדלען פאַר איר כאַראַקטער, מיטן
צוועק אַרויסצורופן אירע צוהערער צו לויבן זי. מענדלזאָן אָבער
האָט זי ניט געלויבט; פאַרקערט, ער האָט אויפריכטיק געזען צו
ווירקן אויף איר שכל און איבערצייגן זי, ווי מיאוס עס איז די־
דאָזיקע אויפפירונג אירע, און האָט זי באַוועגט זיך אויסצובעסערן.

ער האָט ניט ליב געהאַט צו באַטייליקן זיך אין אויבער־
פלעכלעכע ניט־בינדנדיקע געשפּרעכן. אין אַזעלכע פאַלן איז ער
געווען בלויז אַ צושויער און פלעגט אין האַרצן לאַכן פון דעם
באַנעמען זיך פון די אָנטיילנעמער. איז די אונטערהאַלטונג געווען,
פאַרקערט, אַ זאַכלעכע, אַן ערנסטע, פלעגט ער אַליין אין איר
דעם וואַרעמסטן אָנטייל נעמען. ניט איבעררייסנדיק די אונטער־
האַלטונג האָט ער דורך געשיקטע ווענדונגען אויך געקענט איר
צוגעבן אַ צוועקמעסיקע ריכטונג.

מענדלזאָנס גייסט האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט
באַשעפטיקן מיט קלייניקייטן; אים האָבן שטענדיק פאַרנומען
פּראָבלעמען, וואָס שטייען ברומו של עולם: די פּרינציפּן פון
מאָראַל, פון נאַטירלעכער טעאָלאָגיע, פון
השאָרת־הנפש וכדומה. אין דידאָזיקע אַלע צווייגן, וואָס
אינטערעסירן די מענטשהייט, האָט ער, לויט מיין מיינונג, מיט
זיינע פאָרשונגען אויפגעטאָן אַזוי פיל, וויפיל עס איז נאָר מעג־
לעך אויפצוטאָן לויט דער וואָלפיש־לייבניצישער
פילאָסאָפיע, וואָס ער האָט זיך אָן איר געהאַלטן. פּאָלקוי־
מענהייט איז געווען דער קאָמפּאַס, וואָס ער האָט שטענדיק

געהאַט פאַר זיינע אויגן אין דידאָזיקע אַלע אונטערזוכונגען און וואָס האָט באַשטימט די ריכטונג פון זיין דענקען.

זיין גאָט איז דער אידעאַל פון תּכלית השלימות; די אידעע פון תּכלית השלימות ליגט אין יסוד פון זיין מאָראַל. דער פּרינציפּ פון זיין עסטעטיק איז די חושימדיקע פולקומענהייט.

מיינע וויכּוחים ביי מיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט מענדלזאָנען האָבן אָנגערירט באַזונדערס די פאָלגנדיקע ענינים:

קודם כּל וועגן די אַטריבוטן פון גאָט.

איך בין יעמאָלט נאָך געווען אַ געטרייער תּלמיד פון רמב״ם, ווייל איך בין נאָך ניט באַקאַנט געווען מיט דער נייערער פילאָסאָפיע, און איך בין באַשטאַנען אויף זיין מיינונג, וואָס איז געווען אויך מיין מיינונג, אַז עס דאַרפן פאַרניינט ווערן פון גאָט אַלע פּאָזיטיווע אייגנשאַפטן, ווייל יעדע אייגנשאַפט שרענקט־איין, לויט אונזער השגה, איז מצמצם די עצמדיקייט פון דעם דעפינירטן עצם. על כּן האָב איך אַרויסגעזאָגט פאַר מענדלזאָנען פאָלגנדיקע דילעמע („ממה נפשך״): אויב אונז איז מעגלעך ניט בלויז זיך פאָרצושטעלן גאָטס אייגנשאַפטן, נייערט אויך זיי צו באַגרייפן ווי רעאַלע באַגריפן, ווי באַגריפן פון רעאַליטעט, וואָס עס איז ראוי זיי צוצוגעבן צום עצם, — דאַן איז דאָך גאָט ניט דער אַלערפולקומסטער עצם, דען בלויז די אַטריבוטן מאַכן ערשט דעם עצם פאַר פולקום; איז אָבער גאָט דער תּכלית־השלימותדיקסטער עצם, — דאַן מוזן מיר דאָך בלויז זיך פאָרשטעלן דעם באַגריף פון אים, אָבער זיין רעאַליטעט קען ווערן אָנגענומען בלויז פּראָבלעמאַטיש.

מענדלזאָן, פאַרקערט, איז באַשטאַנען אויף דער באַיאָאונג פון אַלע רעאַליטעטן פון גאָט (אויף דער צוגעבונג פון אַלע אַטריבוטן צו גאָט, וואָס איז דאָך דער אַלערפולקומסטער עצם, דער מחויב המציאות, ד. ה. וואָס זיין עקסיסטענץ איז אַבסאָלוט), דען מענדלזאָן האָט זיך געהאַלטן אָן דער פילאָסאָפיע פון וואָלף און לייבניץ, און לויט דער דאָזיקער

שיטה איז יעדער באַגריף, וואָס עס איז אים נאָר מעגלעך זיך פאָרצושטעלן (ד. ה. וואָס אין אים איז קיין שום סתירה ניטאָ), שוין ממילא אַ באַגריף במציאות, אַ רעאַלער באַגריף.

מיין מיינונג וועגן מאָראַל איז דאָן געווען עכטער סטאָיציזם: די דערגרייכונג פון פרייען ווילן און די אייבער־מאַכט פונם שכל איבער די געפילן און תאוות. דער העכסטער תכלית פונם מענטשן אויף דער וועלט, מיט וואָס ער אונטערשיידט זיך פון אַלע בעלי־חיים (זיין differentia specifica), איז — די דערקענטעניש פונם אמת. אַלע אַנדערע נטיות, וואָס זיינען געמיינשאַפטלעך אונז און אַלע בעלי־חיים, דאַרפן אונז דינען בלויז ווי מיטלען צו דערגרייכן דעם דאָזיקן הויפּט־צוועק. די דערקענטעניש פון גוטס האָט זיך ביי מיר ניט אונטערשיידט פון דער דערקענטעניש פון אמת, ווייל, גייענדיק נאָכן רמב״ם, האָב איך געהאַלטן די דערקענטעניש פון אמת פאַר דאָס העכסטע גוטס פאַרן מענטשן.

מענדלזאָן האָט אָבער באַהויפּט פאַרקערט, אַז דער רעיון פון פולקומענהייט, וואָס ליגט אין יסוד פון דער מאָראַל, איז אַ סך גרעסער און דערהייבענער, איידער די בלויזע דערקענטעניש פון אמת. אַלע נאַטירלעכע נטיות, פעי־קייטן און כוחות מוזן פאַרוואַנדלט ווערן אין רעאַליטעטן ניט בלויז ווי מיטלען צו עפּעס גוטס, נייערט אויך ווי עפּעס גוטס אָן און פאַר זיך. די העכסטע שלימות איז די אידעע פון דעם מאַקסימום אָדער פון דער גרעסטער סומע פון דידאָזיקע רעאַ־ליטעטן.

דעם רעיון פון השאָרת הנפש האָב איך מיר לויטן רמב״ם פאָרגעשטעלט אויף אַזאַ אופן: דעם טייל פונם כוח־ההכרה (קראַפט פון דערקענטעניש, — דער שכל), וואָס מיר האָבן אַרויסגעבראַכט אין דער ווירקלעכקייט (פאַרוואַנדלט אין רעאַליטעט), ווערט פאַראייניקט מיטן אַלגעמיינעם וועלט־גייסט (מיטן אוניווערסאַלן שכל, וואָס פירט אָן די וועלט), לפי דער מאָס פון דער אויסגעפירטער ווירקונג פון אָט דעם טייל. דעריבער זיינען, לויט מיין מיינונג, זוכה צו השאָרת הנפש בלויז

די מענטשן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דערקענען דעם אמת, און אין דער מאָס, אויף וויפיל זיי גיבן זיך אָפּ דערמיט. בכן איז נאָכדעם ווי די נשמה דערגרייכט אַזאַ אומשטערבלעכקייט, פאַר־לירט זי איר אינדיווידואַליטעט.

יעדער לעזער וועט געוויס אַליין פאַרשטיין, אַז מענדלזאָן, ווי אַ פאָרשטייער פון דער בייער פילאָסאָפיע, האָט אַנדערש גע־דענקט וועגן השאָרת הנפש[1].

זיינע מיינונגען וועגן דער געטלעך אַנטפּלעקטער אָדער פּאָזיטיווער רעליגיע האָב איך פון זיין מויל קיינמאָל ניט געהערט; דעריבער קאָן איך זיי דאָ איבערגעבן בלויז כּפי איך האָב זיי געקענט אַרויסברענגען פון זיינע שריפטן מיט דער הילף פון אייגענעם באַכדענקען.

אין יענער צייט, ווען איך האָב פאַרבראַכט מיט מענדל־זאָנען, האָב איך אָנגעהויבן שטעלן זיך אויפן וועג פון אַ פריי־דענקער, וואָס לייקנט אין יעדער געטלעך־אַנטפּלעקטער רע־ליגיע, און האָב אָנערקענט בלויז איר צייטוויייליקן נוצן, דען אַזוי האָב איך פאַרשטאַנען פונם רמבמס שריפטן. און אַזוי ווי איך בין געווען אַ מענטש אָן שום דערפאַרונג אין פּראַקטישן לעבן, האָב איך געמיינט, אַז עס איז אַ לייכטע זאַך צו ברענגען אַנדערע צו מיין איבערצייגונג, ניט געקוקט אויף די פעסט איינגעוואָרצלטע געוווינהייטן און אַלטע פאָראורטיילן; אויך בין איך אַפילו אַ רגע ניט געווען מסופק, אַז אַזאַ רעפאָרמאַציע (אַזאַ איבערקערעניש אין די מיינונגען פון די מענטשן) איז אַפילו נייצלעך. דעריבער האָט מענדלזאָן באין אופן ניט געקאָנט זיך מתווכּח זיין מיט מיר וועגן דעם דאָזיקן ענין, ווייל ער האָט מורא געהאַט, איך זאָל זיינע טענות קעגן מיר ניט דערקלערן פאַר בלויזע סאָפיזמען (ווי דאָס איז געשען און עס געשעט נאָך ביי אַ סך דענקער) און איך זאָל אים ניט חושד זיין אין פניות.

אָבער פון זיינע רייד און זיין הקדמה צום ספר „תשועת

---

[1]) מענדלזאָנס אָנשויונג אויף השארת הנפש איז קלאָר אַנטוויקלט און פאָרמולירט אין זיין בארימטן ווערק „פעדאָן". דער איבערז.

ישראל" פון ר' מנשה בן ישראל[1]) און אין זיין ספר „Jerusalem" ווערט קלאָר, אַז די באַלערנדיקע מיי־נונגען פון דער פּאָזיטיווער רעליגיע האָט ער, אמת, ניט געהאַלטן פאַר אייביקע וואָרהייטן, אָבער ער האָט מודה געווען אינם אמת פון די געטלעך־אַנטפּלעקטע חוקים און מצוות פון דער רעליגיע; דעריבער האָט ער געהאַלטן, אַז די געזעצן פון דער יידישער רעליגיע, בתור גרונדגעזעצן פון אַ טעאָקראַטישער קאָנסטיטוציע, ווי ווייט די אומשטאַנדן דער־לויבן עס — זיינען חוקים, וואָס מ'טאָר זיי ניט פאַרענדערן.

וואָס איז שייך מיר, איז נאָכדעם ווי איך האָב אַליין נאָכ־געפאָרשט און נאָכגעדענקט די גרונדגעזעצן פון דער רעליגיע פון מיינע אָבות, בין איך איצט פולשטענדיק מסכים מיט מענדל־זאָנס מיינונג וועגן דעם ענין. די גרונדגעזעצן פון דער יידי־שער רעליגיע זיינען צוגלייך אויך די גרונדגעזעצן פון דעם יידישן שטאַאט (כנסת ישראל). לכן, איז איטלעכער, וואָס אָנערקענט זיך פאַר אַ מיטגליד פון דעם דאָזיקן שטאַאט (פון דער נאַציאָנאַלער איינהייט), איז ער חייב אָפּצו־היטן און צו דערפילן דידאָזיקע חוקים, אויב ער וויל געניסן פון די זכיות, וואָס הענגען אָפּ פונם דערפילן זיי. דער מענטש

---

[1]) ר' מנשה בן ישראל (1604—1657) — „חכם" (רב) אין דער ספרדישער קהילה אין אַמסטערדאַם. אַ מענטש מיט אַ קאָלאָסאַלער ערודיציע אין יידישע און אַלגעמיינע וויסנשאַפטן מיט גרויסע ליטעראַרישע און דיפּלאָמאַטישע כשרונות. געשריבן יידיש־היסטאָרישע, יורידישע, תלמודיש־וויסנשאַפטלעכע און אַפּאָלאָגעטישע ווערק אין העברעיש, פּאָרטוגאַליש, שפּאַניש, האָלענדיש, ענגליש, לאַטיין. פלאַמענדיקער יידישער פּאַטריאָט און משיח־טרוימער. זיך באַפריינדעט מיט קראָמוועלן און אויסגעפּועלט אַן ער־לויבעניש פאַר יידן צו באַזעצן זיך אין ענגלאַנד, וואָס איז געווען יידן־ריין נאָכן גרויסן ענדגילטיקן גירוש פון 1291. זיינע ווערק האָבן שטענדיק געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקן רושם אויף דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, — באַזונדערס זיין „האָפענונג פון ישראל" און „ישועה פון ישראל".

דער איבערז.

אָבער, וואָס שיידט זיך אָפּ פון דעם דאָזיקן שטאַאַט, וויל זיך ניט רעכענען פאַר קיין מיטגליד זיינעם און איז מוחל אַלע זכיות, וואָס ער האָט געהאַט ווי אַ מיטגליד פונם שטאַאַט (סיי ער שרייבט זיך אַריין פאַר אַ מיטגליד אין אַן אַנדער שטאַאַט, סיי ער קלייבט זיך אויס אַ לעבן אין איינזאַמקייט), — אַזאַ מענטש איז, לויט זיין געוויסן, ניט מחויב מקיים צו זיין דידאָזיקע חוקים.

איך בין מסכים מיט מענדלזאָנס הערה, אַז אַ ייד, וואָס גייט אַריבער צו דער קריסטלעכער רעליגיע, קאָן זיך פונדעסטוועגן בשום אופן ניט באַפרייען פון די מצוות פון דער יידישער רעליגיע, וויבאַלד אַז אויך ישו הנוצרי האָט מקיים געווען דידאָזיקע מצוות און אויך באַפוילן זיינע אָנהענגער זיי אָפּצוהיטן. אָבער ווי זאָל זיין, ווען אַ ייד וויל מער ניט זיין קיין מיטגליד פון דעם דאָזיקן טעאָקראַטישן שטאַאַט און גייט אַריבער צו דער היידנישער אָדער צו דער פילאָסאָפישער רעליגיע, וואָס איז ניט מער ווי אַ ריינע נאַטירלעכע רעליגיע? ווי זאָל זיין, ווען אַ ייד באַהעפט זיך בלויז מיט אַ בירגערלעכן שטאַאַט, וואַרפט זיך אונטער בלויז די בירגערלעכע געזעצן און פאָדערט פון שטאַאַט זיינע זכיות, וואָס זיינען אָפּהענגיק פונם מקיים זיין די בירגערלעכע געזעצן, גאָרנישט זאָגנדיק דערביי וועגן זיין רעליגיע, מחמת דער שטאַאַט איז גענוג פאַרנינפטיק און פאָדערט ניט פון אים קיין שום דערקלערונג, ווייל דאָס גייט אים ניט אָן?

איך גלויב ניט, אַז מענדלזאָן זאָל אויך אין דעם דאָזיקן פאַל באַהויפּטן, אַז דער דאָזיקער ייד איז נאָך אַלץ מחויב אין זיין געוויסן אָפּצוהיטן די געזעצן פון זיינע עלטערנס רעליגיע בלויז דערפאַר, ווייל דאָס זיינען די געזעצן פון זיינע עלטערנס רעליגיע.

אמת, מענדלזאָן האָט, ווי ווייט עס איז באַוואוסט, מקיים געווען אַלע מצוות פון זיין רעליגיע, אָבער ער האָט דאָס געטאָן, ווייל ער האָט זיך, משמעות, נאָך אַלץ גערעכנט פאַר אַ מיטגליד פון דער רעליגיעזער קהילה, ניט געקוקט אויף זיין פילאָ-

סאָפישער אָנשווינג, — איז דעריבער געלעגן אויף אים אַ חוב צו דערפילן די באַפעלן פון דער רעליגיע. ווער עס גייט אָבער אַוועק פון דעם דאָזיקן שטאַט, זינדיקט דערמיט לחלוטין ניט קעגן זיין חוב.

און פאַרקערט, ווען איך זע יידן, וואָס באַקענען זיך צו דער יידישער רעליגיע, מחמת צוגעבונדנקייט צו דער משפחה אָדער צוליב געוויסע אינטערעסן, און דערנאָך זיינען זיי עובר אויף די מצוות דאָרטן, וואו די דערמאָנטע סיבות שטערן זיי ניט. לויט זייער מיינונג, עובר צו זיין אויף דער תורה, — דאַן דערקלער איך, אַז אַזעלכע יידן טוען אומרעכט, באַגייען אומגעזעצלעכקייט. איך באַגרייף דעריבער ניט, וואָס ווען דער האַמבורגער רב-הכולל האָט מחרים געווען אַ יידן פון זיין קהילה, וואָס האָט בפרהסיא עובר געווען אויף די געזעצן פון דער רעליגיע, האָט מענדעלזאָן געוואָלט באַפרייען דעם דאָזיקן יידן פונם חרם מיטן מאָטיוו, אַז די רעליגיעזע געמיינדע האָט ניט קיין רעכט אין בירגערלעכע ענינים, בעת ער אַליין באַהויפּט, אַז דער שטאַט פון דער יידישער רעליגיע איז אייביק און וועט קיינמאָל ניט געענדערט און ניט בטל ווערן. וואָס איז דאָס פאַר אַ שטאַט אָן רעכט? און וואָס באַשטייען בכן די רעכט פון דעם דאָזיקן רעליגיעזן שטאַט?

מענדלזאָן פרעגט (אין דער דערמאָנטער הקדמה צום „תשועת ישראל" ז' 48): „ווי קאָן עס דער שטאַט דערלאָזן, אַז עמעצער פון זיינע בירגער זאָל דורך די געזעצן ווערן אומגליקלעך?"

דערויף וועל איך ענטפערן: ס'איז ניט אַזוי! דער דערמאָנטער האַמבורגער ייד וועט דורכן חרם כלל ניט אומגליקלעך ווערן; ער וואָלט געדאַרפט בלויז ניט ריידן און ניט טאָן קיין זאַך, וואָס ציט, לויטן געזעץ, נאָך זיך דעם חרם, — דאַן וואָלט ער ממילא פון אים באַפרייט געוואָרן. דען דער זין פונם חרם איז אַזוי: כל זמן דו ביזט בפרהסיא עובר אויף די געזעצן פון פון אונזער געמיינדע, ביסטו פון איר אויסגעשלאָסן; בכן דאַרפסטו

אַליין זיך גוט אויסרעכענען, וואָס עס לוינט דיר בעסער פאַר דיין גליק: די עבירות בפרהסיא, אָדער די זכיות פון דער געמיינדע?

ס'איז זיכער, אַז דידאַזיקע פּשוטע חקירה איז מענדלזאָנען גוט באַקאַנט געווען, — על־כּן לאָז איך פאַר אַנדערע איבער צו באַשטימען: צי מען דאַרף צוליב טובת־הכּלל, און ווי ווייט, זיין אַזוי אומקאָנזעקווענט?

מענדלזאָנען האָט מען אויך אומרעכט געטאָן, און געטאָן האָבן עס אים אַזעלכע חשובע מענטשן, וואָס פון זיי האָט מען עס ווייניקער ווי פון אַנדערע געקאָנט דערוואַרטן.

עס איז גענוג באַקאַנט, ווי ווייט לאַוואַטער[1]) האָט אים געדריקט. אמת, די ערלעכדענקענדיקע און געוויסנהאַפט־פילנדיקע מענטשן האָבן געטאַדלט לאַוואַטערן.

דער טיפדענקענדיקער יאַקאָבי האָט פון ליבשאַפט צום ספּינאָזיזם (דערפאַר קאָן קיין זעלבשטענדיקער דענקער אים באמת ניט באַשולדיקן) געזוכט צו מאַכן מענדלזאָנען מיט געוואַלד פאַר אַ ספּינאָזיסט, ווי ער האָט עס שוין געטאָן מיט זיין פריינד לעסינגן[2]), און צו דעם צוועק האָט ער

---

[1]) יאָהאַן קאַספּאַר לאַוואַטער (1741—1801) — עוואַנגעלישער פאַסטאָר פון ציריך און פיזיאָנאָמיסט. פאַנטאַסט, צבועַ און אינטריגאַן, זיך פאַרבונדן מיט די יעזויטן און ניט געקאָנט צוזען, ביי יידן זאָל זיין אַזאַ דערהייבענע פּערזענלעכקייט, ווי מענדלזאָן, דער „נייער סאָקראַטעס", און אָנגעווענדט אַלע יעזויטישע מיטלען צו צווינגען מענדלזאָנען צו שמד. ער איז אָבער דורכגעפאַלן מיט אַלע זיינע חשבונות.

מיימון איז זייער פּאָרזיכטיק און דעליקאַט: ער פאַררעכנט לאַוואַטערן צווישן די „חשובע מענטשן, וואָס פון זיי האָט מען עס ווייניקער ווי פון אַנדערע געקאָנט דערוואַרטן". דער איבערז.

[2]) לעסינג (1729—1781) — באַרימטער דייטשער פּאָעט־אידעאַליסט, גרויסער פריינד פון מענדלזאָנען, וואָס האָט אים באַגייסטערט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער פּערזענלעכקייט און האָט פאַר אים געדינט פאַר אַ מוסטער־טיפּ פון זיין „נאַטאַן דער ווייזע". דער איבערז.

פאַרעפנטלעכט די בריוו, וואָס מענדלזאָן האָט אים געשריבן וועגן דעם ענין, כאָטש דידאָזיקע בריוו זיינען גאָר ניט באַשטימט געווען צו ווערן געדרוקט און אַרויסגעשטעלט פאַרן גרויסן עולם. און צו וואָס האָט מען דאָס באמת געדאַרפט? איז שפּינאָזעס שיטה אמת, דאַן איז זי אמת אויך אָן מענדלזאָנס הסכמה. ביי אייביקע אמתן איז קיין מערהייט שטימען ניט מעלה און ניט מוריד. באַזונדערס דאָ, ביים ספּינאָזיסטישן אמת, וואָס איז, לויט מיין מיינונג, פון אַזאַ אַרט, וואָס איז העכער פון יעדן אויסדרוק.

מענדלזאָן האָט פון אַזאַ אומגערעכטיקייט געוויס געהאַט פיל צער. אַ באַרימטער מעדיצינער האָט אַפילו באַהויפּט, אַז מענדלזאָן איז פון דעם דאָזיקן צער געשטאָרבן, אָבער איך מוז מיך דערוועגן קאַטעגאָריש אָפּצוּוואַרפן דידאָזיקע מיינונג, כאָטש איך בין ניט קיין מעדיצינער. הן קעגן יאַקאָבי הן קעגן לאַוואַטער האָט זיך מענדלזאָן געהאַלטן ווי אַ העלד. ניין, ניין! דער דאָזיקער העלד איז געשטאָרבן אין פינפטן אַקט. —

דער שאַרפזיניקער הער פּראָפעסאָר יאַקאָבי אין האַלע האָט נאָך מענדלזאָנס טויט אַרויסגעגעבן אַ בוך מיטן נאָמען: „קריטיק איבער מענדלזאָנס „מאָרגענשטונדען“[1], וואו ער דערווייזט, אַז נאָך קאַנטס „קריטיק דער ריינען פערנונפט“ מוזן אַלע מעטאַפיזישע באַהויפּטונגען אָפּגעוואָרפן ווערן ווי אומבאַגרינדעטע. אָבער פאַרוואָס איז דאָס אַדרעסירט צו מענדלזאָנען מער ווי צו אַלע אַנדערע מעטאַפיזיקער? ניט מענדלזאָן האָט דאָך אויפגעשטעלט דעם בנין פון דער מעטאַפיזישער פילאָסאָפיע; ער האָט בלויז פולשטענדיקער געמאַכט די שיטה פון וואָלף און לייבניץ, האָט זי אָנגעווענדט צו מאַנכע וויכ=

---

[1]) „מאָרגענשטונדען“ — אַ בוך פון פילאָסאָפישע לעקציעס, וואָס מענדלזאָן פלעגט פאָרלייענען פאַר זיין פאַמיליע, ווי אויך פאַר געסט, יידן און קריסטן. איבערגעזעצט אויף העברעיש אונטערן נאָמען „מועדי שחר“ דורך ש. י. פין אין „הכרמל“ תרל״ב. דער איבערז

טיקע ענינים פון פילאָסאָפישע פאָרשונגען, אָנגעטאָן זי אין פּאָ־
סיקע קליידער און צוגעגעבן איר אַ באַזונדערן חן. אָט האָט,
למשל, דער רמב״ם אין „הלכות קידוש החודש״ אויף זייער אַ
פּאָרטרעפלעכן אופן און מיט אַ וואונדערלעכער פּינקטלעכקייט
דערקלערט די גאַנצע אַסטראָנאָמישע וויסנשאַפט לויט דער פּטאָ־
לאָמעיִשער שיטה (וואָס אָן איר האָבן זיך דאַן געהאַלטן אַלע
וויסנשאַפטלער) און האָט זי אָנגעווענדט אויף זייער וויכ־
טיקע ענינים. און לאָמיר זיך איצט פאָרשטעלן, אַז עס קומט אַ
היינטיקער געלערנטער און טרעט אַרויס מיט אַ בוך אונטערן
טיטל: „אַ קריטיק איבערן רמב״מס „הלכות קידוש החודש״, וואו
ער דערווייזט, אַז לויט דער ניוטאָניאַנישער שיטה אין
אַסטראָנאָמיע האָבן דעם רמב״מס רייד ניט קיין שום גרונד.
איז רעכט אַזאַ מין שטייגער קריטיק? און צי האַנדלט דען ניט
אַזוי דער דערמאָנטער פּראָפעסאָר?—נאָר זאָל זיין גענוג דערפון!

# דרייצנטער קאַפּיטל.

**מיין תחילתדיקע אָפּנייגונג פון די שיינע וויסנשאַפטן און מיין נאָכדעמדיקער צוריקקער. אָפּפאָר פון בערלין. אויפהאַלט אין האַמבורג. איך טרינק זיך פונקט אַזוי געלונגען, ווי אַ שלעכטער אַקטיאָר שיסט זיך. אַן אַלטע נאַרישע פרוי ליבט זיך איין אין מיר, באַקומט אָבער ניט פון מיר דעם געווינטשטן ענטפער.**

צו די שיינע וויסנשאַפטן האָב איך אין זיך ניט געשפירט אַפילו די קלענסטע נייגונג; נאָכמער, איך האָב אַפילו ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי וויל מען דאָס גאָר רופן וויסנשאַפט אַ זאַך, וואָס איז אָפּהענגיק פונם געשמאַק פון יעדן אינדיווידוּאום און וואָס האָט, לויט מיינע יעמאָלטיקע בליקן, געקאָנט האָבן בלויז אַ סוביעקטיוון גרונד.

איינמאָל בין איך געגאַנגען שפּאַצירן מיט מענדלזאָנען און אונזער געשפּרעך איז אַריבער אויף דער טעמע וועגן פּאָעזיע. ער האָט מיר געראָטן צו לייענען די גרויסע דיכטער.

איך האָב דערווידערט:

— איך האָב קיין חשק ניט צו לייענען קיין שום דיכטער, דען וואָס איז אַ דיכטער, אויב ניט קיין ליגנער?

מענדלזאָן האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איר גייט זיך צונויף מיט פּלאַטאָנען, וואָס האָט אַרויסגעטריבן אַלע פּאָעטן פון זיין רעפּובליק[1]. אָבער איך האָף, אַז מיט דער צייט וועט איר וועגן דעם גאַנץ אַנדערש דענקען.

און דאָס איז געשען.

איך האָב צופעליק באַקומען דאָס בוך פון לאָנגינאָס[2] "וועגן דערהייבענעם". די ביישפּילן, וואָס ער ברענגט פון האָמערוס צו דערקלערן דעם מהות פון "דערהייבנס", און באַזונדערס די באַרימטע שטעל פון סאַפּאָ[3], האָבן אויף מיר געמאַכט אַ גרויסן אייַנדרוק. איך האָב דאַן אַ טראַכט געטאָן ביי מיר אין האַרצן: אמת, דאָס זיינען הבלימדיקע מעשיות, אָבער די עצם בילדער און די באַשרייבונגען זיינען אמת שיין. נאָכדעם האָב איך געלייענט האָמערן גופא, און האָב האַרציק געלאַכט פון זיינע שטותן און הבלים. מיט וואָס פאַר אַן ערנסט, — האָב איך געטראַכט, — ער באַציט זיך דאָס צו אַזעלכע קינדערשע מעשהלעך! פונדעסטוועגן האָב איך ביסלעכוויז גענומען שפּירן אַן אינטערעס ביים לייענען די פּאָעמען פון האָמערוס.

---

[1]) פּלאַטאָן האָט געשאַפן אַ אידעאַל פון אַ פולקומער רעפּובליק, וואָס ווערט אָנגעפירט פון די פילאָסאָפן אויף די יסודות פון וויסנשאַפטלעך-פילאָסאָפישער העכערער חכמה, פון גייסטיקער גבורה און זעלבסטבאַהערשונג, פון גערעכטיקייט און מסירת-נפשדיקער ליבע, אָן אַ שום שפּור פון פּערזענלעכן אינטערעס, מיטן צוועק צו דערציען אַ פולקומע מענטשהייט. ביי די פּאָעטן האָט פּלאַטאָן ניט געפונען קיינע פון דידאָזיקע געפאָדערטע אייגנשאַפטן, — האָט ער זיי אַרויסגעטריבן פון זיין אידעאַלער רעפּובליק.

דער איבערז.

[2]) לאָנגינאָס (210—273) — גריכישער ריטאָריקער און דעקלאַמאַטאָר. דער איבערז.

[3]) סאַפּאָ — באַרימטע גריכישע פּאָעטעסע. אין אַן אָנפאַל פון פאַרצווייפלונג זיך אַראָפּגעוואָרפן פון אַ הויכן פעלז אין ים אַריין. געלעבט אין זיבעטן יר"ה פאַר איר. צ"ר. דער איבערז.

די לידער פון אָסיאַן[1]) אָבער, וואָס איך האָב באַלד דע־רויף באַקומען צו לייענען (פאַרשטייט זיך, אויך אין דייטשער איבערזעצונג), האָבן ביי מיר אַרויסגערופן געפילן פון גרויס אַכטונג צום מחבר. די פייערלעכקייט פון זיין סטיל, די אויסדריקלעכע קורצקייט פון זיינע באַשרייבונגען, די רייכקייט פון זיינע מיינונגען, די פשוטקייט פון זיינע באַשריבענע געגנשטאַנדן און באַזונדערס די ענלעכקייט פון זיין דיכטונג מיט דער העברעישער (ביבלישער) פּאָעזיע האָבן ביי מיר אַריינגעבראַכט איז גרויס התפעלות.

אויך האָב איך געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון געסנערס[2]) אידיליעס.

מיין פריינד, דער פוילישער ייד, וואָס וועגן אים האָב איך גערעדט אין פּאָריקן קאַפּיטל, וואָס האָט זיך דער־עיקר באַ־שעפטיקט מיט די שיינע קונסטן, האָט זיך זייער דערפרייט מיט דער דאָזיקער ענדערונג, וואָס איז מיט מיר פאָרגעקומען, ווייל איך פלעג מיט אים תמיד פירן וויכוחים און זוכן צו דערווייזן אים די אומנוצלעכקייט פון די שיינע קונסטן. איינמאָל בעת אַזאַ וויכוח האָט ער מיר געוועלט ווייזן אַ מוסטער פון אויסדרוק פון שטאַרקע פּאָליטישע געפילן און האָט פאַר מיר פאָרגעלייענט אַ שטעל אין תהילים, וואו דוד המלך האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי אַ מייסטער אין פלוכן, — האָב איך אים דאָ איבערגעריסן און אויסגערופן:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קונסט? מיין שוויגער, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, פלעגט בעת אַ קריג מיט אירער אַ שכנה שילטן זיך מיט נאָך שאַרפערע קללות.

איצט אָבער האָט ער טריומפירט איבער מיר.

אויך מענדלזאָן און מיינע אַנדערע פריינד האָבן זיך דער־

---

[1]) אָסיאַן — באַרימטער דיכטער פון דריטן יר"ה, זון פון אַ קי־ניג אין גרויס־בריטאַניע. דער טאָן פון זיין פּאָעזיע איז דורכגעדרונגען מיט אַ כמאַרע, טיפן אומעט און צער. דער איבערז.

[2]) זאַלאָמאָן געסנער (1730—1788) — באַרימטער דייטשער פּאָעט און פּייזאַזשיסט אין שווייצאַריע. דער איבערז.

מיט אומגעוויינלעך געפרייט. זיי האָבן פארלאַנגט און געראָטן מיר, איך זאָל מיך בהתמדה אָפּלייגן אויף די הומאַניאָראַ (אַנטיקע שפּראַכן — גריכיש און לאַטיין — און זייערע ליטע־ראַטורן), ווייל אָן דעם, בלויז מיט די פּראָדוקטן פון אייגענעם גייסט, איז אַ מענטשן, לויט זייער מיינונג, בכלל שווערלעך צו ברענגען נוצן דער וועלט. עס איז אָבער זייער שווער געווען מיך איבערצורעדן. איך האָב אַלע מאָל געאײַלט זיך צו געניסן פונם הווה, ניט טראַכטנדיק וועגן דעם, אַז דורך אַ געהעריקער צוגרייטונג וואָלט איך געקאָנט דעם דאָזיקן געניוס פאַרגרעסערן און מאַכן דויערהאַפטיקער.

ביסלעכווייז האָב איך אָבער געפונען אַ אינטערעס ניט בלויז אין שטודיום פון וויסנשאַפטן, נייערט איבערהויפּט אין אַלץ, וואָס גוט און שיין איז און וואָס איך האָב געקאָנט דער־גרייכן, — און איך האָב מיך איבערגעגעבן דערצו מיט אַ התלהבות, וואָס האָט אַריבערגעשטיגן אַלע גרעניצן.

אויף די נטיה צו קערפּערלעכע תענוגים, וואָס איך האָב אין מיר ביז אַהער מיט געוואַלד געשטיקט, האָט גענומען פאַ־דערן אירע רעכט. און אָט איז די ערשטע סיבה, וואָס האָט אויפגעוועקט די תאוות פון זייער דרעמל: שוין זיבט אַ סך יאָרן האָט עס אייניקע יונגעלייט, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט לערערײַ, אָפּגעגאָלטן צו באַקומען אַ צוטריט אין די הייזער פון די פאַר־נעמסטע און רייכסטע לייט פון דער יידישער קהילה אין בער־לין; און היות דידאָזיקע לערער האָבן זיך אָפּגעגעבן דער־עיקר מיטן לימוד פון דער פראַנצויזישער שפּראַך (וואָס האָט זיך אין יענע צייטן גערעכנט פאַר דער העכסטער מדרגה פון השכלה), מיט געאָגראַפיע, חשבון, בוכהאַלטעריע וכדומה, דערצו זיך נאָך באַקענט מיט אייניקע אויסדריקן און טונקל־איבערגעגעבענע אויספירן פון די פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן און פילאָסאָפישע סיסטע־מען און זיך דערוואָרבן אַ געשיקטקייט און אַ גלאַט צינגל אין אומגאַנג מיטן שיינעם מין, — זיינען זיי באַליבט געוואָרן אין דידאָזיקע הייזער און מ'האָט זיי געהאַלטן פאַר געראָטענע לייט. און אַזוי ווי דידאָזיקע יונגעלייט האָבן באַמערקט, אַז מיין שם

ווערט אַלץ גרעסער און אַז די אַכטונג צו מיינע קענטענישן און כשרונות איז אַוועק אַזוי ווייט, אַז זי איז עלול אינגאַנצן צו פאַרטונקלען זיי, — די איינגעבירגערטע משכּילים, — האָבן זיי גענומען זוכן און צוטראַכטן דיפּלאָמאַטישע סטראַטעגיעס, ווי אויסצומיידן אַזאַ גורל.

זיי האָבן באַשלאָסן מיך אַריינצוציען אין זייער געזעלשאַפט, אַרויסצווייזן מיר אַלע מעגלעכע פריינדשאַפטלעכקייטן און טאָן מיר כּל המינים טובות. דערמיט האָבן זיי געהאָפט צו דערגרייכן דריי צוועקן: ראשית, דורך זייער אומגאַנג מיט מיר וועלן זיי ציען אויף זיך אַ טייל פון דעם כּבוד, וואָס ווערט מיר אַרויסגעוויזן; שנית, אין מיין געזעלשאַפט וועלן זיי האָבן די מעגלעכקייט צו באַרייכערן זייערע ידיעות מיט יענע רעאַלע קענטענישן און וויסנשאַפטן, וואָס זיי האָבן ביז אַהער געהערט בלויז זייערע נעמען, ווייל זיי זיינען געווען זיכער אין מיין תּמימות און אין מיין ליבשאַפט צו פאַרשפּרייטן וויסנשאַפטן; והשלישית, היות זיי האָבן גוט געוואוסט מיין ענטוזיאַזם פאַר אַלץ, וואָס איך האָב איינמאָל אָנערקענט פאַר גוט, האָבן זיי געגלויבט, אַז מיט דער פאַרסמטער צוקערקע פון קערפּערלעכע תּענוגים וועלן זיי מיך פאַרשיכּורן און אייניקערמאַסן אָפּשוואַכן דעם פייער פון מיין תּשוקה צו וויסנשאַפטן, און דאָס וועט גורם-זיין, מיינע פריינד זאָלן זיך אָפּקערן פון מיר, — מיינע פריינד, וואָס צוליב זיי האָבן עס די משכּילים — די לערער געבערענט אויף מיר מיט אַזאַ פייער פון קנאה און האַס.

און זיי האָבן זייער טייוולאָנישן פּלאַן דורכגעפירט.

זיי האָבן מיך איינגעלאַדן אין זייער געזעלשאַפט, מיך מקבל פּנים געווען מיט פריינדשאַפט און מיט הויכאַכטונג און געבעטן מיך אָנטאָן זיי דעם כּבוד און אומגיין און אונטערהאַלטן זיך מיט זיי. איך האָב פון זייערע כּוונות קיין אָנונג ניט געהאַט און ניט געקאָנט חושד זיין קיין שום שלעכטס, — האָב איך מיט פרייד אָנגענומען זייער פאָרשלאָג, בפרט נאָך ווייל איך האָב געהאַלטן מענדלזאָנען און די אַנדערע פריינד מיינע פאַר צו הויך פאַר מיר, איך זאָל וואַגן צו באַזוכן זיי יעדן טאָג. דעריבער

האָב איך מיך זייער געפרייט, וואָס איך האָב מיר געפונען פריינד פון מיטעלן קלאַס, מיט וועמען איך וועל קאָנען אומגיין אָן שום עטיקעט און געניסן די אָנגענעמלעכקייטן פון חברותהדיקן לעבן אָן שום שטער.

מיינע נייע פריינד האָבן מיך געפירט אין לוסטיקע געזעלשאַפטן, אין טראַקטירן, אויף פריילעכע שפּאַצירגענג און צולעצט אויך אין... און דאָס אַלץ אויף זייערע הוצאות. איך פון מיין זייט האָב אין די מאָמענטן פון פריילעכער שטימונג אויפגעדעקט פאַר זיי אַלע סודות פון פילאָסאָפיע, אַנאַליזירט פאַר זיי אַלע משונהדיקע סיסטעמען און אַריינגעטראָגן תיקונים אין זייערע באַגריפן און ידיעות וועגן פאַרשיידענע געגנשטאַנדן פון מענטשלעכער דערקענטעניש.

אָבער היות אַזעלכע ענינים לאָזן זיך ניט אַריינשלאָגן אין קאָפּ און דידאָזיקע דזשענטלמענס האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין באַזונדערע פעיקייטן צו באַנעמען אַזאַ טיפע תורה, האָבן זיי ביי אַזאַ אופן פון אונטעררײכט ניט געקאָנט אויפטאָן קיין גרויסע פעולות. אַז איך האָב דאָס באַמערקט, האָב איך אָנגעהויבן אַרויסווייזן זיי געוויסע צייכנס פון פאַראַכטונג און האָב גאָרניט געלייקנט, אַז איך קום אין זייער געזעלשאַפט דער־עיקר צוליב די גוטע שפּייזן, דעם וויין און די אַנדערע תענוגים, וואָס זיי פאַרשאַפן מיר. דידאָזיקע אָפענע רייד זיינען זיי גאָרניט געפעלן געוואָרן, און אַז זיי האָבן דערזען, אַז זיי האָבן זייער צוועק ניט איבגאַנצן דערגרייכט, האָבן זיי געזוכט צו דערגרייכן לכל־הפחות אַ טייל פון אים.

זיי האָבן גענומען איבערגעבן מיינע דערהייבענע פריינד וועגן מיינע קלענסטע שריט און וועגן אַלע מיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען: אַז איך האַלט, למשל, מענדלזאָנען פאַר אַ פילאָסאָפישן צבוע און אייניקע אַנדערע פון מיינע פריינד—פאַר אויבערפלעכלעכע קעפּ; אַז איך זוך צו פאַרשפּרייטן אין עולם געפערלעכע פילאָסאָפישע שיטות און אַז איך בין זייער איבערגעגעבן דעם עפּיקורעיזם[1])

[1]) עפּיקורעיזם ווערט דאָ פאַרשטאַנען אין זין פון קערפּערלעכע תענוגים, פון נאָכגעבן די גראָבע תאוות. דער איבערז.

(פונקט ווי זיי וואָלטן געווען עכטע סטאָיקער). זיי האָבן אַפילו אָנגעהויבן אַרויסווייזן מיר זייער שנאה עפנטלעך. מיט דידאַזיקע אַלע מעשים האָבן זיי דערגרייכט זייער ציל.

דערצו איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס מיינע פריינד האָבן באַמערקט, אַז אין מיין שטודיום האָב איך קיין שום פעסטן פּלאַן ניט, נייערט איך שפּרינג פון ענין צו ענין לויט מיין נייגונג און שטימונג. זיי האָבן מיר געעצהט צו שטו־דירן מעדיצין, אָבער זיי איז ניט געלונגען צו איבערצייגן מיך דערין.

איך האָב באַמערקט, אַז די טעאָריע פון מעדיצין האָט זיך גענומען צו הילף אַ סך צווייגן פון פאַרשיידענע וויסנשאַפטן, וואָס יעדערע פון זיי פּאָדערט, דער מענטש זאָל זיך מיט איר אָפּגעבן דאָס גאַנצע לעבן, און אַז פאַר דער מעדיציניש׳ער פּראַק־טיק פּאָדערט זיך אַ באַזונדערער באַרוף און פעיקייט פון אַנאַ־ליז, וואָס טרעפן זיך זעלטן צוזאַמען ביי איין מענטשן. איך האָב אויך באַמערקט, אַז ס׳רוב מעדיצינער נוצן אויס די אומ־וויסנקייט פון עולם, אַז לויטן איינגעפירטן מנהג פאַר־ברענגען זיי אייניקע יאָר אין די אוניווערסיטעטן, וואו זיי האָבן אַפילו די געלעגנהייט צו באַזוכן אַלע לעקציעס, אָבער זיי טוען עס זייער זעלטן, און צולעצט פאַר געלט און גוטע ווערטער קויפן זיי זיך אַ דיסערטאַציע און אויף אַזאַ לייכטן אופן זיינען זיי זוכה צו באַקומען דעם טיטל „דאָקטאָר״.

איך האָב, ווי שוין איינמאָל דערמאָנט, געהאַט אַ נטיה צו מאָלעריי. אָבער מ׳האָט מיך אָפּגערעדט דערפון, ווייל איך בין שוין געווען אַריין אין יאָרן און איך וואָלט דעריבער ניט געהאַט די געדולד צו די קליינלעכע איבונגען, וואָס פּאָדערן זיך צו דער דאָזיקער קונסט.

צום סוף האָט מען מיר געראַטן צו שטודירן פאַרמאַציע, און אַזוי ווי איך האָב שוין געהאַט אייניקע ידיעות אין פיזיק און אין כעמיע, האָב איך מסכים געווען דערויף. מיין כוונה איז אָבער ניט געווען צו מאַכן פון דער דאָזיקער וויסנשאַפט אַ פּראַקטישן געברויך, נייערט בלויז צו דערווערבן

ממשותדיקע טעאָרעטישע קענטעניש ן. דעריבער, אָנשטאָט אַליין צוצולייגן אַ האַנט, אָנשטאָט אַליין צו־מאַכן די נייטיקע כעמישע פאַרבינדונגען און אַנאַליזן, בין איך געווען בלויז אַ צושויער ביי וויכטיקע כעמישע פּראָצעסן, וואָס אַנדערע האָבן דורכגעפירט.

איך האָב אויף אַזאַ אופן אויסגעלערנט די אַפּטייקער־קונסט, אָבער איך בין ניט געווען אין שטאַנד צו באַנוצן זיך מיט איר אין דער פּראַקטיק.

נאָכן פאַרלויף פון דער דריי־יעריקער לערנצייט האָט הער י. ד. באַצאָלט דער מאַדאַם ראָזען, וואָס אין איר אַפּטייק האָב איך עס געלערנט, די אָפּגעמאַכטע 60 טאָלער פּינקטלעך. איך האָב באַקומען אַן אַטעסטאַט, אַז איך האָב אויסגעשטודירט די אַפּטייקער־קונסט בשלימות — און דערמיט האָט זיך אַלץ גע־ענדיקט.

דאָס האָט אויך ניט ווייניק מיטגעווירקט, מיינע פריינד זאָלן זיך אָפּקערן פון מיר.

צום סוף האָט מענדלזאָן מיך געלאָזט רופן צו זיך, האָט מיך אָפּגעפירט אָן אַ זייט, מיר געמאָלדן, אַז מיינע פריינד האָבן זיך אָפּגעקערט פון מיר, און אָנגעוויזן מיר די סיבות דער־פון: 1) ווייל איך האָב זיך גאָרניט צונויפגעשטעלט קיין פּלאַן פון לעבן און האָב פּרוכטלאָז געמאַכט אַלע באַמיִונגען פון מיי־נע פריינד; 2) ווייל איך זוך צו פאַרשפּרייטן שעדלעכע מיינונ־גען און געפערלעכע פילאָסאָפישע סיסטעמען; 3) ווייל עס גייען קלאַנגען, אַז איך פיר זייער אַ פרייען שטייגער לעבן און אַז איך גיב זיך זייער אָפּ צו קערפּערלעכע פאַרגעניגנס.

אויף דער ערשטער באַשולדיקונג האָב איך געענט־פערט, אַז גלייך פון אָנהייב האָב איך געמאָלדן מיינע פריינד, אַז מחמת מיין משונהדיקער דערציִונג האָב איך קיין נטיה ניט און איך טויג ניט צו קיין שום געשעפטן און אַז איך בין גע־נייגט בלויז צו אַ רויִקן ספּעקולאַטיוון (התסתכלותדיקן, אָבסערווירנדיקן) לעבן אָן שום ציל, און גראָד אָט דער שטייגער לעבן, וואָס באַפרידיקט מיין נאַטירלעכע נטיה, קאָן אויך מיר

דינען (דורך לערעריי וכּדומה) פאַר אַ מיטל פון פּרנסה. — און וואָס איז שייך דער **צווייטער** טענה, האָב איך ווייטער גע־רעדט, איז ממה־נפשך: זיינען די מיינונגען און סיסטעמען, וואָס וואָס איך פאַרשפּרייט, אמת, דאַן ווייס איך ניט, ווי קאָן דאָס די דערקענטעניש פון אמת שעדלעך זיין; זיינען זיי אָבער פאַלש, דאַן זאָל מען קעגן זיי אַרויסטרעטן און דערוויזן זייער שקר. און חוץ דעם האָב איך מיינע מיינונגען און סיסטעמען אַרויסגעזאָגט נאָר פאַר אַ, ב, ג, ד, וואָס האַלטן זיך פאַר אויפגעקלערטע און העכער פון אַלע פאָראורטיילן. אין דער אמתן באַוואָפנט אָט די הערן קעגן מיר ניט די שעדלעכקייט פון מיינע מיינונגען, נייערט די אומפעיקייט זייערע זיי צו באַנעמען און דער אומווילן זיך מודה צו זיין מיט עניוות אין מיין אמת. — וואָס איז אָבער שייך דער **דריטער** טענה, זאָג איך אייך, הער מענדלזאָן, גאַנץ אָפן, אַז מיר זיינען **אַלע עפּיקורער**, מיר אַלע יאָגן זיך נאָך וואוילטאָגן. די מאָראַליסטן קענען אונז בלויז פאָר־שרייבן די **כּללים פון דער חכמה**, ד. ה. דעם **געברויך פון די מיטלען צו דערגרייכן די געגעבענע צוועקן**, אָבער ניט די צוועקן גופא. — איך זע אָבער, האָב איך ווייטער געזאָגט, אַז איך מוז אַוועקגיין פון בערלין, — וואו־הין? גאַנץ עגאַל!

און דערמיט האָב איך מיך געזעגנט מיט מענדלזאָנען. ער האָט מיר מיטגעגעבן זייער אַן אויסגעצייכנטע צייגעניש וועגן מיי־נע כּשרונות און טאַלענטן און מיר צוגעוואונטשן אַ גליקלעכן וועג.

איך האָב מיך געזעגנט אויך מיט מיינע איבעריקע פריינד און האָב זיי באַדאַנקט אין זייער קורצע, נאָר אויסדריקלעכע ווערטער פאַר גאָר דאָס גוטס, וואָס זיי האָבן מיר געטאָן.

איינעם פון מיינע פריינד איז ניט געפעלן געוואָרן, וואָס ביי מיין אָפּשייד פון אים האָב איך מיך אויסגעדריקט זייער קורץ: „פאַרבלייבט געזונט, טייערסטער פריינד! איך באַדאַנק אייך פאַר אַלדאָס גוטס, וואָס איר האָט מיר געטאָן". דער דאָזי־קער פריינד מיינער איז בכלל געווען אַ פאָרטרעפלעכער, אָבער

פּראָזאַיש־פּאָטעטישער מאַן, און אים איז אויסגעקומען, אַז דער דאָזיקער נוסח איז צו קורץ און צו טרוקן פאַר דער גאַנצער פריינדשאַפט, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעוויזן. דעריבער האָט ער מיר געזאָגט מיט אַ מערקלעכן פאָרוואורף:

— איז דאָס אַלץ, וואָס איר האָט געלערנט אין בערלין?

איך האָב אים אָבער גאָרנישט געענטפערט, און בין אַוועקגעגאַנגען. איך האָב מיך פאַרשריבן אויף דער האַמבורגער פּאָסט און בין אָפּגעפאָרן אַהין. מיין פריינד ש. ל. האָט מיר מיטגעגעבן רעקאָמענדאַציע־בריוו צו איינעם פון זיינע האַמבורגער קאָרעספּאָנדענטן.

אַז איך בין געקומען קיין האַמבורג, בין איך אַוועק צו דעם דערמאָנטן סוחר און איבערגעגעבן אים דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו. ער האָט מיך גוט אויפגענומען און מיר פאָרגעלייגט צו עסן ביי אים די גאַנצע צייט, וואָס איך וועל פאַרברענגען אין האַמבורג. היות אָבער דער דאָזיקער מאַן האָט ניט פאַרשטאַנען קיין אַנדער זאַך, אויסער קלייבן געלט, און צו קענטעניישן און וויסנשאַפטן האָט ער ניט געהאַט קיין באַזונדערע נטיה, האָט ער מיך אויפגענומען בלויז צוליב דער רעקאָמענדאַציע, ווייל ער האָט געמוזט טאָן אַ נחת־רוח זיין געשעפטס־פריינד אין בערלין. באַלד ווי ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז אין מסחר פאַרשטיי איך גאָרנישט, און אויסערדעם האָב איך מיט מיין פיגור און מיט מיינע געננג אים אויך ניט געקאָנט זיין קיין צירונג פאַר זיין הויז, האָט ער געטראַכט בלויז, ווי מעגלעך גיכער פון מיר פטור צו ווערן, און האָט צום סוף געפרעגט, וואוהין ווייטער איך האָב בדעה צו פאָרן פון האַמבורג. אַז איך האָב אים געענטפערט, אַז קיין האָלאַנד, האָט ער מיר געגעבן אַ גוטע עצה צו פאַרגיכערן מיין רייזע, ווייל איצט איז די בעסטע צייט צו פאָרן.

האָב איך מיר געדונגען אַן אָרט אויף אַ האַמבורגער שיף, וואָס גייט אָפּ קיין האָלאַנד. אָבער די שיף איז אָפּגעגאַנגען ערשט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום. מיינע מיטרייזער זיינען געווען אַ פּאָר פריזירער־געזעלן, אַ שניידער־געזעלן און אַ שוסטער־געזעלן,

וואָס האָבן זיך לוסטיק געמאַכט דעם גאַנצן וועג, אַ סך גע־טרונקען און געזונגען כּלערליי לידער. איך האָב אָבער ניט גע־קאָנט נעמען קיין אָנטייל אין זייער געזעלשאַפט, אַגב האָבן זיי קוים פאַרשטאַנען מיין שפּראַך, און זיי האָבן דעריבער ניט אויפ־געהערט חוזק צו מאַכן פון מיר אויף כּלערליי אופנים. איך האָב אָבער אַלץ פאַרטראָגן מיט געדולד.

די שיף איז געגאַנגען בשלום אויף דער עלבע און איז געקומען ביז אַ קליינעם דאָרף ביים אויספלוס פון דער עלבע אינם צפונדיקן ים אַריין, אייניקע מייל פון האַמבורג. דאָ זיינען מיר געווען געצוואונגען צו פאַרבלייבן אַן ערך זעקס וואָכן, ווייל דער וועטער האָט זיך געענדערט לרעה און איבער די שטורעמ־דיקע קעגנווינטן האָט די שיף ניט געקאָנט אַרויס אין ים. די שיפסלייט און די פּאַסאַזשירן פלעגן גיין אין שענק און פלעגן גאַנצענע טעג פאַרברענגען אין טרינקען און אין שפּילן; מיר איז אָבער די צייט געווען שרעקלעך לאַנג, און דערצו בין איך נאָך געווען אַזוי קראַנק, אַז איך האָב זיך שוין געהאַט מייאש געווען צוריק געזונט צו ווערן.

צום סוף האָט אַ בלאָז געטאָן אַ גוטער ווינט, די שיף איז אַרויס אין ים, און אויפן דריטן טאָג נאָך אונזער אָפּפאָר זיינען מיר געווען אין אַמסטערדאַמער האַפן.

צו אונזער שיף איז צוגעשוואומען אַ קליין שיפל אָפּצופירן די פּאַסאַזשירן אין שטאָט אַריין. איך האָב תּחילת ניט געוואָלט אָנטרויען זיך דעם האָלענדער באָטסמאַן[1], מחמת מורא אַריינצו־פאַלן אין די הענט פון שקלאַפנהענדלער, וואָס וועגן זיי האָט מען מיך געוואָרנט אין האַמבורג, און בלויז נאָכדעם ווי דער האַמבורגער שיפסקאַפּיטאַן האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער קען דעם דאָזיקן באָטסמאַן גענוי פאַר אַן אָרנטלעכן מאַן און אַז איך קאָן מיך אים אָנטרויען אָן שום קווענקלעניש, האָב איך גובר געווען מיין פּחד און בין אַריין אין שיפל.

באַלד בין איך אָנגעקומען אין שטאָט. איך האָב אָבער דאָ

---

[1]) באָטסמאַן — שיפער. דער איבערז.

ביט געהאַט קיין שום באַקאַנטשאַפט, בין איך אַוועקגעפאָרן אין דער נאָענטער שטאָט גראָפּעןהאַגן, וואו מיינער אַ באַקאַנ-טער פון בערלין איז געווען הויז-לערער ביי איינעם פון די נכבדים פון דער יידישער קהילה.

דאָ האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אין דער אַכסניא פון אַן אָרעמער יידישער פרוי. אָבער איידער איך האָב נאָך באַוויזן כאָטש עטוואָס אָפּצורוען זיך פון מיין נסיעה, איז אַריין אַ הוי-כער דאַרער מאַן, אין שמוציקע מלבושים, מיט אַ קורצן פייף אין מויל, און האָט גענומען ריידן מיט דערווירטין פונם הויז, מיך לגמרי ניט באַמערקנדיק. צום סוף האָט זי געזאָגט צו אים:

— הער ה.! דאָ איז דאָ אַן אורח, וואָס איז געקומען פון בערלין. רעדט זיך דורך מיט אים.

ה. האָט זיך דאַן געווענדט צו מיר און געפרעגט מיך, ווער איך בין און וואָס האָב איך אין האָלאַנד פאַר אַ גע-שעפטן?

כּפי מיין געוויינלעכע איינגעבאָרענע אָפנהאַרציקייט און ליבשאַפט צום אמת, האָב איך אים דערציילט, אַז איך בין אַ געבירטיקער פון פוילן און מחמת ליבשאַפט צו וויסנשאַפטן האָב איך פאַרבראַכט איייניקע יאָר אין בערלין, נאָר איצט בין איך געקומען קיין האָלאַנד זוכן אַ לערערשע קאָנדיציע.

אַז דער דאָזיקער ה. האָט דערהערט, אַז איך בין אַ געשטו-דירטער מאַן, האָט ער אָנגעהויבן מיט מיר צו ריידן וועגן פאַר-שיידענע ענינים פון פילאָסאָפיע און בפרט פון מאַטעמאַטיק, וואָס ער האָט אַ סך געלערנט. ער האָט אין מיר געפונען אַ מענטשן נאָך זיין האַרצן נאָך, און מיר האָבן גלייך געשלאָסן פריינד-שאַפט.

נאָכדעם בין איך אַוועק צום דערמאָנטן הויזלערער פון בערלין. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין הערן ווי אַ מענטשן מיט גרויסע כּשרונות, וואָס האָט אַרויסגערופן די באַוואונדערונג פון אַלע משכּילים אין בערלין, פונוואַנען איך האָב אויך מיטגע-בראַכט רעקאָמענדאַציע-בריוו.

שלמה מיימון 26.

דער דאָזיקער הער, וואָס האָט זייער געאַכט זיין הויזלע־דער און בכלל אַלץ, וואָס קומט פון בערלין, האָט מיך איינגע־לאַדן צו זיין טיש. היות אָבער מיין חיצוניות האָט ניט אַרויסגע־וויזן קיין באַזונדערע חשיבות, און דערצו בין איך נאָך גע־ווען פאַרמאַטערט און אָפּגעשוואַכט פון דער ים־רייזע און אינ־גאַנצן דערשלאָגן, בין איך ביים טיש געזעסן שווייגנדיק און פאַרשעמט, און דער הער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טראַכטן וועגן מיר. ער האָט אָבער, ווי געזאָגט, געהאַט גרויס צוטרוי צו מענדלזאָנס שריפטלעכער רעקאָמענדאַציע און צו דער מינדלע־כער רעקאָמענדאַציע פון זיין הויזלערער, האָט ער ניט אַרויס־געוויזן זיין פאַרוואונדערונג און האָט מיר פאַרגעלייגט צו עסן ביי זיין טיש די גאַנצע צייט, ווי לאַנג איך וועל פאַרברענגען אין זיין שטאָט.

אין אָוונט האָט ער איינגעלאַדן צו זיך זיינע שוואָגערס (די זין פון ה׳ ב., וואָס איז באַרימט מיט זיין עשירות און וואויל־טעטיקייט), זייער גרויסע לומדים, בכדי זיי זאָלן אָ נ ט אַ פּ ן מ יי ן ד פ ק. זיי האָבן זיך מיט מיר מפלפל געווען אין פאַרשיי־דענע ענינים פון ת ל מ ו ד און אַפילו פון ק ב ל ה. נאָכדעם ווי איך האָב זיי געוויזן מיין כוח אויף דידאָזיקע געביטן און האָב זיי אַפילו דערקלערט אַזוינע ערטער, וואָס זיי האָבן זיי געהאַלטן פאַר אומדערקלערבאַר, און פאַרענטפערט אַלע הארבע קשיות, האָבן די מענטשן מיך זייער באַוואונדערט און מיך אָנגענומען פאַר אַן „אדם גדול“.

עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, און דידאָזיקע באַ־וואונדערונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאַרקער שנאה, — און אָט וואָס עס א'ז געווען די סיבה דערפון: בשעת מיר האָבן געהאַלטן אין ריידן וועגן ק ב ל ה, האָבן זיי מיר דערציילט, אַז אין ל אָ נ ד אָ ן וואוינט שוין לאַנג אַ געטלעכער מאַן, וואָס קען טאָן וואונדער מיטן כוח פון קבלה. איך האָב אַרויסגעזאָגט וועגן דעם אייניקע ספקות; זיי האָבן אָבער פאַרזיכערט, אַז זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן אַליין געזען זיינע נפלאות, בעת ער איז איינמאָל דורכגעפאָרן גראַפּענהאַגען. דערויף האָב איך זיי

בעענטפערט ווי אַ פילאָסאָף, אַז איך צווייפל ניט אינם אמת פון זייער דערציילונג, אָבער עס איז מעגלעך, אַז זיי אַליין האָבן ניט ווי געהעריק נאָכגעקוקט און חוקר ודורש געווען די זאַך און זייערע אָבערגלויבנס האָבן זיי פאַרפירט אַרויסצוגעבן די פרוכט פונם כוח הדמיון פאַר ווירקלעכע פאַקטן, און אַז איך מוז צווייפּלען אין דער ווירקונג פון קבלה, ביז מען וועט מיר דערווייזן, אַז דידאָזיקע ווירקונג קען ניט דערקלערט ווערן לויט די באַוואוסטע געזעצן פון דער נאַטור. זיי האָבן אָבער דידאָזיקע דערקלערונג אָנגענומען פאַר כפירה.

נאָכן עסן האָט מען מיר דערלאַנגט אַ בעכער מיט וויין, בכדי צו בענטשן, ווי דער מנהג איז, ברכת המזון. איך האָב מיך אָבער אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיקן כבוד און דערקלערט, אַז איך זאָג מיך אָפּ ניט מחמת איך שעם מיך פאַר אַ גרויסן עולם, ווייל איך בין געווען אַ רב אין פוילן און האָב זייער אָפט געהאַלטן וויכּוחים און דרשות פאַר אַ גרויסן עולם, אַז איך בין אַפילו איצט גרייט טעגלעך צו דרשענען פאַרן עולם. בלויז די ליבשאַפט צום אמת און דאָס ניט וועלן זיין אין אַ סתירה מיט זיך אַליין מאַכט מיר אוממעגלעך דאָס צו טאָן, ווייל לויט מיין מיינונג זיינען אַלע ברכות אַ פועל־יוצא פון דער אַנטראָפּאָמאָרפיסטישער שיטה.

דאָ זיינען זיי אינגאַנצן אַרויס פון געדולד, האָבן מיך געזידלט און גערופן „פאַרשאָלטענער אַפּיקורס”, און האָבן פאַרזיכערט, אַז עס איז אַ גרויסער חטא מיך צו האַלטן אין אַ יידישן הויז.

דער באַלעבאָס פון הויז, וואָס איז געווען אַן אויפגעקלערטער משכּיל, כאָטש ניט קיין פילאָסאָף, האָט וויינציק־וואָס געאַכט אויף זייערע רייד: ער האָט זיך מער אינטערעסירט מיט מיינע קליינע כשרונות און ידיעות, ווי מיט מיין פרומקייט. די געסט זיינען תיכּף נאָכן אָוונטברויט אַוועק פון שוואָגערס הויז אינגאַנצן אויפגעבראַכט. אַלע זייערע נאָכדעם אָנגעווענדטע באַמיִונגען מיך צו דערווייטערן פון זייער שוואָגערס הויז — זיינען געווען אומזיסט.

איך בין ביי אים פאַרבליבן אומגעפער ניין חדשים. האָב געלעבט אינגאַנצן פריי, כאָטש צוריקגעצויגן, אָן שום באַשעפ־טיקונג און אָן פאַרברענגען מיט געלערנטע מענטשן.

איך קען דאָ ניט פאַרבייגיין מיט שווייגן אַ געשעעניש, זייער אַ מערקווירדיקע אין פסיכאָלאָגישן און מאָראַלישן הינזיכט.

אַזוי ווי אין האָלאַנד האָב איך ניט געהאַט קיין מאַנגל אין קיין שום זאַך, אויסער אין אַ באַשעפטיקונג, וואָס זאָל אַנט־שפּרעכן מיינע כוחות, איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אויף מיר איז אַרויף אַ מרה־שחורה. מיר איז נמאס געוואָרן מיין לעבן, און ס׳האָט מיך גענומען פייניקן אַ געדאַנק צו מאַכן אַ סוף צו מיין לעבן, וואָס איז מיר געוואָרן צו לאַסט. אָבער ווי עס פלעגט נאָר דערגיין צום אויספירן די זאַך, פלעגט די ליבשאַפט צום לעבן אַלעמאָל צוריק נעמען די אויבערהאַנט.

איינמאָל, פורים, האָב איך, לויטן יידישן מנהג, מיך שטאַרק אָנגעשיכורט אין הויז פון מיין ברויטגעבער. נאָכן ענ־דיקן די סעודה, אַרום האַלבער נאַכט, בין איך אַוועקגעגאַנ־גען אין מיין וואוינונג. און היות אין האָלאַנד, ווי באַקאַנט, זיי־נען אומעטום דורכגעפירט וואַסער־קאַנאַלן און איך האָב גע־דאַרפט אַריבערגיין אַזאַ קאַנאַל, — איז מיר איצט אויסגעקומען זייער באַקוועם אויסצופירן דעם שוין לאַנג פאַרטראַכטן פּלאַן. איך האָב ביי זיך אַליין געטראַכט:

„מיין לעבן איז מיר צו לאַסט. איך לייד, אמת, איצטער ניט קיין נויט, אָבער וואָס וועט זיין מיין סוף? און מיט וואָס וועל איך דערהאַלטן מיין לעבן, ווען איך בין אַ לא־יוצלח אויף דער וועלט? שוין אַ סך מאָל האָב איך נאָך אַ קאַלטער איבער־לייגונג באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף צו אים, — און בלויז מיין פּחדנות האָט מיך ביז אַהער דערפון אָפּגעהאַלטן. איצטער אָבער, ווען איך בין אַזוי כדבעי שיכור און איך שטיי אויפן ראַנד פון אַזאַ טיפן גראָבן, קאָן דאָס געשען אָן שום מניעות אין איין אויגנבליק״.

איך האָב שוין געהאַט אַריבערגעבויגן מיין קערפּער איבער דעם קאַנאַל, בכדי אַהין אַריינצוּוואַרפן זיך, אָבער בלויז דער

אויבערשטער טייל פונם קערפּער האָט געפאָלגט דעם באַפעל פון מיין נשמה, ווייל ער האָט זיך פאַרלאָזן אויפן אונטערשטן טייל, אַז ער וועט געוויס ניט דורכפירן מיין פּלאַן. אַזוי בין איך גע-שטאַנען אַ לאַנגע צייט מיט אַ האַלבן גוף אַריבערגעבויגן אי-בערן וואַסער; מיינע פיס אָבער האָבן זיך פאַרזיכטיק געקלאַ-מערט אין דער ערד, אַזוי אַז מ'האָט געקאָנט מיינען, אַז איך פאַרנייג מיך בלויז בנימוס פאַרן וואַסער און זאָג אים קאָמפּלי-מענטן. אָט דאָס אָפּשלעפּן האָט צונישט געמאַכט מיין גאַנצן פּלאַן.

איך בין ביי מיר אין די אויגן געוואָרן ווי אַ מענטש, וואָס דאַרף נעמען רפואות, און אַזוי ווי ער האָט ניט גענוג מוט דער-צו, נעמט ער זיי אַ סך מאָל צום מויל און רוקט זיי אָפּ צוריק. צום סוף האָב איך מיך איבער זיך אַליין צעלאַכט, ווייל איך האָב באַגריפן, אַז די גאַנצע סיבה, וואָס האָט מיך באַוואויגן צו זעלבסטמאָרד, איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די ווירקלעכע מותרות אין הווה און דער איינגעבילדעטער מאַנגל אין עתיד[1]. בכן האָב איך איצט רעזיגנירט פון מיין

[1]) מיר שיינט, אַז וואָס ווייניקער, קלענער אָדער אומזיכערער עס ווערן די מיטלען צום לעבן, אַלץ שטאַרקער (און ניט, פאַרקערט, שוואַכער) ווערט די ליבע צום לעבן אָדער דער טריב עס צו דערהאַלטן, דען די דחקות באַוועגט דעם מענטשן צו אַלץ אַ גרעסערער טעטיקייט, און דערמיט גופא ווערט אַלץ מער אַנטוויקלט אַ גרעסערער לעבנסגעפיל. דאָס איז אָבער גערעדט, ווען די דחקות דערגרייכט ניט איר מאַקסימום, דען יעמאָלט איז דער נויטווענ-דיקער פּועל-יוצא דערפון — פאַרצווייפלונג, ד. ה. די פאָרשטעלונג פון דער אוממעגלעכקייט צו דערהאַלטן דעם לעבן, און ממילא אויך אַ כאַר-לאַנג צו מאַכן צו אים אַ סוף. אַזוי ווערט אויך אַלץ מער פאַרשטאַרקט יעדע ליידנשאַפט, וואָס מער עס מערן זיך די מניעות, וואָס שטעלן זיך אין וועג צו איר באַפרידיקונג, און עס פאַרגרעסערט זיך אויך דער לעבנסטריב; אָבער די-דאָזיקע מניעות טאָרן ניט אוממעגלעך מאַכן די באַפרידיקונג פון דער ליידנשאַפט, ווייל יעמאָלט קומט דער יאוש.

הערה פון מחבר.

פלאַן, געמאַכט אַ סוף צו דער טראַגיקאָמישער סצענע און בין אַוועק צו זיך אין וואוינונג.

דאָ מוז איך דערמאָנען נאָך אַ קאָמישע סצענע. אין גראַפענהאַאַג האָט יעמאָלט געוואוינט אַ פרוי פון אַ יאָר פינף און פערציק, וואָס האָט געשיינט אין איר יוגנט צו זיין זייער אַ שיינע און האָט זיך באַשעפטיקט מיט לעקציעס פון דער פראַנצויזישער שפראַך. איינמאָל האָט זי מיך באַזוכט אין מיין וואוינונג, האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט און האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע תשוקה צו וויסנשאַפטלעכע געשפּרעכן; צוליב דעם האָט זי מיך פאַרזיכערט, אַז זי וועט מיך עפטער באַזוכן אין מיין וואוינונג, און האָט מיך געבעטן באַערן זי אויך מיט מיינע וויזיטן.

איך האָב דעם דאָזיקן פאָרשלאָג אָנגענומען מיט גרויס פאַרגעניגן און האָב זי אייניקע מאָל באַזוכט. דורך דעם זיינען אונזערע באַציִונגען געוואָרן זייער פריינדשאַפטלעכע. מיר האָבן זיך געוויינלעך אונטערהאַלטן אין ענינים פון פילאָסאָפיע, שיינע קונסטן וכדומה. אַזוי ווי איך האָב יעמאָלט נאָך געלעבט אין צו־שטאַנד פון אַ מאַן פון אַ ווייב און דערצו האָב איך אין דער דאָזיקער מאַדאַם ניט געפונען פאַר זיך קיין שום אינטערעס, אויסער איר באַגייסטערטער תשוקה צו וויסנשאַפטן, — בכן האָב איך דאָ ניט געהאַט אין זינען קיין שום זאַך, אויסער דער בלויזער אונ־טערהאַלטונג. די דאַמע אָבער, וואָס איז שוין לאַנג געווען אַן אַלמנה און וואָס האָט, לויט אירע רייד, דערשפּירט צו מיר אַ נייגונג, האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן דאָס דורך בליקן און ווער־טער אויף אַן עכט ראָמאַנטישן אופן, וואָס איז מיר אויסגעקומען זייער קאָמיש. איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט גלויבן, אַ פרוי זאָל זיך קענען ערנסט אין מיר פאַרליבן. האָב איך דעריבער געהאַלטן די צייכנס פון איר ליבע פאַר בלויזע גרימאַסן און אַפעקטאַציע. זי אָבער, פאַרקערט, האָט וואָס ווייטער אַרויסגע־וויזן אַלץ מער ערנסט, פלעגט ניט זעלטן אין מיטן אַן ערנסטער אונטערהאַלטונג ווערן מיט אַמאָל פאַרטראַכט און צעגיסן זיך אין טרערן.

איינמאָל איז אונזער וויסנשאַפטלעכער געשפּרעך אַריבער אויפן ענין ליבע. איך האָב אָפנהאַרציק מיך אַרויסגעזאָגט, אַז איך קאָן ליבן אַ פרויענצימער בלויז צוליב אירע מעלות אַלס פרויענצימער (שיינקייט, חן, אָנגענעמלעכקייט וכדומה), אָבער אַלע אַנדערע מעלות, וואָס אַ פרוי קאָן באַזיצן, ווי למשל, טאַלענטן, געלערנטקייט א. אַז. וו., רופן אַרויס ביי מיר בלויז געפילן פון אַכטונג צו דער פרוי, אָבער באין אופן ניט קיין ליבע. די דאַמע האָט זיך באמת צונישט מאַכן דידאָזיקע מיינונג מיינע מיט טעאָרעטישע און לאָגישע באַווייזן און מיט ביישפּילן פון דערפאַרונג, באַזונדערס פון פראַנצויזישע ראָמאַנען. איך האָב מיך אָבער ניט אַזוי לייכט אונטערגעגעבן, און אַז זי האָט אָנגעהויבן אויף אַן אויסערגעוויינלעכן אופן מאַכן אירע גרי־מאַסן, האָב איך מיך אויפגעהויבן און גענומען זיך געזעגענען מיט איר. זי האָט מיך באַגלייט ביז דער טיר, מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט און ניט געוואָלט אַרויסלאָזן.

— וואָס איז מיט אייך, מאַדאַם? — האָב איך זי געפרעגט מיט אַ הארטן טאָן.

און זי האָט מיר געענטפערט מיט אַ ציטערדיקער שטים און מיט טרערן אין די אויגן:

— איך ליב אייך!

אַז איך האָב דערהערט דידאָזיקע לאַקאָנישע דערקלערונג אין ליבע, האָב איך מיך העפטיק פונאַנדערגעלאַכט, אַרויסגעריסן זיך פון איר און בין אַנטלאָפן.

די דאַמע האָט אָבער ניט געוועלט זיך טרייסטן, און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זי מיר צוגעשיקט דעם פאָלגנדיקן בריוו:

„מיין הער!

איך האָב אין אייך זייער אַ טעות געהאַט. איך האָב אייך געהאַלטן פאַר אַ מאַן מיט אַן איידעלער אַרט דענקען און מיט העכערע געפילן. אָבער ווי איך זע איצט, זייט איר אַן עכטער עפּיקורעער. איר זוכט בלויז פאַרגע־

ניגנס. אַ פּרויעגצימער קען אייך געפעלן בלויז צוליב איר־ שיינקייט. די מאַדאַם דאַסיע[1], למשל, וואָס האָט דורכגע־ שטודירט אַלע גריכישע און לאַטייגישע מחברים און האָט זיי איבערגעזעצט אויף איר מוטערשפּראַך און באַרייכערט מיט זייער אַ סך געלערנטע באַמערקונגען, — אָט דידאַקטיקע פּרוי וואָלט אייך ניט געקאָנט געפעלן ווערן. פאַרוואָס? ווייל זי איז ניט געווען קיין שיינע. שעמט זיך, מיין הער! אַזאַ אויפגע־ קלערטער מאַן בכלל — זאָל זיך האַלטן אָן אַזוינע פאַרדאָר־ בענע פּרינציפּן און אויב איר ווילט ניט חרטה האָבן, דאַן ציטערט פאַר דער נקמה פון באַליידיקטער ליבע.

איירע אאַז״וו״.

איך האָב איר געענטפערט מיט אַ בריוו בזה הלשון:

„מאַדאַם!

אַז איר האָט אַ טעות געהאַט, האָט געוויזן דער רע־ זולטאַט. איר זאָגט, אַז איך בין אַן עכטער עפּיקורע־ ער, — דערמיט טוט איר מיר אָן גרויס כבוד. דען פּונקט ווי איך פאַראַכט דעם נאָמען עפּיקורער בכלל, אַזוי בין איך, פאַרקערט, רעכט שטאָלץ מיטן טיטל עכטער עפּיקורער. אמת, אין אַ פּרויעגצימער געפעלט מיר בלויז שיינקייט. אָבער אַזוי ווי שיינקייט קאָן דערהייבן ווערן דורך אַנדערע טאַלענטן, דאַן מוזן אויך זיי מיר געפעלן ווערן ווי מיטלען צום הויפּט־צוועק ביי אַ פּרויענצימער. אין דער־ קעגנדיקן פאַל, קאָן איך פאַר די טאַלענטן די פרוי בלויז שעצן, אָבער בשום אופן ניט ליבן, — ווי איך האָב עס שוין דערקלערט אויך מינדלעך. די געלערנטקייט פון מאַדאַם דאַסיע רופט ביי מיר אַרויס דעם גרעסטן רעספּעקט. זי האָט זיך געקענט פאַרליבן, וויפיל איר האַרץ געלוסט, אין די גרי־

[1] מאַדאַם דאַסיע (1654—1720)—פּרוי פונם באַרימטן פראַנצוי־ זישן פילאָלאָג דאַסיע, באַרימטע העלעניסטין און לאַטיניסטין.
דער איבערז.

כישע גבורים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער באַלעגע־רונג פון טרויע, און דערוואַרטן, אַז זייערע נשמות, וואָס שוועבן שטענדיק אַרום איר, זאָלן איר ענטפערן מיט קעגנזייטיקער ליבע, — ווייטער אָבער נישט. וואָס איז שייך אייער נקמה, מאַדאַם, האָב איך פאַר איר קיין מורא ניט, ווייל די אַלץ צעשטערנדיקע צייט האָט צעבראָכן אייער געווער — די ציין און נעגל.

אייער..."

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער דאָזיקער משונהדיקער ראָמאַן.

איך האָב מיך איבערצייגט, אַז אין האָלאַנד האָב איך גאָרנישט וואָס צו טאָן, ווייל די הויפּט־שטרעבונג פון די האָלענ־דער יידן איז צו זאַמלען געלט און זיי ווייזן ניט אַרויס קיין באַזונדערע נטיה צו וויסנשאַפטן. דערצו האָב איך ניט געקענט די האָלענדישע שפּראַך, האָב איך דעריבער ניט געהאַט די מעג־לעכקייט צו געבן לעקציעס פון אַ וואָסער־ס'איז וויסנשאַפט. על־כן האָב איך באַשלאָסן אומצוקערן זיך צוריק דורך האַמבורג קיין בערלין. אָבער בינתים האָב איך באַקומען אַ געלעגנהייט צו פאָרן ביז האַנאָווער מיט דער יבשה.

אין האַנאָווער בין איך אַוועק צום גביר מ. (אַ מאַן, וואָס האָט אַליין ניט געהאַט קיין זכות צו געניסן פון זיין עשירות), האָב אים געוויזן דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו, וואָס מענדלזאָן האָט מיר געגעבן, און געשילדערט פאַר אים מיין איצטיקע טרויעריקע מאַטעריעלע לאַגע.

מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט דער גביר דורכגעלייענט דעם רעקאָמענדאַציע־בריוו פון איינעם אַ מענדלזאָן, האָט זיך געהייסן ברענגען טינט און פעדער און ניט ריידנדיק קיין וואָרט, האָט ער צוגעשריבן:

„אויך איך, מ., זאָג דערמיט עדות, אַז דאָס, וואָס הער מענדלזאָן שרייבט צום לויב פון ר' שלמה, איז הוילער אמת".

און דערמיט האָט ער מיך געלאָזן גיין.

---

# פערצנטער קאַפּיטל.

איך קום צוריק קיין האַמבורג. אַ לוטעראַנישער פּאַסטאָר דערקלערט מיך פאַר אַ שמוציקע שאָף, וואָס איז ניט ווערט אָנגענומען צו ווערן אין דער קריסטלעכער טשערעדע. איך ווער אַ גימנאַזיסט און וואַרף אָן אַ מורא אויפן האַמבורגער רב.

בשלום בין איך ווידער אָנגעקומען קיין האַמבורג, איך בין אָבער דאָ אַריינגעפאַלן אין דער טרויעריקסטער לאַגע. איך האָב געוואוינט אין אַן אָרעמער און שמוציקער אַכסניא, אָן שום מיטלען צום לעבן, און האָב ניט געוואוסט, וואָס אָנצוהייבן צו טאָן. איך בין געווען צו אויפגעקלערט, איך זאָל קענען אומקערן זיך צוריק קיין פּוילן, וואו מיר איז פאַרגעשטאַנען אַ לעבן אין עלנט, אין דחקות, אָן אַ האָפענונג אויף וואָסערע־ס'איז פאַרנינפטיקע באַשעפטיקונגען, אָן פריינד, אָן אַ געזעל־שאַפט פון משכילים; איך האָב ניט געקאָנט אומקערן זיך צוריק אַהין, וואו איך זאָל דאַרפן ווידער זינקען אין חושך פון אָבער־גלויבן און אומוויסנקייט, וואָס איך האָב פון דעם מיט אַזויפיל מי זיך קוים אַרויסגעריסן. אָבער אויך אין דייטשלאַנד האָב איך ניט געהאַט קיין שום האָפענונג אויף עפּעס אַ ישועה, מחמת איך האָב ניט געקענט די שפּראַך, די מידות און דעם לעבנס־שטייגער פון דער באַפעלקערונג, וואָס איך האָב נאָך עד היום צו דעם אַלץ ניט געקענט ווי געהעריק זיך צוגעוויינען, ווייל

איך האָב עס גאָר אייגנטלעך ניט געוואָלט. קיין באַשטימטע פּראָ־
פעסיע האָב איך ניט געלערנט, אין קיין שום באַזונדערער וויסנ־
שאַפט האָב איך מיך ניט ספּעציאַליזירט, איך האָב ניט געוואוסט
קיין איינציקע שפּראַך, וואָס איך זאָל קענען אויף איר זיך גאַנץ
פאַרשטענדלעך דורכריידן. נאָך דעם אַלעם בין איך געקומען צו
איין אויספיר, אַז פאַר מיר איז קיין שום אַנדער מיטל ניטאָ,
סיידן אָנצונעמען דעם קריסטנטום, און דווקא דאָ אין האַמבורג.

איך האָב על־כּן באַשלאָסן צו גיין צום ערשטן בעסטן
פּאַסטאָר און אים מעלדן הן מיין באַשלוס, הן די מאָטיוון, וואָס
באַוועגן מיך דערצו; דערציילן אים אַלץ, דעם גאַנצן אמת, אָפנ־
האַרציק און אָן שום צביעות. אָבער היות איך האָב ניט געקענט
גאָר גוט אויסדריקן זיך מינדלעך, האָב איך אָנגעשריבן מיינע
געדאַנקען אין דייטש מיט העברעישע אותיות, בין אַוועק צו אַ
דייטשן שול־לערער און אים געגעבן מיין בריוו איבערצושרייבן מיט
דייטשע בוכשטאַבן. דער אינהאַלט פונם בריוו איז געווען בקיצור אַזאַ:

„איך בין אַ געבוירטיקער פון פוילן, פון דער יידישער
נאַציע. לויט מיין דערציִונג און מיין שטודיום בין איך באַשטימט
געווען צו זיין אַ רב, — איך האָב אָבער דורך דער געדיכט־
סטער פינסטערניש דערבליקט אַ שטראַל ל י כ ט. דאָס האָט מיך
באַוואויגן ווייטער צו זוכן ל י כ ט און א מ ת און אינגאַנצן
צו באַפרייען זיך פון דעם חושך פון אָבערגלויבן און אומוויסנ־
קייט. און אַזוי ווי אין מיין געבורטסאָרט איז מיר אוממעגלעך
געווען צו דערגרייכן עס, בין איך צו דעם צוועק אַוועק קיין
בערלין, וואו איך האָב מיט דער אונטערשטיצונג פון אייניקע
אויפגעקלערטע מענער פון אונזער נאַציע אייניקע יאָר שטודירט,
אָבער ניט לויט אַ באַשטימטן פּלאַן און מיט אַ תכלית, נייערט
בלויז צו באַפרידיקן מיין תשוקה צו וויסנשאַפטן. אָבער היות
אונזער נאַציע קאָן ניט (מחמת די באַגרעניצונגען מצד דער גע־
זעצגעבונג) אויסנוצן למעשה די וויסנשאַפטן, וואָס ווערן דער־
גרייכט ניט בלויז דורך אַזאַ אומפּלאַנמעסיקן, נייערט אפילו דורך
אַ פולקומען־פּלאַנמעסיקן שטודיום, — בכן קאָן מען ניט פאַר־
דענקען מיינע מעצענאַטן, אויב זיי זיינען צום סוף מיד געוואָרן

און דערקלערט דעם ענין פון אונטערשטיצן מיך פאַר לגמרי אומנוצלעך.

איך בין דעריבער אַנטשלאָסן אָנצונעמען די קריסטלעכע רעליגיע, בכדי צו דערגרייכן דעם צייטווייליקן (ערדישן) און דעם אייביקן (הימלשן) גליק, וואָס איז אָפּהענגיק פונם דערגרייכן די פולקומענהייט, און דאָס וועט ברענגען נוצן הן מיר אַליין, הן אַנדערע.

די יידישע רעליגיע איז אין באַציונג פון אירע אַני־מאמינס אַפילו נעענטער מיין שכל ווי די קריסטלעכע; אָבער אַזוי ווי די קריסטלעכע רעליגיע איז אין פּראַקטישער הינזיכט באַקוועמער און ניצלעכער, ווי יענע, און די מאָראַל, וואָס באַשטייט ניט אין מיינונגען, נייערט אין האַנדלונגען, איז דער צוועק פון אַלע רעליגיעס בכלל, — בכן איז קלאָר, אַז די קריסטלעכע איז נעענטער דעם דאָזיקן צוועק איידער די יידישע. איבעריקנס האַלט איך די געהיימענישן פון דער קריסטלעכער רעליגיע פאַר דאָס, וואָס זיי זיינען, פאַר געהיימענישן, ד. ה. אַלעגאָרישע פאָרשטעלונגען פון די וויכטיקסטע אמתן פאַרן מענטשן; בלויז אין דעם זין קען איך מיין גלויבן אין זיי ברענגען אין אַ הסכם מיט מיין שכל; מיר איז אָבער אוממעגלעך צו גלויבן אין זיי אין זייער אַלגעמיין־אָנגענומענעם זין.

איך בעט בכן געהאָרזאַמסט מיר צו ענטפערן אויף דער פראַגע: צי בין איך ווערט, נאָך דעם דאָזיקן אָפּנהאַרציקן ווידוי, דער קריסטלעכער רעליגיע, אָדער ניט? אין ערשטן פאַל בין איך גרייט מיין פאַרלאַנג צו פאַרווירקלעכן, אין צווייטן פאַל אָבער מוז איך מיך אָפּזאָגן פון אַ רעליגיע, וואָס הייסט מיר מיט ווערטער גלויבן אין דאָס, וואָס איז סותר מיין פאַרנונפט".

דער דייטשער לערער, וועמען איך האָב דאָס דיקטירט, איז נבהל ונשתומם געוואָרן פון אַזאַ חוצפה, — קיינמאָל האָט ער ניט געהערט אַזאַ מין באַקענען זיך צו אַ גלויבן. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ מיט פיל באַדויערן און חשד, האָט אייניקע מאָל איבערגעריסן דעם שרייבן און האָט זיך געספקט, צי איז

ניט דאָס עצם אַראָפּשרייבן אַזוינע רייד אַ גרויסער חטא? מיט גרויס ווידערווילן האָט ער געאײַלט צו ענדיקן אַראָפּשרייבן דעם בריוו, בכדי וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון מיר.

איך בין אַוועק צו אַן אָנגעזעענעם פּאַסטאָר, האָב אים איבערגעגעבן דעם בריוו און געבעטן געבן מיר תיכּף אַ תשובה.

דער פּאַסטאָר האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט געלייענט דעם בריוו, איז אויך גשתומם געוואָרן און נאָכן דורכלייענען אים האָט ער זיך אַרײַנגעלאָזן מיט מיר אין אַ געשפּרעך.

פּאַסטאָר: ווי איך זע, איז אײַער כּוונה אָנצונעמען די קריסטלעכע רעליגיע בלויז מיטן צוועק צו פאַרבעסערן אײַער מאַטעריעלן מצב?

איך: איך בעט אַנטשולדיקונג, הער פּאַסטאָר! איך גלויב, אַז אין מיין בריוו האָב איך וועגן דעם גענוג דערקלערט, אַז מיין כּוונה איז צו דערגרייכן פולקומענהייט. פאַרשטייט זיך, אַז דערצו איז נייטיק ווי אַ תּנאי אויך די אָפּשאַפונג פון די מכשולים פון מיין וועג און די פאַרבעסערונג פון מיינע אויסערלעכע שלעכטע אומשטאַנדן. דאָס איז אָבער ניט מיין הויפּט־צוועק.

פּאַסטאָר: צי שפּירט איר אין זיך ניט קיין שום אינערלעכן טריב צו דער קריסטלעכער רעליגיע, אומגעאַכט אויף קיין שום אויסערלעכע מאָטיוון?

איך: איך וואָלט געלייגט, אויב איך וואָלט דאָס באַשטעטיקט.

פּאַסטאָר: איר זייט צופיל פילאָסאָף, איר זאָלט קענען ווערן אַ קריסט. איר אָנערקענט בלויז די ממשלה פון פאַרנונפט, און די אמונה מוז זיין איר געהאָרכזאַם. איר האַלט די סודות פון דער קריסטלעכער רעליגיע פאַר בלויזע אַלעגאָריעס און די געבאָטן אירע — בלויז פאַר געזעצן פון פאַרנונפט. מיט אײַער ווידוי קאָן איך ניט צופרידן זיין. בעט בכן ביי גאָט, ער זאָל אײַך באַלויכטן מיט זיין חסד און אײַך אײַנגעבן דעם גייסט פון אמתדיקן גלויבן אין קריסטנטום, — און יעמאָלט קומט צוריק צו מיר.

איך: אויב אַזוי, דאַן מוז איך מיך, הער פּאַסטאָר, מודה זיין, אַז איך בין צום קריסטנטום ניט קוואַליפיצירט. דאָס ליכט, וואָס איך וועל באַקומען, וועל איך מיר אַלעמאָל באַלייכטן מיטן ליכט פון שכל. איך וועל קיינמאָל ניט גלויבן, אַז עס זיינען מיר אַנטפּלעקט געוואָרן נייע אמתן, אויב איך וועל ניט קענען איינזען זייער צוזאַמענהאַנג מיט די מיר שוין לאַנג באַקאַנטע אמתן. בכן מוז איך בלייבן וואָס איך בין — אַ קשה־עורפדיקער ייד! מיין רעליגיע באַפעלט מיר ניט צו גלויבן, נייערט צו דענקען דעם אמת און צו טאָן מעשים טובים. און אויב אויסווייניקסטע סיבות שטערן איצטער מיר דערין, — דאַן איז עס ניט מיין שולד. איך טו, וואָס איך בין ביכולת צו טאָן.

מיט די ווערטער האָב איך מיך געזעגנט מיטן פּאַסטאָר.

פון די שווערקייטן פון דער רייזע און פון דער שלעכטער דיעטע בין איך צעבראָכן געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין אַ קאַלטן פיבער. איך בין געלעגן אויף אַ שטרוי־געלעגער אין אַ בוידעם־שטיבל און האָב געליטן פון מאַנגל אין פרישער שפּייז און נויטווענדיקסטע באַקוועמלעכקייטן. דער בעל־אַכסניא האָט פון מיטלייד צו מיר גערופן אַ יידישן דאָקטאָר. דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט מיר פאַרשריבן אַ ברעך־מיטל, און אַזוי ווי ער האָט אין מיר געפונען אַ מענטשן ניט קיין אַלטעגלעכן, האָט ער זיך מיט מיר אונטערהאַלטן אייניקע שעה און האָט מיך געבעטן נאָך מיין געזונט ווערן באַזוכן אים. דער מיטל האָטווירקלעך געהאָלפן און איך האָב מיך באַלד צוריקגעשטעלט אויף די פיס.

בינתים איז איינער אַ יונגערמאַן, וואָס האָט מיך געקענט נאָך פון בערלין, דערפאַרן וועגן מיין אָנקומען קיין האַמבורג, און ער איז געקומען מיך באַזוכן. ער האָט מיר דערציילט, אַז הער וו., וואָס האָט מיך שוין צוגעזען אין בערלין, וואוינט איצט אין האַמבורג, און ער האָט מיר געראָטן ניט אַנדערש צו גיין צו אים. איך האָב עס געטאָן.

הער וו. איז געווען זייער אַ געראָטענער און בראַוור

מאַן און איז פון דער נאַטור געווען אויפגעלייגט צו טאָן גוטס. און ער האָט מיך פריינדלעך געפרעגט, וואָס איך האָב בדעה צו טאָן אין האַמבורג. איך האָב אים אָפּגעשילדערט מיין גאַנצע לאַגע און ביי אים געבעטן אַן עצה.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג קומט מיין שלעכטע לאַגע דערפון, וואָס איך האָב מיך אָפּגעגעבן מיט גרויס התמדה בלויז די רעאַלע קענטעניש און וויסנשאַפטן און אין דערזעלביקער צייט אינגאַנצן פאַרלאָזן דעם שטודיום פון שפּראַכן, און דעריבער קען איך קיין אַנדערן ניט איבערגעבן מיינע קענטענישן און וויסנשאַפטן און האָבן דערפון פאַר זיך אַ מאַטעריעלן נוצן. ער האָט מיך אָבער געטרייסט, אַז עס איז נאָך ניט פאַרלאָרן, און ווען איך בין נאָר מסכים, דאַן קאָן איך דערגרייכן דעם דאָזיקן צוועק אין דער גימנאַזיע אין אַ ל ט אָ נ ע[1], וואו עס לערנט זיך זיין זון. וועגן מיין אונטערשטיצונג וועט ער שוין אַליין זאָרגן.

מיט פיל דאַנקבאַרקייט האָב איך אָנגענומען דעם דאָזיקן פאָרשלאָג און זיך אומגעקערט צו זיך אין וואוינונג פול מיט פרייד און פרישן מוט.

דערווייל האָט הער וו. איבערגערעדט מיט די פּראָפעסאָרן פון דער דאָזיקער גימנאַזיע און מיט איר רעקטאָר, באַזונדערס אָבער מיטן אויבער-אויפזעער הער ג., זייער אַ טייערן מענטשן, וואָס איז ווערט דעם העכסטן לויב פאַר די זעלטענע מעלות פון זיין פאַרשטאַנד און פון זיין האַרץ, — און ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיי ווי אַ מענטשן מיט אומגעוויינלעכע כשרונות, וואָס אים פעלט בלויז די קענטעניש פון שפּראַכן, בכדי זיך צו ווייזן פאַר דער געלערנטער וועלט און באַרימט צו ווערן, — און די דאָזיקע נייטיקע שפּראַך-ידיעות האָפט ער צו דערלאַנגען אין אַ קורצער צייט אין זייער גימנאַזיע. זיינע רייד האָבן געווירקט, און זיי האָבן מסכים געווען.

מ'האָט דורכגעפירט אַלע נייטיקע פאָרמאַליטעטן, מיך פאַר-

---

[1]) שטאָט ביי האַמבורג אויף דער עלבע. ד ע ר א י ב ע ר ז.

שריבן פאַר אַ תּלמיד פון דער גימנאַזיע, און מיר אַפילו געגעבן דאָרטן גופא אַ וואוינונג.

איך האָב דאָ אין דער גימנאַזיע פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר רואיק און צופרידן. אָבער אַזוי ווי דער גאַנג פון די לימודים אין גימנאַזיע ציט זיך, גאַנץ פאַרשטענדלעך, מיט זייער אַ לאַנגזאַמער הדרגה, איז געווען אויך גאַנץ נאַטירלעך, וואָס איך האָב אויף אַ ריי לעקציעס געפילט אַ שטאַרקע לאַנגווייליקייט, ווייל איך בין שוין געווען גענוג באַקאַנט מיט די וויסנשאַפטן, וואָס מ'האָט דאָרטן געלערנט. איך האָב דעריבער ביי־געוואוינט ניט אַלע לעקציעס, בייערט איך האָב מיר אויסגעוויילט אייניקע, וואָס זיינען מיר געפעלן. באַזונדערס האָב איך שטאַרק געהאַלטן פון דירעקטאָר הערן דוש, ווייל ער איז געווען אַ גרינדלעכער מלומד און אַ מזג טוב, און איך האָב דערפאַר באַזוכט דעם גרעסטן טייל פון זיינע לעקציעס. זעלבסטפאַרשטענד־לעך, האָבן מיך ניט געקאָנט באַפרידיקן זיינע לעקציעס וועגן דער פילאָסאָפיע פון ערנעסטי, אויך זיינע פאָרלעזונגען וועגן זעגנערס מאַטעמאַטישן קאָמפענדיום. איך האָב אָבער ביי אים אַ סך אויפגעסאָן אין דער ענגלישער שפּראַך.

דער רעקטאָר הער ה., אַן אַלטער מונטערער מאַן, אָבער אַ צו גרויסער פעדאַנט, איז מיט מיר געווען ניט איבעריקס צופרידן, ווייל איך האָב ניט געוואָלט מאַכן זיינע לאַטייניש לעקציעס און ניט געוואָלט לערנען קיין גריכיש.

דער פּראָפעסאָר פון געשיכטע, הער קאָנרעקטאָר..., פלעגט אָנהייבן זיינע לעקציעס פון אָדם הראשון און צום סוף פון זיין צווייטן קורס־יאָר פלעגט ער קוים דערגיין צום דור־הפלגה.

דער לערער פון דער פראַנצויזישער שפּראַך, הער געהילף־רעקטאָר... פלעגט אונז אויפגעבן צום איבערזעצן און דערקלערן דאָס בוך פון פענעלאָן [1] „וועגן מציאות־הבורא". פון דער

---

[1]) פענעלאָן (1651—1715)—איינער פון די גרעסטע פראַנצויזישע רעמאָרישע שריפטשטעלער. דער איבערז.

דאָזיקער אַרבעט האָט מיר זייער געעקלט, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז דער דאָזיקער מחבר דרשנט מיט ניין מאָס רייד אין פלוג קעגן שפּינאָזעס שיטה, אין דער אמתן אָבער אַרגומענטירט ער און ברענגט ראיות לטובת איר.

די גאַנצע צייט פון מיין אויפהאַלטן זיך אין דער דאָזיקער גימנאַזיע האָבן די פּראָפעסאָרן ניט געקענט באַקומען וועגן מיר קיין שום ריכטיקן באַגריף, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו דערקענען מיך נעענטער.

היות איך האָב געגלויבט, אַז איך האָב מיר שוין דערוואָרבן גרינדלעכע ידיעות אין די אייראָפּעישע שפּראַכן און אַז מיין פאַרלאַנג בכן איז שוין דערפילט, איז מיר מיאוס געוואָרן צו פירן דעם דאָזיקן אומעטיקן שטייגער לעבן, און איך האָב באַשלאָסן צום סוף פון ערשטן יאָר צו פאַרלאָזן די גימנאַזיע. דער דירעקטאָר דוש אָבער, וואָס האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן מיך צו דערקענען, האָט מיך געבעטן, איך זאָל פאַרבלייבן אין גימנאַזיע צום ווייניקסטן כאָטש נאָך איין יאָר, און ווייל מיר האָט דאָ קיין זאַך ניט געפעלט, האָב איך מסכים געווען און בין פאַרבליבן אין גימנאַזיע נאָך אַ יאָר.

אַרום דער דאָזיקער צייט האָט מיט מיר פּאַסירט דידאָזיקע געשעעניש.

אַ פּוילישער ייד, וואָס מיין פרוי האָט אים געשיקט מיך אויסצוזוכן אין דייטשלאַנד, איז סוף-כל-סוף דערגאַנגען מיין אויפהאַלט-אָרט. ער איז געקומען קיין האַמבורג און האָט מיך באַזוכט אין דער גימנאַזיע. זיין שליחות איז באַשטאַנען דערין, וואָס מיין פרוי האָט דורך אים געלאָזט באַפעלן: ענטווידער תיכף ומיד צו קומען צוריק אַהיים, אָדער דורך אים צו שיקן אַ גט!

איך האָב אָבער יעמאָלט ניט געקאָנט טאָן ניט דאָס ערשטע, ניט דאָס אַנדערע: גטן מיין פרוי אָן אַ שום סיבה האָב איך ניט געוועלט; אומקערן זיך ווידער גלייך צוריק קיין פוילן האָב איך ניט געקאָנט, ווייל איך האָב ניט געהאַט די מינדסטע האָפענונג צו באַקומען דאָרטן מיין אויסקומעניש און צו פירן אַן

אָנשטענדיק פאַרנינפטיק לעבן. איך האָב דאָס אַלץ פאָרגעשטעלט און דערקלערט דעם שליח און האָב נאָך צוגעגעבן, אַז איך האָב בדעה בקרוב צו פאַרלאָזן די גימנאַזיע און צו פאָרן קיין בערלין, וואו מיינע דאָרטיקע פריינד, ווי איך האָב געהאָפט, וועלן מיר באַהילפיק זיין מיט גוטע עצות און מיט אַ מאַטעריעלער שטיצע אויסצופירן מיינע פּלענער.

דער דאָזיקער ענטפער האָט אָבער ניט באַפרידיקט דעם שליח; ער האָט אָנגענומען מיין ענטפער ווי אַן אויסרייד זיך אַרויסצומאַכן פון אים. אַזוי אָבער ווי ער האָט פון מיר ניט געקאָנט דערגיין קיין טאָלק, איז ער אַוועק צום רב-הכולל פון האַמבורג[1]) און האָט מיך אָנגעקלאָגט פאַר אים. דער רב האָט געשיקט נאָך מיר זיין שליח בית-דין און מיך אויפגעפאָדערט צו זיין משפט. איך האָב אים געלאָזט זאָגן, אַז איצט שטיי איך ניט אונטער זיין יוריסדיקציע, נייערט אונטער דער יוריסדיקציע פון דער גימנאַזיע און בלויז זי וועט אַרויסטראָגן מיין משפט.

דאַן האָט דער רב אָנגעווענדט אַלע כוחות מיט דער הילף פון דער רעגירונגס-מאַכט צו צווינגען מיך צו פאָלגן אים. אָבער זיין גאַנצע מי איז געווען אַרויסגעוואָרפן. און אַז ער האָט דער-

---

[1]) ר׳ רפאל הכהן (1722 — 1803)—געבירטיקער פון פוילן, פון
פוזנא, רב-הכולל פון די דריי באַרימטע קהילות אלטאָנא—האַמבורג—
וואַנדסביק. אַ מענטש אַ האַרציקער און אין דערזעלביקער צייט מיט אַ
פעסטן כאַראַקטער, ווייט פון פאַלשקייט און פון געהיימע כוונות, אַ גערעכטיקער
ריכטער אָן שום נשיאות-פנים, וואָס האָט געהאַלטן, אַז אמת-גערעכטיקייט איז
דער פיעדעסטאַל פון גאָטס טראָן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען דעם גייסט פון דער
צייט און זיין האַרץ האָט אים געבלוטיקט פון די גייסטיקע און רעליגיעזע, אויך
נאַציאָנאַלע פאַרוויסטונגען, וואָס די בערלינער השכלה האָט אָנגעמאַכט, — די
בערלינער השכלה, וואָס האָט דאַן געבראַכט צו מאַסן-שמד פון דעם ווייט
גרעסטן טייל משכילים אין דייטשלאַנד. — זיין אייניקל איז געווען דער באַרימ-
טער מסירות-נפשדיקער קעמפער פאַר יידישע בירגערלעכע, פּאָליטישע און נאַ-
ציאָנאַלע רעכט אין דייטשלאַנד — גבריאל ריסער (1806—1863).
דער איבערז.

זען, אַז אויף דעם דרך קאָן ער מיט מיר גאָרנישט אויספירן, האָט ער נאָך אַמאָל געשיקט צו מיר און געלאָזט מיך בעטן קו־מען צו אים, ווייל ער וויל זיך בלויז דורכריידן מיט מיר. דע־רויף האָב איך גערן מסכים געווען און בין גלייך אַוועק צו אים.

דער רב איז מיר געגאַנגען אַנטקעגן און האָט מיך אויפ־גענומען בכבוד גדול; ווען איך האָב אים אָבער מודיע געווען מיין געבורטסאָרט און די נעמען פון מיינע עלטערן, — האָט ער אָנגעהויבן וויי צו קלאָגן און צו ברעכן מיט די הענט.

וויי־געשריען! — האָט ער געזאָגט, — איר זייט עס אַ זון פון דעם באַרימטן ר׳ יהושע? איך קען אייער פאָטער זייער גוט, — ער איז אַ ייד אַ צדיק און אַ למדן מופלג. אויך איר זייט מיר ניט אומבאַקאַנט; בעת איר זייט נאָך אַ קינד געווען, האָב איך אייך אַ סך מאָל פאַרהערט אין לערנען און איך האָב געהאָפט, אַז פון אייך וועט אַרויס אַ גדול בישראל. אוי—ווינד און וויי! ווי איז עס געשען, וואָס איר האָט זיך אַזוי פאַרענ־דערט?! — האָט ער אויסגעשריען, ווייזנדיק אויף מיין ראַזיר־טער באָרד.

איך האָב אים געענטפערט, אַז איך האָב אויך דעם כבוד אים צו קענען, און איך געדענק נאָך גוט זיינע פאַרהערן.

— וואָס איז אָבער שייך מיינע ביזאיצטיקע האַנדלונגען,— האָב איך אים ווייטער געזאָגט, — זיינען זיי ניט קעגן דעם אמתן, גוט פאַרשטאַנענעם דת, פונקט ווי זיי זיינען ניט קעגן דעם שכל.

— אָבער,— האָט דער רב מיך איבערגעריסן, — איר טראָגט דאָך ניט קיין באָרד און איר גייט ניט אין שול, — איז דען דאָס ניט קעגן דעם דת?

— ניין! — האָב איך געענטפערט און אים דערוויזן מיט מאמרים פון תלמוד, אַז אַזאַ אין אַזאַ מצב ווי דער, וואָס איך געפין מיך אין אים, איז דאָס אַלץ מותר (דערלויבט).

מיר זיינען אַריין אין אַ ברייטן און טיפן וויכוח, אָבער אין רעזולטאַט איז יעדערער פון אונז ביידן פאַרבליבן ביי זיך גערעכט.

אַז דער רב האָט דערזען, אַז מיט פּילפּול קען ער מיך ניט מחזיר־למוטב־זיין, האָט ער אָנגעהויבן פּשוט מוסר זאָגן. ווען דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן, איז ער אריין אין אַ הייליקן רעליגיעזן אייפער און האָט אָנגעהויבן שרייען: „שופר! שופר!" און ווייזנדיק צוגלייך אויף אַ שופר, וואָס איז געלעגן פאַר אים אויפן טיש, האָט ער מיך געפרעגט:

— ווייסט איר, וואָס דאָס איז?

— איך ווייס, — האָב איך אים דערויף געענטפערט מיט עזות, — דאָס איז אַ האָרן פון אַ באָק!

דערהערנדיק דידאָזיקע חוצפּהדיקע רייד, איז דער רב אָני־דערגעפאַלן אויף זיין שטול אויף הינטערוויילעכס און האָט אָנגע־הויבן באַקלאָגן מיין פאַרלאָרענע נשמה. איך אָבער האָב אים איבערגעלאָזן קלאָגנדיק וויפיל זיין האַרץ גלוסט און בין אַוועק פון אים.

צום סוף פון צווייטן יאָר האָב איך מיך איבערגעלייגט, אַז צוליב מיין טובה אין דער צוקונפט און אויס אַכטונג און מחמת מיין חוב צו דער גימנאַזיע דאַרף איך געבן די פּראָפעסאָרן אַ מעגלעכקייט מיך נעענטער צו דערקענען. איך בין אַוועק צום דירעקטאָר דו ש, האָב אים געמאָלדן, אַז איך האַלט ביים אַוועק־פאָרן, און געזאָגט אים, אַז היות איך וויל ביי אים באַקומען אַן אַטעסטאַט, געפין איך פאַר נייטיק, מ׳זאָל מיך עקזאַמענירן און זען מיינע געמאַכטע פּעולות אין דער גימנאַזיע, בכדי די מיי־נונגען אין אַטעסטאַט זאָלן אויסגעשטעלט ווערן קרוב לאמת.

דער דירעקטאָר האָט דערפילט מיין בקשה, און דער עק־זאַמען האָט זיך אָנגעהויבן: ער האָט מיר געגעבן צו איבערזעצן אייניקע שטעלן פון פּאָעטישע און פּראָזאישע ווערק פון לאַטיין און ענגליש, — און ער איז געבליבן מיט מיין איבערזעצונג זייער צופרידן. נאָכדעם האָט ער פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס איבער אייניקע פילאָסאָפישע ענינים, — ער האָט אָבער באַלד דערזען, אַז איך בין אין פילאָסאָפיע אַזוי באַקאַנט, אַז ער האָט צוליב אייגענער זיכערקייט געפונען פאַר נייטיק תיכף צו פאַר־ענדיקן דעם דאָזיקן עקזאַמען.

צום סוף האָט ער מיך געפרעגט:

— ווי האַלט עס מיט מאַטעמאַטיק?

און איך האָב אים געגעבן עקזאַמענירן מיר אויך אין דער דאָזיקער וויסנשאַפט.

— אין אונזערע לעקציעס פון מאַטעמאַטיק, — האָט ער אָנגעהויבן, — זיינען מיר דערגאַנגען אומגעפער ביז צו דער טעאָריע פון געאָמעטרישע קערפּערס. ווילט איר אפשר בכן אַליין, זעלבשטענדיק, אויסאַרבעטן אַ לימוד, וואָס מיר האָבן נאָך ניט דערמאָנט אין אונזערע ביזאַהעריקע לעקציעס, למשל, די אָפּטיילונג וועגן דער פאַרהעלטעניש פון צ י ל י נ ד ע ר, ק ו י ל און ק אָ נ ו ס צו אַנאַנדער. איר האָט רעכט צו נעמען עטלעכע טעג אויף פונאַנדערצואַרבעטן דידאָזיקע פּראָבלעמע.

איך האָב אים געענטפערט, אַז אַזויפיל צייט איז גאָרניט נייטיק, און האָב אויסגעדריקט מיין גרייטקייט אויף דער שטעל די אויפגאַבע צו מאַכן. און איך האָב תיכף דעמאָנסטרירט ניט בלויז די אויפגעגעבענע אָפּטיילונג, נייערט אויך נאָך אַ סך אָפּטיילונגען פון ז ע ג נ ע ר ס געאָמעטריע.

דער רעקטאָר איז דערפון זייער נתפעל געוואָרן, האָט צונויפגערופן אַלע תלמידים פון דער גימנאַזיע און בכדי זיי צו פאַרשעמען, האָט ער זיי דערציילט וועגן מיינע אויסערגעוויינלעכע פּעולות.

דער גרעסטער טייל תלמידים האָבן פון פאַרלעגנהייט ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן, אָבער אייניקע פון זיי, דרייסטערע, האָבן געענטפערט דעם רעקטאָר:

— איר מיינט, הער דירעקטאָר, אַז מ י י מ ו ן האָט דידאָזיקע פּעולות אין מאַטעמאַטיק אויפגעטאָן דאָ אין גימנאַזיע? ער האָט אַזוי זעלטן בייגעוואוינט די מאַטעמאַטישע לעקציעס, און ווען ער פלעגט זיי שוין אַפילו יאָ באַזוכן, פלעגט ער קיינמאָל אויף זיי קיין אַכט ניט לייגן.

די תלמידים האָבן נאָך געוואָלט ווייטער ריידן, אָבער דער דירעקטאָר האָט זיי באַפוילן צו שווייגן, — און ער האָט מיר אַרויסגעגעבן אַזאַ ערנפולן אַטעסטאַט, וואָס האָט מיך שפּעטער

געוועקט און באַוואויגן צו גיין אַלץ פאָראויס און פאָראויס אויפן וועג פון וויסנשאַפט און שלימות.

איך וויל האָפן, אַז מען וועט עס מיר ניט אויסלייגן פאַר אַ באַרימעריי, אויב איך וועל דאָ ברענגען בקיצור די אַטעסטירנדיקע מיינונג פון דעם דאָזיקן חשובן מאַן:

„די כשרונות פון ה' מיימון — זאָגט ער אין מיין אַטעסטאַט, — צו לערנען בכלל אַלץ שיינס, גוטס און נוצלעכס, באַזונדערס אָבער צו שטודירן אַזוינע וויסנשאַפטן, וואָס פאָדערן שטאַרקע אָנשטרענגונג פון די גייסטיקע כוחות, אַבסטראַקטן און טיפן דענקען, — זיינען, — קאָן איך זאָגן, — אויסערגעוויינלעכע. די טיפסטע וויסנשאַפטן, וואָס פאָדערן די גרעסטע אָנווענדונג פון זעלבשטענדיקער טעטיקייט פון שכל, זיינען אים אָנגענעמער און ליבער פון אַלץ, און די באַשעפטיקונג מיט פילאָסאָפישן דענקען שיינט צו זיין דאָס גרעסטע, אויב ניט דאָס איינציקע פאַרגעניגן זיינס.—זיינע ליבסטע לימודים זיינען ביז איצט געווען פילאָסאָפיע און מאַטעמאַטיק און ער האָט אין זיי געמאַכט אַזוינע פאָרטשריט, וואָס האָבן ביי מיר אַרויסגערופן שטוינונג, אאז"וו".

נאָכן באַקומען דעם אַטעסטאַט האָב איך מיך געזעגנט מיט די לערער און פאַרשטייער פון דער גימנאַזיע, וואָס האָבן מיך באַגריסט און פאַרזיכערט, אַז איך האָב אָנגעטאָן גרויס כבוד דער גימנאַזיע מיט מיין לערנען אין איר, — און נאָכדעם בין איך אַוועקגעפאָרן קיין בערלין.

---

# פופצנטער קאַפּיטל.

**מיין דריטע נסיעה קיין בערלין. מיין פּרווו צו ווערן אַ העברעישער שריפטשטעלער געלינגט ניט. מיין נסיעה קיין ברעסלע. דער גט.**

קומענדיק קיין בערלין, האָב איך באַזוכט מיינע אַלטע פריינד, הערן מענדלזאָן, ה׳ ד״ר ב.[1], ה׳ פ. י. ל. און זיי געבעטן געבן מיר עפּעס אַ פּאַסיקע באַשעפטיקונג לויט מיינע פעיקייטן, ווייל איך האָב מיר שוין דערוואָרבן אַ ידיעה אין שפּראַכן. מיינע פריינד איז איינגעפאַלן אַ רעיון, אַז איך קאָן מיטווירקן צו פאַרשפּרייטן השכלה צווישן די פּוילישע יידן, וואָס לעבן נאָך אין פינסטערניש, און צו דעם צוועק זאָל איך שרייבן וויסנשאַפטלעכע ביכער אין העברעיש — דער איינציקער שפּראַך, וואָס זיי פאַרשטייען, — און דידאָזיקע מענטשנפריינד וועלן די ביכער דרוקן אויף זייערע אייגענע הוצאות און פאַרשפּרייטן זיי אין פאָלק.

מיט גרויס פרייד האָב איך אָנגענומען זייער פאָרשלאָג. איצט איז אָבער אויפגעקומען די פראַגע: מיט וואָסער מין ביכער זאָל מען מאַכן די התחלה? אין דעם פונקט זיינען אַנטשטאַנען גרויסע חילוקי־דעות צווישן דידאָזיקע פאָרטרעפלעכע מענטשן.

---

[1] אפשר מיינט ער דאָ דעם באַרימטן מאַטעמאַטיקער־קאַנטיאַנער פּראָפ. אליעזר בן־דוד (1726—1832)? דער איבערז.

העֶר י. האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז פאַסיקער פון אַלץ איז פאַר דעם געוויגטשטן צוועק די געשיכטע פונם יידישן פאָלק, ווייל נאָר די געשיכטע קען אויפקלערן דעם פאָלק דעם מקור און די אַנטשטייונג פון דער רעליגיע און ווייזן, ווי אין משך פון דער צייט זיינען אירע אמתן געענדערט און פאַרדרייט געוואָרן; פון געשיכטע וועלן די יידן אויך געוואָר ווערן די סיבות פונם אונטערגאַנג פון זייער מלוכה, די סיבות פון די רדיפות און באַדריקונגען, וואָס זיי האָבן נאָכדעם געליטן אין די לענדער פון זייער צעשפּרייטונג, און זיי וועלן איינזען און פאַרשטיין, אַז בלויז זייער אומוויסנקייט און פאַרעקשנטער התנגדות קעגן אַלע פאַרנינפטיקע איגסטיטוציעס זיינען שולדיק אין אַלע אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס, וואָס האָבן מיט זיי פּאַסירט. ער האָט דעריבער געראָטן, איך זאָל איבערזעצן פון פראַנצויזיש די „יידישע געשיכטע״ פון באַנאַזש. צו דעם צוועק האָט ער מיר געגעבן דעם אָנגערופענעם ווערק און פון מיר פאַרלאַנגט צו ווייזן אים אַפּריער אויף אַ פּראָבע אַ מוסטער פון מיין איבערזעצונג.

דער מוסטער האָט באַפרידיקט אַלעמען, אויך מענדלזאָנען, און איך בין שוין געווען גרייט צוצוטרעטן צו דער אַרבעט.

העֶר פ.[1]) אָבער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אָנהייבן מיט ביכער וועגן נאַטירלעכער רעליגיע און פאַרנינפטיקער מאָראַל, ווייל בלויז דאָס איז דער תכלית פון דער גאַנצער השכלה. דעריבער האָט ער געעצהט צו דעם צוועק איבערצוזעצן די „נאַטירלעכע רעליגיע״ פון ריימאַרוס.

מענדלזאָן האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון אַרויסזאָגן זיין מיינונג, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז דידאָזיקע אַלע אונטערנעמונגען וועלן, אמת, ניט שאַדן, וועלן אָבער אויך ניט ברענגען קיין גרויסן נוצן.

---

[1]) דוד פרינדלענדער? דער איבערז.

איך אַליין ווידער האָב דידאַזיקע אַרבעטן אָנגענומען ניט פון אינעווייניקסטער איבערצייגונג, נאָר צוליב דעם פאַרלאַנג פון מיינע פריינד.

איך האָב צו גוט געקענט דעם דעספּאָטיזם פון די רבנים, וואָס האָט זיך באַפעסטיקט אין פוילן שוין זינט אַ סך הונדערטער יאָרן דורך דער מאַכט פון אָבערגלויבן און וואָס זוכט דעריבער צוליב דער אייגענער זיכערקייט מיט כל אַמצעי-כוחות צו שטערן דער פאַרשפּרייטונג פון ליכט און אמת צווישן פאָלק; איך האָב אָבער אויך געוואוסט, ווי ענג עס איז פאַרבונדן און פאַרקניפּט די יידישע רעליגיע מיטן נאַציאָנאַלן קיום, אַזוי אַז די אָפּשאַפונג פון דער יידישער טעאָקראַטיע מוז בהכרח נאָך זיך ציען אויך די פאַרניכטונג פון דער יידישער נאַציע. איך האָב בכן איינגעזען, אַז מיינע באַמיִונגען אין דעם ענין השכלה-ביכער וועלן צו גאָרנישט ברענגען. פונדעסטוועגן האָב איך אָנגענומען דידאָזיקע שליחות, ווייל, ווי שוין געזאָגט, מיינע פריינד האָבן עס פאַרלאַנגט און ווייל איך האָב ניט געהאַט קיין אַנדער מיטל פון עקסיסטענץ.

בכן האָבן מיינע פריינד, אָן אַ וועלכן-ניט-איז פעסטבאַשטימטן פּלאַן פון מיין אַרבעט, באַשלאָסן מיך אַוועקצושיקן קיין דעסע, וואו איך זאָל קאָנען רויִק טאָן מיין אַרבעט.

איך בין געקומען קיין דעסע מיט דער האָפענונג, אַז אין אייניקע טעג אַרום וועלן מיינע בערלינער פריינד באַשליסן עפּעס וואָס באַשטימטס וועגן דער פּראָגראַם פון מיין אַרבעט. איך האָב אָבער אַ טעות געהאַט אין חשבון, דען ווי נאָר איך האָב פאַרלאָזן בערלין, האָבן מיינע פריינד פאַרגעסן אָן דעם גאַנצן ענין. איך האָב אָפּגעוואַרט אַ פערצן טעג, און אַז איך האָב אין משך פון אָט דער צייט ניט באַקומען קיין שום רעזאָלוציע, האָב איך אַוועקגעשריבן קיין בערלין פאָלגנדיקן בריוו:

„אויב איר קאָנט ניט דורכקומען צווישן זיך וועגן דעם פּלאַן, דאַן בעט איך איבערלאָזן מיר אַליין צו באַשליסן, וואָס איז צוועקמעסיקער. איך פון מיין זייט האַלט, אַז מען דאַרף ניט

אָנהייבן די אויפקלערונג פון יידישן פאָלק ניט מיט געשיכטע, ניט מיט דער נאַטירלעכער טעאָלאָגיע און מאָראַל, — און אָט פאַרוואָס: דידאָזיקע וויסנשאַפטן זיינען, ערשטנס, זייער לייכטע און וועלן דעריבער ניט אַרויסרופן קיין אַכטונג צו דער וויסנשאַפט בכלל ביי די למדנים פון אונזער פאָלק, וואָס אַכטן נאָר יענע לימודים, וואָס פאָדערן אָנשטרענגונג פון די העכערע גייסטיקע כוחות; צווייטנס, וועלן דידאָזיקע וויסנשאַפטן קומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט זייערע רעליגיעזע פאָראורטיילן און וועלן דעריבער ניט אַריינדרינגען צו זיי. אויך איז, דעם אמת זאָגנדיק, גאָר ניטאָ קיין אייגנטלעכע געשיכטע פון יידישן פאָלק, דען אונזער נאַציע איז כמעט קיינמאָל ניט געשטאַנען אין פאָליטישע פאַרהעלטענישן מיט אַנדערע ציוויליזירטע נאַציעס; און אויסער דעם תנ"ך, די ווערק פון יוסף פלאוויוס און אייניקע פראַגמענטן וועגן די רדיפות אויף די יידן אין מיטלאַלטער, האָבן מיר ניט קיין היסטאָרישע ידיעות[1]. דעריבער האַלט איך, אַז אַמבעסטן איז צו מאַכן די התחלה מיט אַזאַ וויסנשאַפט, וואָס זאָל אַממערסטן מסוגל זיין מיטצוהעלפן דער אַנטוויקלונג פון שכל, זאָל זיין אויך עווידענט (געוויסהאַפטיק, דערקלערט דורך קלאָרע, זיכערע באַווייזן) און זאָל קיין שום שייכות ניט האָבן מיט רעליגיעזע מיינונגען. צו דעם מין כשרע און ניצלעכע וויסנשאַפטן געהערט די מאַטעמאַטיק, און איך בין דעריבער גרייט צו דעם צוועק אָנצושרייבן אַ מאַטעמאַטישן לערנבוך אין העברעיש".

אויף דעם דאָזיקן בריוו האָב איך באַקומען אַן ענטפער פון ה' פ., אַז מיין פלאַן איז ריכטיק און אַז איך קאָן מיך נעמען צו דער אַרבעט.

[1]) די קאָלאָסאַלע, אומגעהייער־רייכע אוצרות פון יידיש־היסטאָרישן מאַטעריאַל האָבן אָנגעהויבן באַאַרבעט ווערן ערשט אין ניינצנטן יר"ה און די אַרבעט איז נאָך עד־היום ווייט ניט פאַרענדיקט, נאָכמער, די אַרבעט וויקלט זיך נאָך ערשט פונאַנדער. איז קיין וואונדער ניט דער סקעפּטיציזם פון שלמה מיימון. דער איבערז.

בכן האָב איך אָנגעהויבן מיט פייערדיקן פלייס צו אַרבעטן
איבערן לערנבוך, לויט וואָלפס מאַטעמאַטישן האַנטבוך אין
לאַטיין, און אין אַ פּאָר חדשים האָב איך די אַרבעט געענדיקט.
דאַן בין איך צוריק אַוועקגעפאָרן קיין בערלין, בכדי אָפּצוגעבן
אַ דין־וחשבון פון מיין אַרבעט, אָבער איך האָב, ליידער, גלייך
באַקומען פון ה׳ י. די טרויעריקע מעלדונג, אַז היות דאָס ווערק
איז אַרויסגעקומען זייער גרויס. און באַזונדערס ווייל די נייטיקע
קלישעס וועלן אַריינטרייבן אין גרויסע הוצאות, — בכן קאָן ער
די אויסגאַבע ניט נעמען אויף די אייגענע הוצאות, און איך קאָן
על־כן טאָן מיט מיין כתב־יד וואָס איך וויל.

איך האָב מיך אויף דער דאָזיקער עוולה באַקלאָגט פאַר
מענדלזאָנען. ער האָט, אמת, געפונען, אַז עס איז אַן עוולה צו
לאָזן מיין אַרבעט אומבאַלוינט, אָבער אַז איך קאָן אויך ניט פאָ־
דערן, מיינע פריינד זאָלן נעמען אויף אייגענע הוצאות די אויס־
גאַבע פון אַ ווערק, וואָס קאָן ניט רעכענען אויף אַ גוטן אָפּזאַץ,
ווייל כפי מיר אַליין איז באַקאַנט, האָט דאָס פאָלק ניט קיין נטיה
צו וויסנשאַפטן. דעריבער איז געווען זיין עצה, איך זאָל עס
דרוקן מיט דער הילף פון פּרענומעראַנטן.

נאַטירלעך האָב איך מיך געמוזט באַפרידיקן דערמיט. איך
האָב געמאַכט אַ סובסקריפּציע־ליסטע, און מענדלזאָן מיט די
איבעריקע משכילים פון בערלין האָבן זיך אונטערגעשריבן. אָבער
דער סוף איז געווען, אַז אַלס לוין פאַר מיין גאַנצער אַרבעט
איז מיר געבליבן בלויז מיין מאַנוסקריפּט און די רשימה פּרענו־
מעראַנטן.

נאָכדעם האָט שוין קיינער מער ניט געטראַכט אַפילו וועגן
דעם גאַנצן פּלאַן.

איבער דעם איז ווידער פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג צווישן
מיר און מיינע בערלינער פריינד. ווי אַ מענטש אַן אומדערפאַ־
רענער, האָב איך געגלויבט, אַז די מענטשלעכע מעשים מוזן באַ־
שטימט ווערן לויט די געזעצן פון **גערעכטיקייט**, און דע־
ריבער בין איך באַשטאַנען אויף דער אויספירונג פון אונזער
אָפּמאַך. מיינע פריינד אָבער האָבן צו שפּעט איינגעזען, אַז זייער

ניט גענוג דורכגעטראַכטער פּראָיעקט האָט בהכרח געמוזט קראַכן, ווייל זיי האָבן באַצייטנס ניט פאַרזיכערט דעם ענין פאַר־שפּרייטן אַזוינע אומפּאַנגרייכע און פילקאָסטנדיקע ביכער. דען ביי דעם ביזאַהעריקן רעליגיעזן, מאָראַלישן און פּאָליטישן מצב פון דער יידישער נאַציע האָט מען געקאָנט פאָראויסזען, אַז די קליינע צאָל משכילים וועט ניט נעמען לערנען וויסנשאַפטן אין דער העברעישער שפּראַך, וואָס איז בכלל ניט באַקוועם פאַר שטרענגע וויסנשאַפטן, און וועט זיך גיכער ווענדן צו די אָריגי־נאַלן גופא אין די אייראָפּעישע לשונות.

די אומגעבילדעטע ווידער — און דאָס איז די גרעסטע מאַסע פונם פאָלק — געפינען זיך אויף אַזויפיל אונטער דער השפּעה פון די רבנישע פאָראורטיילן, אַז דעם לימוד פון וויסנ־שאַפטן, אַפילו אין דער העברעישער שפּראַך, האַלטן זיי פאַר פאַרבאָטענע פּרוכס, און זיי גיבן זיך אָפּ בלויז מיטן לימוד פון תלמוד און דער אומגעהייערער צאָל מפרשים זיינע.

דאָס אַלץ האָב איך זייער גוט איינגעזען, און האָב גאָר ניט פאַרלאַנגט פון מיינע פריינד צו דרוקן מיין ווערק, נאָר מיר צו באַלוינען פאַר מיין אַרבעט.

מענדלזאָן האָט זיך געהאַלטן אין דעם דאָזיקן סיכסוך גאַנץ ניי טראַל, ווייל לויט זיין מיינונג זיינען ביידע צדדים געווען גערעכט. נאָר ער האָט מיר צוגעזאָגט צו באַוועגן מיינע פריינד, זיי זאָלן אויף וואָסער־ס׳איז אַנדער אופן זאָרגן ווענן הילף פאַר מיר. אָבער אַזוי ווי אויך דאָס איז ניט געלונגען, האָב איך פאַרלאָרן די געדולד און האָב באַשלאָסן ווידער צו פאַרלאָזן בערלין און אַוועקצופאָרן קיין ברעסלע.

ביים אַוועקפאָרן פון בערלין האָב איך מיטגענומען רעקאָ־מענדאַציע־בריוו פון מיינע פריינד, אָבער זיי האָבן מיר ניט פיל געהאָלפן, דען נאָך איידער איך בין געקומען קיין ברעסלע, זיי־נען שוין ווענן מיר אַהין געשיקט געוואָרן „אוריה־בריוו״[1]. וואָס

---

[1] „אוריה־בריוו״ רופט מען בריוו, ענלעכע אויף דעם בריוו, וואָס דוד האָט געשיקט צו יואָבן דורך אוריה החתי. דער איבערז.

האָבן פאַרמיאוסט מיין נאָמען ביים גרעסטן טייל פון די פערזאָנען, צו וועמען איך האָב געהאַט די רעקאָמענדאַציעס. מ׳האָט מיך, נאַטירלעך, אויפגענומען זייער קאַלט, אָבער היות איך האָב ניט געוואוסט פון די „אוריה־בריוו״, איז מיר אוממעגלעך געווען זיך צו דערקלערן דידאָזיקע באַציִונג, און איך בין שוין געווען אַנטשלאָסן צו פאַרלאָזן ברעסלע.

צופעליקערווייז אָבער בין איך גראָד אין דער צייט באַקאַנט געוואָרן מיטן באַרימטן דיכטער אפרים קו[1], וואָס איז שוין אויפן עולם האמת. דער דאָזיקער געלערנטער און איידלהאַרציקער מאַן האָט זיך אַזוי פיל פאַראינטערעסירט מיט מיר, אַז ער האָט פאַרלאָזן אַלע זיינע עסקים און פאַרגעניגנס און האָט זיך אָפּגעגעבן איינציק און אַליין מיט מיר. ער האָט גערעדט וועגן מיר מיט די רייכע יידן מיט דער גרעסטער התפעלות און האָט מיך אויסגערימט ווי זייער א באַגאַבטן מענטשן. ער האָט אָבער באַמערקט, אַז אַלע זיינע רעקאָמענדאַציעס האָבן אויף די־דאָזיקע אדונים קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט, — האָט ער זיך באַמיט חוקר ודורש צו זיין די סיבה דערפון, און ער איז סוף־כל־סוף דערגאַנגען, אַז שולדיק אין אַלץ זיינען די „ידידי־בריוו״, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן קיין ברעסלע פון בערלין. אין די בריוו האָט מען געשריבן: „שלמה מיימון זוכט צו פאַרשפרייטן שעדלעכע מיינונגען״.

---

[1]) אפרים קו (1731—1790)—דיכטער אין דער דייטשער שפראַך. נאָך דעם באַרימטן מינעזינגער זיסקינד פון טרימבערג איז אפרים קו געווען דער ערשטער ייד אין דער דייטשער פאָעזיע. די השכלה, דער איבערגאַנג פון דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט צו דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך פאַר אים געעפנט, האָט געשאַפן א טיפן ריס אין זיין נשמה און ער האָט איבערגעלעבט א גייסטיקע טראַגעדיע. דער יידיש־דייטשער שריפטשטעלער בערטהאָלד אויערבאַך (1812—1832) האָט אין זיין ראָמאַן „דיכטער אונד קויפמאַן״ געגומען אים פאַר זיין הויפטהעלד, וואָס אין אים שפיגלט זיך אָפּ די גייסטיקע מהומה פון די יידן אין דייטשלאַנד אין XVIII יר״ה.

דער איבערז.

אַפרים קו, ווי אַ דענקענדיקער מענטש, האָט גלייך פאַרשטאַנען דעם גרונד פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג, אָבער נאָך זיין גאַנצער מי איז אים ניט געלונגען אַרויסצורייסן דעם דאָזיקן חשד פון די הערצער פון די ברעסלער יידן.

איך האָב אים דערציילט דעם גאַנצן אמת, אַז בעת איך האָב די ערשטע צייט פאַרבראַכט אין בערלין, האָב איך, ווי אַ יונגערמאַן אָן דערפאַרונג און ניט קענענדיק די וועלט, ווירקלעך געהאַט אַן אומבאַזיגבאַרע נטיה צו פאַרשפרייטן און איבערצו-געבן אַנדערע די אמתן, וואָס איך האָב אָנערקענט; איך האָב אים אָבער אויך דערוויזן, אַז שוין זינט אייניקע יאָר בין איך דורך דערפאַרונג קלוג געוואָרן און איך בין זייער פאָרזיכטיק אין מיינע מעשים, — בכן האָט די דאָזיקע באַשולדיקונג איצטער קיין שום גרונד ניט.

אומצופרידן מיט מיין טרויעריקער לאַגע, האָב איך באַ-שלאָסן צו ווענדן זיך צו קריסטלעכע געלערנטע, אין דער האָפענונג, אַז זייער רעקאָמענדאַציע וועט גראָד האָבן די געהעריקע ווירקונג אויף די רייכע פון מיין פאָלק. אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז היות אין ריידן ווי געהעריק דייטש פעלט מיר נאָך עפּעס, וועל איך בכן ניט קענען אויסדריקן גענוי אַלע מיינע געדאַנקען, — האָב איך דעריבער צוגעגרייט אַ שריפטלעכע ווענדונג, וואו איך האָב בתכלית הקיצור (אַפאָ-ריסטיש) איבערגעגעבן דעם תמצית פון מיינע מיינונגען וועגן די וויכטיקסטע ענינים פון פילאָסאָפיע. מיט דעם דאָזיקן אַרטיקל בין איך אַוועק צום באַרימטן הערן פראָפעסאָר גאַרווע, האָב אים אין קורצן דערציילט דעם צוועק פון מיין ווענדונג, אים דערלאַנגט מיינע אַפאָריזמען און געבעטן אים אַרויסזאָגן זיין מיינונג.

דער פראָפעסאָר האָט זיך מיט מיר אונטערהאַלטן זייער פריינד-לעך וועגן מיינע אַפאָריזמען, האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ גוטע צייגעניש און חוץ דעם האָט ער נאָך פערזענלעך גערעדט וועגן מיר פיל גוטס מיטן רייכן באַנקיר הערן ליפמאַן מאיר. דעם פראָפעסאָרס רייד האָבן געווירקט, און דער באַנקיר האָט

מיר באַשטימט אַ קליינע חודשדיקע שטיצע און האָט אויך גע־רעדט וועגן מיר מיט אַנדערע פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה.

מיין מצב איז מהיום והלאה געוואָרן אַלץ בעסער און בע־סער. אַ סך יידישע יונגעלייט האָבן געזוכט מיין באַקאַנטשאַפט. איינעם פון דידאָזיקע יונגעלייט, דעם מיטלסטן זון פון הערן אהרן צדיק, איז מיין ווינציקייט אַזוי געפעלן געווערן, אַז ער האָט באַשלאָסן צו נעמען ביי מיר לעקציעס אין אַ ריי וויסנ־שאַפטן. ער האָט וועגן דעם געמאָלדן זיין פאָטער, און דער פאָ־טער זיינער — אַ פאַרמעגלעכער מענטש און אַ משכיל מיט אַן איידעלן געשמאַק, וואָס האָט געזוכט צו געבן זיינע קינדער די בעסטע דייטשע דערציִונג און האָט אויף זייער בילדונג ניט גע־שפּאָרט קיין הוצאות, — האָט מיט פאַרגעניגן געגעבן דערויף גלייך זיין הסכם.

ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך און פאָרגעלייגט מיר אַרי־בערצוציען צו אים אויף קוואַרטיר, בכדי פאַר אַ מעסיקן האָנאָ־ראַר צו לערנען מיט זיין צווייטן זון אַ פּאָר שעה אין טאָג פיזיק און די שיינע וויסנשאַפטן און מיטן יינגסטן זון — אַ שעה אין טאָג חשבון.

מיט גרויס פאַרגעניגן האָב איך מסכים געווען אויף דידאָ־זיקע באַדינגונגען.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מיך ה׳ צדיק געפרעגט, צי וואָלט איך אפשר וועלן לערנען מיט זיינע קינדער אויך העב־רעיש און די ערשטע יסודות פון מאַטעמאַטיק, וואָס זיי לערנען איצט ביי איינעם ר׳ מָנוֹס, אַ מלמד פון פוילן.

איך האָב אָבער געהאַלטן פאַר אומיושרדיק אַרויסצושטויסן דעם דאָזיקן אָרעמען מענטשן, וואָס האָט געהאַט מפרנס צו זיין אַ פאַמיליע און וואָס מ׳איז מיט אים ביז אַהער, אַגב, געווען צופרידן, — און איך האָב אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פאָרלייג. אויף אַזאַ אופן איז ר׳ מנוֹס געבליבן ביי זיינע לעקציעס און איך — ביי מיינע.

אַליין לערנען עפּעס האָב איך אין דעם דאָזיקן הויז גע־

קאָנט וויניק. ערשטנס האָבן מיר געפעלט די נייטיקע ביכער; צווייטנס האָט מען מיר שטענדיק זייער געשטערט, ווייל איך האָב געוואוינט אין איין צימער צוזאַמען מיט די קינדער און עס פלעגן כסדר קומען צו זיי פאַרשיידענע לערער. חוץ דעם האָט די רעשדיקע לוסטיקייט פון דער דאָזיקער יונגער חברה ניט גע־שטימט מיט מיין שוין ערנסט געוואָרענעם כאַראַקטער, און איך האָב בכן אָפט געהאַט אַ געלעגנהייט צו בייזערן זיך פאַר קליינע שטיפערייען.

אַזוי ווי איך האָב אויף אַזאַ אופן געמוזט מיין גרעסטן טייל צייט פאַרברענגען אין ליידיקגיין, האָב איך מיר געזוכט גע־זעלשאַפט. אָפט פלעג איך באַזוכן דעם הערן הײמאַן ליסע, אַ קליינגעוויקסיק קײלעכדיק מענטשל, אַ משכיל מיט זייער אַ פריילעכן געמיט. אין זיין געזעלשאַפט און אין דער געזעלשאַפט פון אַנדערע גוטע לוסטיקע ברידער פלעג איך אין די אָוונטן פאַרטרייבן מיין צייט; מיר פלעגן צוזאַמען פלוידערן, שפּאַס מאַכן און שפּילן. בייטאָג אָבער פלעג איך מיך אומשלייען איבער די רוּיכער־קלובן און שענקען.

באַלד בין איך באַקאַנט געוואָרן אויך אין אַנדערע הייזער, באַזונדערס ביים הערן באַנקיר זימאָן און ביים הערן באָר־טענשטיין, וואָס האָבן מיר אויך אַ סך גוטס געטאָן. אַלע האָבן געזען מיך איבערצורײדן, איך זאָל מיך ווידמען דער מע־דיצין, וואָס איך האָב קענען איר אַלעמאָל געהאַט אַ גרויסן ווי־דערווילן. אַז איך האָב אָבער דערזען לויט אַלע אומשטאַנדן, אַז אויף אַן אַנדער אופן וועט מיר שווער זיין אויסצורעכענען אויף אַ וואַסערע־פּ'איז שטיצע, — האָב איך מיך געלאָזט איבעררײדן דערצו.

דער פּראָפעסאָר גאַרווע האָט מיך רעקאָמענדירט צום ה' פּראָפעסאָר מאַרגענבעסער, און איך האָב אייניקע צייט שטאַרק באַזוכט זיינע מעדיצינישע לעקציעס. איך האָב אָבער דאָך ניט געקאָנט גובר זיין מיין ווידערווילן קעגן דער דאָזיקער קונסט, און איך האָב ווידער אויפגעהערט באַזוכן די לעקציעס.

ביסלעכווייז בין איך אַלץ מער באַקאַנט געוואָרן מיט קריסטלעכע געלערנטע, באַזונדערס מיטן זעליקן פּראָפעסאָר ל י ב ע ר ק י ן, וואָס איז באַרימט געווען הן מיט זיינע כשרונות און טיפער געלערנטקייט, הן מיט זיין פּאָרטרעפלעכן כאַראַקטער און וואַרעמען געפיל פאַר די אינטערעסן פון דער מענטשהייט; אויך בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט אייניקע פאַרדינסטפולע פּראָפעסאָרן פון דער ברעסלער יעזויטישער קאָלעגיע.

אויך דאָ אין ברעסלע האָב איך ניט פאַרלאָזן אינגאַנצן מיין ליטעראַרישע אַרבעט אין ה ע ב ר ע י ש. איך האָב איבערגעזעצט אין העברעיש מענדלזאָנס „מאָרגענשטונדען“[1]) און אַוועקגעשיקט אייניקע בויגנס אויף אַ פּראָבע קיין בערלין צום הערן י צ ח ק ד נ י א ל א י צ י ג[2]), האָב אָבער דערויף קיין ענטפער ניט באַקומען, ווייל דער דאָזיקער אייערער מענטש האָט מחמת זיין זייער ברייטער טעטיקייט ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין אויפמערקזאַם אויף עסקים, וואָס האָבן אים ניט דירעקט אינטערעסירט, — בכן איז אים לייכט געווען צו פאַרגעסן צו ענטפערן אויף מיין בריוו.

אויך אַ לערנבוך פאַר נ אַ ט ו ר ו ו י ס נ ש אַ פ ט לויט די נ י ו ט אָ נ י אַ נ י ש ע פּ ר י נ צ י פּ ן האָב איך אין דערדאָזיקער צייט אָנגעשריבן אין דער העברעישער שפּראַך. נאָר דידאָזיקע אַרבעט מיינע, ווי מיינע אַלע איבעריקע העברעישע ווערק, האָב איך נאָך עד־היום אין מאַנוסקריפּט.

צום סוף איז אויך אין ברעסלע מיין לאַגע געוואָרן זייער שלעכט. די קינדער פון הערן צ ד י ק זייבען, לויט דער באַשטימונג פון זייער פאָטער, אָנגעקומען אויף שטעלעס אין קאָמערציעלע קאָנטאָרן, און זיי האָבן ממילא מער זיך ניט געניטיקט

---

[1]) „מועדי בוקר“. ד ע ר א י ב ע ר ז.

[2]) י צ ח ק ד נ י א ל א י צ י ג — באַנקיר אין בערלין, משכיל און מעצענאַט פון פעיקע משכילים, שווער פון ד ו ד פ ר י ד ל ע נ ד ע ר — דעם קלייגעם תלמיד פון גרויסן מענדלזאָן. ד ע ר א י ב ע ר ז.

אין קיין לערער; אויך די אַנדערע אונטערשטיצונגען זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער. בכן האָב איך איצט געמוזט זוכן לעבנסמיטלען אויף אַן אַנדער אופן, און האָב מיך פאַרנומען מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס: איינעם אַ יונגנמאַן האָב איך געלערנט איילערס אלגעברע, אַ פּאָר קינדער געגעבן די ערשטע ידיעות פון דער דייטשער און לאַטיינישער שפּראַך, וכדומה. אָבער אויך דאָס האָט געדויערט ניט לאַנג, און האָב איך מיך מיט אַמאָל ווידער דערזען אין אַ טרויעריקן מצב.

בינתים איז קיין ברעסלע געקומען צו פאָרן פון פוילן מיין פרוי און מיין עלטסטער זון. מיין פרוי איז געווען אַ מענטש פון אַ גראָבער דערציִונג און פון אַ גראָבן לעבנסשטייגער, אָבער מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד, מיט טאַקט און מיט אַמאַזאָנישן מוט. זי האָט קאַטעגאָריש געפאָדערט, איך זאָל גלייך אויף דער שטעל מיט איר פאָרן אַהיים קיין פוילן, און האָט ניט געוועלט וויסן, אַז פאַר אַזאַ מענטשן ווי איך איז דאָס אַן אַנטשיידן־אוממעגלעכע זאַך: איך האָב דאָך שוין פאַרבראַכט עטלעכע יאָר אין דייטשלאַנד, איך האָב מיך שוין גליקלעך באַפרייט פון די קייטן פון אָבערגלויבן און רעליגיעזע פאָראורטיילן, פאַרלאָזן די גראָבע זיטן און דעם פריערדיקן לעבנס־שטייגער און אויך אַ סך שוין באַרייכערט דעם באַגאַזש פון מיינע ידיעות, — איז ווי וועל איך דאָס קאָנען איצט פרייוויליק צוריקקערן צום פריערדיקן באַרבאַרישן און עלנטן צושטאַנד, אָפּזאָגן זיך פון אַלע דערוואָרבענע קולטורעלע יתרונות און ביים קלענסטן אָפּווייכן פון אַ צערעמאָניעלן דין און ביים אַרויסזאָגן אַ פרייען געדאַנק האָבן אויסצושטיין דעם אויסברוך פונם רבנישן צאָרן?!

איך האָב איר דאָס אַלץ געשילדערט און דערקלערט, אַז בכל אופן קאָן איך אין דער רגע ניט דערפילן איר פאַרלאַנג, ווייל איך מוז צוערשט באַקאַנט מאַכן מיינע היגע און מיינע בערלינער פריינד מיט מיין לאַגע און אויסבעטן ביי זיי אַ שטיצע פון אַ פּאָר הונדערט טאָלער, בכדי איך זאָל מיך קאָנען שטעלן אויף די אייגענע פיס ביי מיין צוריקקער קיין פוילן און דאָרטן לעבן אומאָפּהענגיק פונם חסד פון מיינע רעליגיאָנס־ברידער.

זי האָט אָבער פון דעם אַלעם אפילו וויסן ניט געוועלט און האָט מיר געמאָלדן איר אַנטשלוס, אַז באַם איך וועל ניט פאָרן מיט איר תּיכּף-וּמיד, זאָל איך איר געבן גט.

מיר איז דאָ בכן אויסגעקומען פון צוויי צרות אויסצוקלייבן די קלענערע, און איך האָב מסכּים געווען אויף אַ גט.

אין דערזעלביקער צייט האָב איך אָבער געמוזט זאָרגן וועגן אַ וואוינונג און דערנערונג פאַר מיינע געסט און אַרומפירן זיי ווייזן די שטאָט מיט אירע מערקווירדיקייטן. איך האָב דיביידע פליכטן מיינע דערפילט, און בעת איך בין געגאַנגען מיט מיין זון איבער די גאַסן פון ברעסלע, האָב איך אים באַקאַנט געמאַכט מיט דעם גרויסן אונטערשייד צווישן דעם היגן שטייגער לעבן און דעם שטייגער לעבן אין פוילן; אויך האָב איך געזוכט אים צו דערווייזן מיט ציטאַטן פון „מורה נבוכים", אַז השכּלה (אויסבילדונג פון שכל) און פאַרפיינערונג פון די מידות ברענגען מער נוצן איידער שאַדן דער רעליגיע.

נאָך מער, איך האָב געזוכט צו איבערצייגן און איבער-ריידן מיין זון, ער זאָל פאַרבלייבן ביי מיר אין דייטשלאַנד, און איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז אונטער מיין הדרכה און מיט דער הילף און אונטערשטיצונג פון אייניקע פון מיינע פריינד וועט ער האָבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען און אויסצובילדן זיינע גוטע נאַטירלעכע כּשרונות, וואָס וועט אים ברענגען צו אַ גוטן תּכלית. מיינע רייד האָבן געמאַכט אויף אים אַן איינדרוק.

היות אָבער מיין פרוי האָט צוזאַמען מיט מיין זון אָפּט באַזוכט אייניקע אָרטאָדאָקסישע יידן, צו וועמען זיי האָבן געהאַט מער צוטרוי ווי צו מיר, — האָבן דידאָזיקע יידן געראָטן מיין פרוי, זי זאָל באַשטיין ניט אַנדערש אויף גט תּיכּף-וּמיד און בשום אופן ועניין ניט לאָזן מיין זון פאַרבלייבן ביי מיר. דאָך האָט דער דאָזיקער פּלאַן, לויט דער עצה פון די דערמאָנטע יידן, געמוזט בלייבן בסוד כּל-זמן זיי וועלן ביי מיר ניט האָבן באַקומען גענוג געלט אויף איינצואָרדענען זייערע היימישע ענינים. ערשט יעמאָלט וועלן זיי קאָנען שיידן זיך מיט מיר אויף אייביק און מיט דער באַקומענער סומע זיך אומקערן אַהיים.

מיין פרוי האָט געטריי געפאָלגט דער דאָזיקער עצה אין אַלע פּרטים. דען ווען איך האָב אָפּגעגעבן מיין פרוי די צוואַנציק דוקאַטן[1], וואָס איך האָב געהאַט צוביסלעך צונויפגעזאַמלט ביי מיינע פריינד, און האָב איר דערקלערט, אַז בכדי צו באַקומען די איבעריקע נייטיקע סומע, וועלן מיר מוזן פאָרן קיין בער־לין, — האָט זי אָנגעהויבן אַרויסשטעלן פאַרשיידענע מניעות, און צום סוף האָט זי אַנטשיידן געמאָלדן, אַז פאַר אונז איז די בעסטע זאַך—גט, ווייל מיר וועלן שוין ניט לעבן גליקלעך—ניט איך מיט איר אין פּוילן, ניט זי מיט מיר אין דייטשלאַנד.

לויט מיין מיינונג איז זי געווען אינגאַנצן גערעכט. אָבער אַזוי ווי מיר האָט ווי געטאָן מיין האַרץ צו פאַרלירן אַ פרוי, וואָס איך האָב אַמאָל שטאַרק ליב געהאַט, און דערצו האָב איך אויך ניט געוואָלט אָפּטאָן אַזאַ וויכטיקע זאַך לייכטזיניק,—האָב איך איר געזאָגט, אַז איך וועל איר ניט געבן קיין גט, סיידן בית־דין וועט מיך צווינגען דערצו[2].

און אַזוי איז געשען.

מ'האָט מיך גערופן צו בית־דין.

נאָכדעם ווי מיין פרוי האָט אַרויסגעשטעלט אירע טענות און געפאָדערט גט, האָט דער רב אַב־בית־דין (אויבער־ריכטער און פאָרזיצער פון געריכט) געזאָגט:

— ביי אַזאַ מצב הענין איז ניטאָ קיין אַנדער עצה, ווי נאָר גט.

— רב אַב־בית־דין, — האָב איך דערויף דערווידערט,—

---

[1]) דוקאַט — אַן אַלטע גאָלדענע מטבע פון קרוב דריי רובל, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין אַלע לענדער; אין עסטרייך עקסיסטירט ער עד היום; אין איטאַליע האָט ער באַקומען דעם נאָמען צעכין, אין רוסלאַנד — טשערוואָניעץ, אויף יידיש — רענדל. דער איבערז.

[2]) די יידן אין דייטשלאַנד האָבן יעמאָלט געהאַט אַ געוויסע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, און דער יידישער בית־דין האָט פאַר יידן געהאַט אַ מאַכט ווי אַ מלוכה־געריכט. דער איבערז.

מיר זיינען געקומען אַהער ניט צו פרעגן אַן עצה, נייערט צו באַקומען אַ פסק־דין.

נון איז דער רב אַב־בית־דין אויפגעשטאַנען פון זיין זיצ־אָרט (בכדי דאָס, וואָס ער וועט זאָגן, זאָל ניט האָבן די קראַפט פון אַ פסק־דין), איז צוגעגאַנגען צו מיר מיטן „שולחן ערוך“ אין האַנט און האָט מיר דאָרטן געוויזן פאָלגנדיקע געפסקנטע הלכה: „אַ שלעפער, וואָס פאַרלאָזט זיין פרוי אויף אַ סך יאָרן, שרייבט איר ניט קיין בריוו און שיקט איר ניט קיין געלט, איז אין פאַל, ווען מען געפינט אים, צווינגט מען אים דורך בית־דין איר צו געבן גט“.

— ניט איך, — האָב איך געענטפערט, — דאַרף מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן דעם דאָזיקן פאַל און מיין מצב; דאָס דאַרפט איר טאָן, ווי אַן אַב־בית־דין. בכן זעצט זיך אויף אייער אָרט און טראָגט אַרויס אייער פסק־דין!

דער אַב־בית־דין איז געקומען אין אַ פאַרלעגנהייט: דאָ איז ער בלאַס געוואָרן און דאָ איז ער רויט געוואָרן; דאָ האָט ער זיך געשטעלט און דאָ ווידער געזעצט זיך אויף זיין אָרט, — און די דיינים האָבן זיך אַלע רגע איבערגעקוקט איינער מיטן אַנדערן. צום סוף איז דער אַב־בית־דין אין כעס געוואָרן, האָט גענומען זידלען מיך, גערופן „פאַרשאָלטענער אַפיקורס“ און מיך געפלוכט אין נאָמען פון גאָט.

איך אָבער האָב אים געלאָזן קאָכן זיך און בין אַוועקגעגאַנגען. און דערמיט האָט זיך געענדיקט דער דאָזיקער משונהדיקער פראָצעס. אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן.

אַז מיין פרוי האָט דערזען, אַז מיט געוואַלד וועט זי מיט מיר גאָרנישט אויספירן, האָט זי אָנגעהויבן ריידן צו מיר מיט תחנונים און מיט טרערן, און איך האָב צום סוף מסכים געווען, אָבער מיטן תנאי, אַז דער אַב־בית־דין, וואָס האָט אויף דער פאָריקער זיצונג אַזוי שיין געשאָלטן, זאָל ניט זיין דער מסדר פון גט.

נאָכדעם ווי מיין פרוי האָט מקבל געווען פון מיין האַנט

דעם גט, איז זי מיט מיין זון אװעקגעפאָרן צוריק קיין פוילן.

איך בין נאָך אייניקע צייט געבליבן אין ברעסלע, אָבער מיין מצב איז געװאָרן אַלץ ערגער און ערגער, און איך האָב באַשלאָסן זיך װידער אומצוקערן קיין בערלין.

# זעכצנטער קאַפּיטל.

פּערטע נסיעה קיין בערלין. אַ עת צרה און הילף. איך שטודיר די שריפטן פון קאַנט. כאַראַקטעריסטיק פון מיינע אייגענע ווערק.

ווען איך בין געקומען קיין בערלין[1], איז מענדלזאָן שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע[2], און מיינע אַמאָליקע פריינד האָבן גאָר ניט געוועלט וויסן פון מיר. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס אָנצוהויבן צו טאָן.

אין מיין גרעסטער נויט איז געקומען צו מיר הער בן־דוד[3] און געזאָגט, אַז ער האָט געהערט וועגן מיין ביטערן מצב און האָט פאַר מיר צונויפגעמאַכט אַ קליינע סומע פון אומגעפער דרייסיק טאָלער, וואָס ער האָט מיר טאַקע גלייך איבערגעגעבן.

---

[1]) אין 1783. דער איבערז.

[2]) מענדלזאָן איז געשטאָרבן אין 1786. דער איבערז.

[3]) בן־דוד — פּראָפעסאָר אליעזר (לאַצאַרוס) בן־דוד (שוין דערמאָנט אויבן אין אַ הערה), אַ גרויסער תּלמודיסט און אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער און פילאָסאָף־קאַנטיאַנער. אין די יאָרן 1793—1793 געלייענט לעקציעס וועגן קאַנטס פילאָסאָפיע אין ווינער אוניווערסיטעט. נאָכדעם לאַנגיאָריקער רעדאַקטאָר פון אַ צייטשריפט אין בערלין. איינער פון די זיילן פון השכלה.
דער איבערז.

חוץ דעם האָט ער מיך באַקאַנט געמאַכט מיט איינעם אַ געוויסן הערן זשאָזשאַר, אַ משכיל און איידלדענקענדיקן מאַן, וואָס האָט זייער פלייסיק און פריינדשאַפטלעך זיך אָנגענומען און געטאָן פאַר מיר און האָט אויסגעפועלט פאַר מיר אַ אונטערשטיצונג ביי הערן י...[1]. איינער, הער פּראָפעסאָר..., האָט אַפילו געזוכט פאַר דעם דאָזיקן ווירדיקן הערן צו באַנוולען מיין נאָמען, מיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַן אַטעיִסט, אָבער דער דאָזיקער מעצענאַט האָט ניט געאַכט אויף זיינע רייד און האָט מיך געשטיצט אַלץ מער, ביז איך בין געוואָרן אין שטאַנד צו דינגען זיך אַ וואוינונג אין אַ בוידעם־שטיבל ביי אַן אַלטער פרוי.

דאַן האָב איך באַשלאָסן צו שטודירן קאַנטס „קריטיק דער ריינען פערנונפט", וואָס איך האָב וועגן איר אַזויפיל געהערט ריידנדיק, אָבער נאָך קיינמאָל ביז אַהער זי ניט געזען.

דער דרך, ווי איך האָב שטודירט דעם דאָזיקן ווערק, איז געווען אַ משונהדיקער. ביים דורכלייענען אים דעם ערשטן מאָל האָב איך פון יעדער אָפּטיילונג באַקומען אַ טונקעלע פאָרשטעלונג; נאָכדעם האָב איך געזוכט דורך אייגענעם נאָכדענקען מיר קלאָר צו מאַכן אים און אויף אַזאַ אופן אַריינצודרינגען אין דער כוונה פונם מחבר, — און מיר איז עס געלונגען: איך האָב באַנומען קאַנטס פילאָסאָפישע סיסטעם[2].

[1]) י... — דאָס איז דער שוין דערמאָנטער מעצענאַט פון די משכילים יצחק דניאל איציג. דער איבערז.

[2]) קאַנטס פילאָסאָפישע סיסטעם הייסט קריטיציסטישע פילאָסאָפיע, קירצער, קריטיציזם (זע די הערה אין אָנהייב פון דעם טייל) אָדער קאַנטיאַניזם. עמנואל קאַנט (1724—1804, — פּראָפעסאָר פון קיניגסבערגער אוניווערסיטעט) האָט צעשמעטערט די דאָגמאַטישע (זע הערה איבידעם) פילאָסאָפיע. לויט זיין שיטה, איז די מעטאַפיזיק ניט אַ ווויסנשאַפט פון אַבסאָלוטן, „אמתן עצם פון די זאַכן", נייערט אַ ווויסנשאַפט פון די גרענעצן פונם מענטשלעכן שכל. דערקענטעניש באַרועז און באַציען זיך אייציק און אַליין אויף דערפאַרונג, אויף דערקענטעניש פון די חושים. די חושים גיבן אונז ידיעות פון אַ רעאַלער אויסערלעכער וועלט, זיי ליווערן דעם שטאָף דער דער־

**אָבער היות אויף אַזאַ אופן האָב איך שוין פריער אײַנ־ געזאַפּט אין מיין מוח אויך די שיטות פון שפּינאָזע[1], ד. י. וּם**

---

פאַרונגן; דער שטאָף אָבער איז אין דער דערשיינונג אומאויפלייזבאַר פאַרבונדן מיט דער פאָרם פון דער דערפאַרונג, וואָס שטאַמט פון אונזער כּוח־ההכּרה (כּוח פון דערקענטעניש), ד. ה. פון אונז אַליין. דידאָזיקע פאַרבינדונג מאַכט עס אונז אוממעגלעך צו דערקענען די זאַך אָן און פאַר זיך, וואָס כאָטש זי עקסי־ סטירט, אָבער נאָר ווי אַ דערשיינונג פאַר אונז. די וועלט פון דערשיינונגען (mundus sensibilis) איז פאַר אונז דיווירקלעכע וועלט, ניט בלויז איר שיין. אידעען און אידעאַלן בילדן די וועלט פון ריינעם פאַרשטאַנד (mnndus intelligibilis), וואָס עקסיסטירט נאָר אינם סוביעקט, האָט ניט קיין שום געגנשטאַנד, גיט ניט קיין שום אָביעקטיווע דערקענטעניש. אידעען און אידעאַלן זיינען די צילפּונקטן און די ריכטליניען פון דענקען און האַנדלען; זיי זיינען ניט דערקענטענישן פון טעאָרעטישן שכל, נייערט פּאָסטולאַטן פון פּראַקטישן פאַרשטאַנד, — ניט געגנשטאַנדן פון וויסן, נייערט געגנשטאַנדן פון גלויבן.

דאָס איז דער קערן פון קאַנטס פילאָסאָפיע, וואָס ער האָט געגעבן אין זיין הויפּט־ווערק „קריטיק דער ריינען פערנונפט“.

אין דער עטיק באַטאָנט קאַנט קודם־כּל דעם באַגריף פון חוב. — בלויז די אַכטונג צום זיטלעכן געזעץ מאַכט מאָראַליש די האַנדלונג פונם מענטשן. דער העכסטער פּרינציפּ פון זיטלעכקייט איז די אויטאָנאָמיע, דער פרייער ווילן, אומאָפּהענגיק פון באַשטימענדיקע סיבּות פון דער חושים־וועלט, — ד. ה. דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו. דער איבערז.

[1] שפּינאָזעס שיטה — דער ספּינאָזיזם אָדער פּאַנטעיזם — איז דער געדאַנק פון איינהייט, איינהייט פונם גייסט מיט דער גאַנצער נאַטור. די נשמה איז אַ טייל פון דער אַלץ אַרומנעמענדיקער נאַטור, פון דער סובסטאַנץ, וואָס אַנטפּלעקט זיך אונז אין צוויי אַטריבוטן: אויסשפּרייטונג און דענקען, מאַטעריע און גייסט. אַלע זאַכן און אַלע אידעען זיינען מאָדוסן, אופנים און פאָרמען פון דער הויָה, פונם דאָזיין פון דער דאָזיקער איינציקער סובּ־ סטאַנץ, וואָס אויסער אים איז ניטאָ קיין זיין און קיין גאָטהייט: Deus sive Natura — די נאַטור אַליין איז גאָט. וואָס מער מיר דערקע־ נען די איינצלזאַכן, אַלץ מער דערקענען מיר גאָט. און וואָס מער און וואָס בּע־

Hume[1]) און לייבניץ[2]), איז אויך געווען נאַטירלעך מיין פאַרלאַנג צו פאַראייניקן און באַהעפטן דידאָזיקע אַלע שיטות אין איינער.

איך האָב צונויפגעשטעלט דידאָזיקע פאַראייניקטע סיסטעם בכּתב אין דער פאָרם פון הערות און דערקלערונגען צו קאַנטס „קריטיק פון ריינעם שכל“, צונויפגעשטעלט ביסלעכווייז, לויט זי האָט זיך בהדרגה אַנטוויקלט ביי מיר גופא, און פון דידאָזיקע הערות און דערקלערונגען איז צולעצט אַנטשטאַנען מיין „טראַנ־

---

סער מיר דערקענען גאָט, אַלץ מער ליבן מיר אים, און דידאָזיקע אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט איז אַ טייל פון דער אומענדלעכער ליבע, וואָס גאָט ליבט זיך אַליין מיט איר. אין דער דאָזיקער דערקענטעניש און ליבע איז אונזער ישועה, אונזער גליק, אונזער פרייהייט. דער איבערז.

[1]) דאַוויד יום (1711—1776) — ענגלישער מלוכה־מאַן, היסטאָריקער און פילאָסאָף. ער לערנט: די שעפערישע קראַפט פון דענקען שפרייט זיך אויס בלויז אויף דער פעיקייט צו פאַרבינדן, אומצושטעלן, צו פאַרגרעסערן אָדער צו פאַרקלענערן דעם שטאָף, וואָס די חושים און די דערפאַרונג ליווערן דעם מענטשן. אויף אַזאַ אופן אַנטשטייען אַלע אידעען, אויך די אידעע פון גאָט, — אינם פאַרשטאַנד. פאַרבינדונגען פון אידעען קענען קומען בלויז דורך דער טעטיקייט פון דענקען, אומאָפּהענגיק פון דער מציאות. סיבות און ווירקונגען, פאַרקערט, וואָס באַציען זיך נאָר אויף פאַקטן, קענען אַנטדעקט ווערן ניט דורך דער פאַרנונפט, נייערט דורך דערפאַרונג. דער העכסטער ציל פון מענטשלעכער דערקענטעניש באַשטייט בלויז דערין, די עמפּיריש־אויסגעפונענע סיבות פון די נאַטור־ערשיינונגען צוזאַמענצופאַסן אייגהייטלעך און די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די באַזונדערע ווירקונגען אונטערצואָרדענען צו ווייניקע הויפּט־סיבות. וואָס איז שייך אָבער דער איינציקער סיבה פון אַלע סיבות, וועט דער מענטשלעכער געדאַנק זי קיינמאָל ניט אַנטדעקן. זיין מי איז אַרויסגעוואָרפן.

אַדאַנק יומען איז קאַנט געקומען צו זיין קריטיציזם.

דער איבערז.

[2]) לייבניץ — זע אויבן אַ באַזונדערע הערה וועגן אים.

דער איבערז.

סצענדענטאַלע פילאָסאָפיע״[1]). דאָ האָב איך אַנטוויקלט יעדע פון די דערמאָנטע סיסטעמען אויף אַזאַ אופן, אַז דער פאַראייניקונגס-פונקט פון זיי אַלע ווייזט זיך זייער לייכט אַרויס. דעריבער וועט מיין ווערק שווער זיין צו פאַרשטיין פאַר דעמיעניקן, וואָס מחמת ניט געװוג אַנטוויקלטער בייגעוודיקייט אין דענקען האָט ער אויסגעלערנט בלויז איינע פון דידאָזיקע שיטות, אומגעאַכט אויף אַלע אַנדערע.

די וויכטיקע פראָבלעם, וואָס קאַנטס „קריטיק״ באַשעפטיקט זיך מיט איר פאַרענטפערונג: quidjuris? (וואָס איז אַזוינס רעכט?) איז דורכגעפירט אין מיין בוך און פאַרענטפערט אין אַ פיל ברייטערן זין ווי ביי קאַנטן אַליין, און דאָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו לאָזן פלאַץ פאַר יומס סקעפּטיציזם[2]) אין זיין

[1]) טראַנסצענדענטאַלע פילאָסאָפיע באַשעפטיקט זיך איבערהויפט ניט מיט געגנשטאַנדן, נייערט מיטן אופן, ווי מיר דערקענען געגנשטאַנדן, אויף וויפיל דער דאָזיקער אופן פון דערקענטעניש איז אַפריאָרי מעגלעך, אומאָפּהענגיק פון דערפאַרונג. מיט אַנדערע ווערטער: די טראַנסצענדענטאַלע פילאָסאָפיע איז אַ וויסנשאַפט, וואָס שטודירט די אַפריאָרישע יסודות פונם גאַנצן עקסיסטירנדיקן וועלטאַל, — די „אמתע מעטאַפיזיק״. — טראַנסצענדענטאַל איז אַלץ, וואָס פסיכיש, וואָס איז צוגעגנגלעך בלויז דער סוביעקטיווער דערקענטעניש, דהיינו: בלויזע באַגריפן, אידעען, אידעאַלן. דאָס איז אַ באַטראַכטונג, הייסט עס, וועגן די אינהאַלטן פונם באַוואוסטזיין, ניט נאָכצופרעגן, צי דידאָזיקע אינהאַלטן זייַנען בהסכּם מיט אַן אָביעקטיוון געגנשטאַנד. טראַנסצענדענטאַלע אידעען ווערן עמפּירישע פאָרשונגען און באַגריפן, אויב זיי ווערן אַריבערגעטראָגן אויף אָביעקטיווע געגנשטאַנדן, וואָס לאָזן זיך דערקענען דורך דער חושימדיקער דערפאַרונג. זיי ווערן אָבער ריין-טראַנסצענדענטישע (איבער-פסיכישע) באַגריפן, אויב זיי ווערן אָנגענומען אָן אַ וועלכן-ס׳איז סמך אויף דערפאַרונג, אַפילו אָן אַ שום מעגלעכקייט פון דערפאַרונג.

שלמה מיימונס „טראַנסצענד. פיל.״ איז אַ נויטווענדיקע תּוספתּא צו קאַנטס „קריטיק פון ריינעם שכל״, אָבער די ביז איצט געשריבענע, אין אַ געוויסן זין טענדענציעזע, אומדאַנקבאַרע אַלגעמיינע געשיכטע פון פילאָסאָפיע האָט אַפילו זיין נאָמען ניט דערמאָנט. דער איבערז.

[2]) סקעפּטיציזם אָדער סקעפּטישע פילאָסאָפיע איז די פילאָ-

פולער קראַפט, פון דער אַנדער זייט פירט אָבער די פולשטענ־
דיקע פאַרענטפערונג פון דער דאָזיקער פּראָבלעם בהכרח צום
דאָגמאַטיזם פון שפּינאָזע און לייבניץ.

נאָכדעם ווי איך האָב געענדיקט דעם דאָזיקן ווערק, האָב
איך געוויזן דעם הערן ה[1]). דער דאָזיקער הער האָט זיך מודה
געווען, אַז הגם ער ווערט גערעכנט צווישן קאַנטס חשובסטע
תּלמידים און האָט פלייסיקער פון אַלעמען באַזוכט זיינע פילאָסאָ־
פישע לעקציעס, ווי דאָס איז, אַגב, צו זען פון איינער פון זיינע
שריפטן, — דאָך אָבער איז ער ניט בכּוח צו אורטיילן ניט
וועגן דער „קריטיק" גופא, ניט וועגן אַן אַנדער ווערק, וואָס
רעדט וועגן איר. ער האָט מיר דעריבער געראָטן איבערצושיקן
מיין כּתב־יד דירעקט צו קאַנטן אַליין און בעטן אים אַרויסזאָגן
זיין משפּט; ער האָט מיר אויך מבטיח געווען פון זיין זייט צו
שרייבן וועגן מיר צו דעם דאָזיקן גרויסן פילאָסאָף.

בכן האָב איך אַוועקגעשיקט צו קאַנטן מיין ווערק צוזאַ־
מען מיט אַ בריוו. אויך הער ה. האָט וועגן מיר געשריבן צו
אים. עס איז אָבער אַוועק אַ גענוג לאַנגע צייט, איידער ס'איז
געקומען אַן ענטפער. צום סוף איז דער ענטפער געקומען הן
צו מיר הן צום הערן ה.

אינם בריוו צו דעם דאָזיקן הערן האָט קאַנט, צווישן אַנ־
דערן, געשריבן:

„אָבער ווי פאַלט אייך איין, ליבסטער פריינד, מיר צו

---

סקעפּטישע ריכטונג, וואָס האָט דעם צווייפל געמאַכט פאַרן פּרינציפּ פון דענקען,
באַזונדערס דעם צווייפל אין זיכערן אמת. דער אַ ב ס אָ ל ו ט ע ר סקעפּטיציזם
לייקנט אָפּ די מעגלעכקייט פון י ע ט וו י ד ע ר דערקענטעניש, ווערט גערעכנט
פאַר אומפּרוכטבאַר אין דער וויסנשאַפט. דער ר ע ל אַ ט י וו ע ר סקעפּטיציזם
לייקנט די מעגלעכקייט פון אַ פילאָסאָפישער מעטאַפיזישער דערקענטעניש, און
האָט אַ סך אָנהענגער. י ו מ ס סקעפּטיציזם איז געווען אַ ר ע ל אַ ט י וו ע ר.

ד ע ר א י ב ע ר ז.

[1]) ה... — מאַרקוס הערץ, זע אויבן אַ באַזונדערע הערה וועגן אים.

ד ע ר א י ב ע ר ז.

שיקן אַ גרויסן פּאַק כתבים מיט די דינסטע חקירות, און דאָס ניט בלויז אויף דורכצולייענען, נייערט אויך אויף דורכצודענקען און אַרויסצוטראָגן אַ משפט?! איך בין דאָך שוין אין 66-טן יאָר פון מיין לעבן און פאַרוואָרפן נאָך מיט אַ גרויסער און שווערער אַרבעט צו פאַרענדיקן מיין פּלאַן (טיילווייז איבערן לעצטן טייל „קריטיק", וועגן דער קראַפט פון אורטיילן, וואָס דאַרף בקרוב דערשיינען, און טיילווייז איבער דער באַאַרבעטונג פון מיין סיס-טעם פון דער מעטאַפיזיק פון דער נאַטור און פון די זיטן בהסכם מיט די פאָדערונגען פון דער קריטיק פון ריינעם שכל).

חוץ דעם לאָזן מיך ניט אָפּעטעמען מאַסן בריוו, וואָס קומען אָן אויפהער אָן צו מיר מיט בקשות צו געבן דערקלערונ-גען אויף געוויסע שטעלן אין מיינע ווערק, און דערצו האָט זיך מיין געזונט-צושטאַנד אַ וואַקל געטאָן.

איך בין דעריבער שוין געווען אַנטשלאָסן אייך אָפּצושיקן צוריק דעם מאַנוסקריפּט און זיך אַנטשולדיקן פאַר אייך מיט די אויבנדערמאָנטע גאַנץ-באַגרינדעטע טעמים. אָבער בלויז אַ בליק, וואָס איך האָב געוואָרפן אויפן מאַנוסקריפּט, האָט מיך כהרף-עין איבערצייגט, אַז איך האָב דאָ פאַר זיך אַ ווערק אַן אויסערגעוו-וויינלעכן און אַז קיינער פון מיינע קעגנער האָט ניט בלויז ניט פאַרשטאַנען מיינע רייד און די הויפּט-פראַגע, אַזוי ווי הער מ י י מ ו ן, נייערט אַז אויך בלויז ווייניקע זיינען אַזוי מסוגל ווי ער צו פאַרטיפן זיך מיט אַזאַ חריפות אין אַזעלכע טיפע חקירות, און בלויז אָט דאָס האָט מיך באַוואויגן אאַז"וו".

אין אַן אַנדער שטעל אין דעם דאָזיקן בריוו זיינעם שרייבט קאַנט:

„הער מיימונס ווערק אַנטהאַלט, אַגב, אַזוי פיל חריפותדי-קע באַמערקונגען, אַז ווען ער וואָלט אים פאַרעפנטלעכט, וואָלט ער געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק און וואָלט זיך דערוואָרבן גרויס כבוד, אאַז"וו".

אין זיין בריוו צו מיר שרייבט קאַנט:

„אייער הויכאיידלן פאַרלאַנג האָב איך מיך באמת צו דער-פילן, אויף וויפיל דאָס איז פאַר מיר מעגלעך געווען, און אויב

איך האָב ניט געקאָנט געבן קיין פולשטענדיקע אָפּשאַצונג פון אייער גאַנצן ווערק, וועט איר די אורזאַך דערפון זיך דערוויסן פונם בריוו צו הערן ה. געוויס דאַרף מען דאָס ניט אָננעמען פאַר גרינגשעצונג, דען איך האָב ניט קיין גרינגשעצנדיקע באַציִונג צו קיין שום ערנסטער שטרעבונג צו פאַרגינפּטיקע פאָרשונגען לטובת דער מענטשהייט, אַמווייניקסטן אָבער צו אַזעלכע אַרבעטן, ווי די אייעריקע, וואָס זאָגן עדות וועגן אייערע אויסערגעוויינלעכע כשרונות צו טיפזיניקע וויסנשאַפטן".

מ׳קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, ווי וויכטיק און אָנגענעם מיר האָט געמוזט זיין דער הויכער לויב פון דעם דאָזיקן גרויסן מבין. באַזונדערס איז מיר וויכטיק געווען זיין עדות, אַז איך האָב גוט פאַרשטאַנען זיין סיסטעם, דען דאָס וועט מיר דינען פאַר אַ שוץ קעגן אייניקע שטאָלצע קאַנטיאַנער, וואָס האַלטן, אַז בלויז זיי אַליין האָבן באַנומען די קריטישע פילאָסאָפיע, און דעריבער גופא זיינען זיי אַלע מאָל מבטל יעטווידע השגה, וואָס מעג אָפילו גאָר ניט האָבן בכוונה סותר צו זיין דידאָזיקע פילאָסאָפישע שיטה, נייערט גיכער נעענטער און ברייטער אויפצוקלערן זי, — זיינען מבטל אָן שום ראיה בלויז מיט דער הוילער באַהויפּטונג: „דער מחבר האָט ניט פאַרשטאַנען קאַנטן". מיין אַרבעט וועלן זיי שוין ניט קאָנען אָפּפאַרטיקן מיט דער דאָזיקער פראַזע, ווייל לויט דעם עדות־זאָגן פונם שעפער גופא פון דער דאָזיקער פי־לאָסאָפיע קאָן איך גאָר נאָך מיט פיל מער רעכט באַנוצן זיך מיטן דאָזיקן אַרגומענט קעגן אָט די הערן.

אין דער דאָזיקער צייט האָב איך געוואוינט אין פּ אָ ט ס־דאַם אויף דער לעדער־פאַבריק פון הערן י.. אָבער אַז עס זיי־נען מיר אָנגעקומען קאַנטס בריוו, בין איך גלייך אַוועקגעפאָרן קיין בערלין און האָב מיך באַשעפטיקט מיטן אַרויסגעבן מיין „טראַנסצענדענטאַלע פילאָסאָפיע".

ווי אַ געבירטיקער פון פוילן, האָב איך געווידמעט דעם דאָזיקן ווערק מיינעם דעם קיניג פון פוילן[1]) און האָב אויך צו־

---

[1]) סטאַניסלאַוו אויגוסט (רעג. 1764—1795). דער איבערז.

געשטעלט אַן עקזעמפּלאַר דעם פּוילישן רעזידענט (אַמבאַסאַדאָר, קאָנסול) אין בערלין אויף איבערצושיקן אים צום קיניג. אָבער מיין בוך איז צום קיניג ניט אָפּגעשיקט געוואָרן און מ׳האָט מיך מדחה געווען פון טאָג אויף טאָג מיט פאַרשיידענע תּירוצים... פאַרן קלוגן איז גענוג אַ וואונק! —

איין עקזעמפּלאַר פון דעם דאָזיקן ווערק איז דורך דער עקספּעדיציע פון פאַרלאַג, כּנהוג, אַוועקגעשיקט געוואָרן אין רעדאַקציע פונם זשורנאַל „אַלגעמיינע ליטעראַטור־צייטונג". היות עס איז אַוועק אַ לענגערע צייט און אין זשורנאַל איז מיין בוך אַפילו ניט דערמאָנט געוואָרן, האָב איך אַליין אַוועקגעשריבן אַהין און געפרעגט די סיבה. דערויף האָב איך באַקומען פון רעדאַקטאָר פאָלגנדיקן ענטפער:

„איר ווייסט אַליין, ווי קליין עס איז די צאָל פּערזאָנען, וואָס זיינען פעיק ריכטיק צו פאַרשטיין און צו באַאורטיילן פילאָסאָפישע ווערק. דריי אויסגעצייכנטע דענקער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו רעצענזירן אייער ווערק, ווייל זיי זיינען ניט בכּוח אַריינצודרינגען אין דער טיפקייט פון אייערע חקירות. דאַן איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן די רעצענזיע אַ פערטער פּערזאָן, און עס איז דאָ אַ האָפענונג צו באַקומען פון איר אַ באַפרידעווודיקן ענטפער, אָבער דאָך איז אויך פון איר עד עתּה נאָך ניט דערהאַלטן געוואָרן די געווינטשטע רעצענזיע".

אין דער צייט האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אויף פאַרן „זשורנאַל פיר אויפקלערונג". מיין ערשטער אַרטיקל אין דעם דאָזיקן זשורנאַל איז געווען אונטערן טיטל „וועגן אמת", צונויפגעשטעלט אין דער פאָרם פון אַ בריוו צו מיין איידעלן פריינד הערן ל. אין בערלין. באַוואויגן דערצו האָט מיך אַ בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון דעם דאָזיקן פריינד בעת מיין וואוינען אין פּאָטסדאַם אויף דער לעדער־פאַבריק און וואו ער האָט מיר געשריבן אין אַ קאַטאָווועסדיקן טאָן:

„די פילאָסאָפיע גילט מער ניט אין אונזער צייט. דעריבער ראָט איך דיר: באַדענק דיך, נוץ אויס די געלעגנהייט און לערן דיך אויס די לעדער־גאַרבעריי".

איך האָב אים געענטפערט:

„די פילאָסאָפיע איז ניט קיין מטבע, וואָס איז אונטער־וואָרפן דער פאַרענדערונג פונם וועקסל־קורס“.

נאָכדעם האָב איך דעם דאָזיקן זאַץ דערקלערט אין מיין דערמאָנטן אַרטיקל אויף אַ פילאָסאָפישן אופן.

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל ווערט אָפּגעוואָרפן וואָלפס דער־קלערונג פון לאָגישן אמת, וואָס באַשטייט אין אַ הסכם פון אונ־זער אורטייל מיטן אָביעקט[1]). די־אָזיקע דערקלערונג איז ניט ריכטיק, דען די לאָגיק איז אַבסטראַהירט פון אַלע באַזונדערע אָביעקטן, בכן איז דאָ ניטאָ וואָס צוריידן וועגן הסכם[2]). דער לאָגישער אמת קען דעריבער ניט באַשטיין אין אַ הסכם פון אונ־זער דערקענטעניש מיטן (באַזונדערן) אָביעקט, נייערט אין איר הסכם מיט איין אָביעקט איבערהויפּט, אָדער מיט זיך אליין[3]) (ווייל זי אַנטהאַלט ניט קיין שום סתירה), דען דאָס, וואָס עס איז ניט בהסכם מיט זיך אַליין (פאָרמעל), קען ניט געדענקט ווערן אין קיין שום אָביעקט (מאַטעריעל). אמת מוז הייסן בלויז דאָס לאָגישע (די פאָרמען פון אידענטיטעט — פולער גלייכ־קייט[4]) און פון סתירה); אָביעקטיוויטעט (די באַציִונג אויף אַ רעאַלן אָביעקט), פאַרקערט, מוז הייסן רעאַליטעט.

נאָכדעם גייט אַ פאַרגלייכונג צווישן דעם געברויך פון אַ רעאַלער און אידעאַלישער מטבע און דעם געברויך פון אַ רעאַלער[5]) און פאָרמעלער[6]) דערקענטעניש; ווי אויך אַ פאַר־

[1]) ד. ה. אונזער לאָגישער אורטייל וועט דאַן זיין אמת, ווען ער וועט זיין אָביעקטיוו. דער איבערז.

[2]) ד. ה. וועגן אָביעקטיווקייט. דער איבערז.

[3]) מיטן סוביעקט. דער איבערז.

[4]) דהיינו: $A=A$. דער איבערז.

[5]) רעאַלע דערקענטעניש הייסט די אָביעקטיווע דערקענטעניש פון דערווירקלעכער וועלט אויפן יסוד פון וויסנשאַפטלעכע, דער־עיקר נאַטור־וויסנ־שאַפטלעכע באַווייזן. זי האָט ניט אין יסוד קיין אַפּריאָרישע באַווייזן, נאָר שטו־דירט אַפּריער דעם אינהאַלט. דער איבערז.

[6]) פאָרמעלע דערקענטעניש הייסט די שטרענג־לאָגישע אָדער ריין־לאָגישע דערקענטעניש פון דער וועלט. זי האָט אין איר יסוד אַפּריאָרישע באַ־

גלייך צווישן דער ערשט-דערמאָנטער דערקענטעניש און דער דערקענטעניש דער אינטויִטיווער און סימבאָלישער[1]).

צום סוף ווערט דאָרטן דערוויזן, אַז דאָס אמתע און דאָס (אַבסאָלוט) גוטע האָבן אין דעם זאַץ וועגן אידענטיטעט זייער בשותּפותדיקן פּרינציפּ.

אין אַן אַנדער אַרטיקל אין דעם דאָזיקן זשורנאַל דערווייז איך, אַז טראָפּן[2]) באַטייט בשום אופן ניט די איבערטראָגונג פון אַ וואָרט פון איין געגנשטאַנד אויף אַן אַנדערן, אַן אַנאַלאָגישן (ווי דאָס איז געוויינלעך אָנגענומען צו האַלטן), ווייל אַזאַ וואָרט באַטייט דאָס, וואָס איז געמיינשאַפטלעך ביידע געגנשטאַנדן, בכן ווערט עס דאָך פּאַקטיש ניט איבערגעטראָגן. די אמתע טראָפּן זיינען די איבערטראָגונגען פון ווערטער פון אַ רעלאַציע-גליד אויף זיין קאָרעלאַטום[3]). אַזוי ווי אַלע

---

ווייזן פאַרן שטודירן דעם אינהאַלט. די עצם לאָגיק הייסט פאָרמעלע, אויף וויפיל זי באַטראַכט דעם דענקען אומאָפּהענגיק פון זיין אינהאַלט, ווי עפּעס זעלבשטענדיקס און פאַרענדיקטס. דער איבערז.

[1]) ד. ה. ניט דורך לאָגיק און דערפאַרונג, נייערט דורך אינטויציע און דורך רעליגיעזער אָדער פּאָעטיש-קינסטלערישער באַגייסטערונג. דער איבערז.

[2]) טראָפּן הייסן ווערטער, וואָס ווערן געברויכט אין איבערגעטראָגענעם זין, ווי, למשל: בלאַט פון אַ בוך (איבערגעטראָגן פון דער פלאַנצנוועלט), וכדומה. טראָפּ הייסט אויך די דערקלערונג פון אַ נייער דערשיינונג מיט דער הילף פון איבערטראָגן אויף איר אַ נאָמען פון שוין אַ באַוואוסטער דערשיינונג, ווי, למשל: דאָס פאָלק האָט אַ גרויס ליכט דערזען (איז אויפגעקלערט געוואָרן). — טראָפּן טיילן זיך אויף מעטאַפאָר, מעטאָנימיע, היפּערבאָל, אַלעגאָריע, איראָניע א. אַנד. דער איבערז.

[1]) רעלאַציע-גליד און זיין קאָרעלאַטום — זיינען צוויי באַגריפן, וואָס קענען גערעכנט ווערן פאַר איינעם, ווייל זיי זיינען אומצערייסבאַר. רעלאַציע הייסט פאַרבינדונג צווישן געגנשטאַנדן פון דער מאַטעריעלער און גייסטיקער וועלט, באַזונדערס אין לאָגישן דענקען. רעלאַציע איז איינע פון די קאַטעגאָריעס (הויפּט-עלעמענטן פון וועלט-בנין, אַל-

מינים פאַרהעלטענישן, וואָס אין זיי קאָנען געדענקט ווערן פאַרשיידענע געגנשטאַנדן, קאָנען אין דער לאָגיק אָנגעגעבן ווערן אַפּריאָרי. בכן קאָנען אויך אַלע מינים טראַפּן אַפּריאָרי ווערן באַשטימט און געבראַכט אויף אַ פולשטענדיקער סיסטעם (לויט דעם שטייגער פון די קאַטעגאָריעס).

---

געמיינע באַגריפס-פאָרמען, שטאַם-באַגריפן פון יעדן דענקען און וויסן) ביי אַלע פילאָסאָפן. רוים און צייט, וואָס זיינען אַליין קאַטעגאָריעס, זיינען דאָך אונטערגעוואָרפן דער רעלאַציע, זיינען אינטעגראַל פאַרבונדן; סיבה און פועל-יוצא זיינען רעלאַציע, פאַרבינדונג. אַלע נאַטור-דערשיינונגען זיינען אורזאַכלעכע און צוועקמעסיקע פאַרבינדונגען, ד. ה. — רעלאַציעס. דער פילאָסאָף רודאָלף הערמאַן לאָטצע (1817—1881) זאָגט, אַז די גאַנצע מציאות, דאָס גאַנצע וועלטאַל, דאָס עצם זיין איז רעלאַציע, פאַרבינדונג, אַז זיין הייסט געפינען זיך אין פאַרבינדונגען. וואַרעמקייט און קאַלטקייט זיינען גלידער פון רעלאַציע; פאָטער און זון זיינען גלידער פון רעלאַציע; אַפעקון און אַפעקירטער זיינען גלידער פון רעלאַציע. און דאָ גייען מיר צו צו קאָרעלאַטום (מיט-רעלאַציע). קאָרעלאַטום איז אַ באַגריף פון פאַרלעכקייט פון גאַטונגען, דהיינו: סיבה רופט אַרויס פועל-יוצא, — זיי ווערן גאָרניט געדענקט איינע דעם אַנדערן; פאָטער און זון קאָנען גאָרניט געדענקט ווערן איינער אָן אַנדערן, די עצם טערמינען וואָלטן גאָרניט עקסיסטירן. בכן: אויב סיבה איז איין גליד פון רעלאַציע, דאַן איז פועל-יוצא — איר אומגעטיילטער אַנדער גליד, איר קאָרעלאַטום; אויב פאָטער איז איין גליד פון רעלאַציע, איז זון איר אַנדער גליד, איר קאָרעלאַטום. און אַזוי אָן אַ סוף. הייסט עס, אַז קאָרעלאַטום איז אַ באַגריף, וואָס איז אוממעגלעך געדענקט צו ווערן אָן אַן אַנדער באַגריף, אָן דער רעלאַציע.

רעלאַציע לויט קאַנטן איז אַלס אַ קאַטעגאָריע אָן אַפּריאָרישער באַגריף פון שכל, וואָס מאַכט מעגלעך די דערפאַרונג, האָט אָן אָביעקטיווע באַדייטונג, שאַפט דערשיינונגען.

אַ וואָרט פון רעלאַציע-גליד קאָן אַריבערגעטראָגן ווערן אויף זיין קאָרעלאַטום, ד. ה. דער קאָרעלאַטום (פועל-יוצא, זון אאז״וו) קאָן ווערן רעלאַציע-גליד (סיבה, פאָטער). דער איבערז.

הער רעקטאָר טיפּטרונק איז אין דעם זעלביקן זשורנאַל אַרויסגעטראָטן מיט השגות אויף מיין אַרטיקל, אָבער דערמיט האָט ער מיר געגעבן אַ געלעגנהייט אין אַ צווייטן אַרטיקל ברייטער אויפצוקלערן די טעמים פון מיינע באַהויפּטונגען. איך דערווייז דאָרטן, אַז די דערקלערונג פון וואָלפס דעפיניציע פון אמת: „הסכם פון אונזער אורטייל מיטן אָביעקט" — מיינט נאָר דעם הסכם מיט די באַזונדערע אָביעקטן פונם אורטיילן, ווי דאָס ווייזט זיך קלאָר אַרויס פון די ביישפּילן, וואָס ווערן געבראַכט אין קאָראָלאַריום[1], און אַז דידאָזיקע דעפיניציע פון לאָגישן אמת איז גראָד דערפאַר ניט ריכטיק, ווייל פאַקטיש איז זי ניט די דערקלערונג פון לאָגישן, נייערט פון מעטאַפיזישן אמת. — איך דערווייז אויך דעם אונטערשייד צווישן די פאָרמען פון אידענטיטעט און סתירה און די איבעריקע פאָרמען פון דענקען, ווייל יענע פאָרמען פון דענקען באַציען זיך אויף אַן אָביעקט בכלל, דידאָזיקע פאָרמען אָבער[2]) באַציען זיך אויף אַ באַזונדערן אָביעקט.

יענע פאָרמען פון דענקען זיינען בכן אַלגעמיינגילטיקע, אַבסאָלוטע (זיי זיינען די conaitio sine qua non — דער נויטווענדיקער באַדינג — פון אַן אָביעקט בכלל און פון יעדן באַזונדערן אָביעקט בפרט). דידאָזיקע פאָרמען אָבער[2]) זיינען צווייפלהאַפטע. (קאַנטס דערקלערונג פון דער נויטווענדיקייט פון אָביעקטיוון אורטייל אויפן גרונד פון דער מעגלעכקייט פון אַ סינטעז בכלל איז ניט גענוגנדיק בנוגע די אורטיילן, וואָס באַציען זיך אויף באַזונדערע אָביעקטן). ווייטער, פּונקט ווי דער לאָגישער אמת באַשטייט אין פאָרמעלן דענקען, אַזוי באַשטייט דער מעטאַפיזישער אמת אין רעאַלן דענקען.

---

[1]) קאָראָלאַריום — באַטראַכטונגען, אורטיילונגען, וואָס פליסן אַרויס פון געוויסע הנחות. „קאָראָלאַריום" ווערט געברויכט דער-עיקר ביי ספּינאָזען אין זיין „עטיק". מיימון מיינט דאָ טאַקע ספּינאָזעס „קאָראָלאַריום".
דער איבערז.

[2]) די פאָרמען פון אידענטיטעט און סתירה. דער איבערז.

אין אַן אַנדער אַרטיקל אונטערן טיטל „בעקאָן און קאַנט" מאַך איך אַ פאַרגלייך צווישן די ווירקונגען און אויפטוען פון דידאַקטישע בײדע רעפאָרמאַטאָרן פון דער פילאָסאָפיע. בײדע זײנען אײנשטימיק דערין, אַז די לאָגיק קאָן ברענגען בלויז צו אַ פ אָ ר מ ע ל ע ר, אָבער ניט צו אַ ר ע אַ ל ע ר דערקענטעניש. בײדע טרעטן דעריבער אַרויס קעגן די דרכים פון דענקען פון די מעטאַפיזיקער, וואָס זוכן דעם בלויז פאָרמעלן באַגריף צו מאַכן פאַר אַ רעאַלן דורך זיך, ד. ה. דורך דער לאָגיק, אַליין, ניט נעמענדיק אין אַכט די נאַטור פון דער רעאַליטעט (פון דער מאַטעריע) און די באַדינגונגען, וואָס דורך זיי ווערט דאָס רעאַלע דענקען אונטערוואָרפן די געזעצן פון פאָרמעלן דענקען. ב ע ק אָ ן[1]) און קאַנט אונטערשיידן זיך בלויז מיטן וועג, מיט די מיטלען, וואָס מ'דאַרף אויסקלייבן, בכדי אָפּצוטרעטן פון די מעטאַפיזישע דרכים. ב ע ק אָ ן האָט אויסגעוויילט דעם וועג פון א י נ ד ו ק צ י ע (דעם וועג פון באַקאַנטן צום אומבאַקאַנטן) און אָנגעוויזן די מעטאָדע, ווי אַזוי צו פאַרפולקומען די זעלביקע אינדוקציע. ק אַ נ ט, פאַרקערט, באַשעפטיקט זיך מיטן אַנאַליז פונם כ ו ח ־ ה ה כ ר ה (קראַפט פון דערקענטעניש). בעקאָן לייגט מער אויפמערקזאַמקייט אויף דער ו ו י ר ק ל ע כ ק י י ט פון די געגנשטאַנדן, בעת קאַנט איז מער פאַראינטערעסירט אין דער ר י י נ ק י י ט פון די פאָרמען פון דערקענטעניש און אין דעם

---

[1]) פ ר ע נ ס י ס ב ע ק אָ ן פ ו ן ו ו ע ר ו ל אַ ם (1626—1561) — ענגלישער מלוכה־מאַן און פילאָסאָף. פראָקלאַמירט אַלס העכסטע אויפגאַבע פון דער וויסנשאַפט די באַהערשונג פון דער נאַטור און די צוועקמעסיקע פאָרמירונג פון דער קולטור דורך נאַטור־דערקענטעניש. דערצו איז קודם־כל נײטיק, דער מענטש זאָל זיך באַפרייען פון די פאָראורטיילן און פאַלשע פאָרשטעלונגען. דער אײנציקער זיכערער קוואַל פון דערקענטעניש איז די דערפאַרונג (אָבסערוואַציע און עקספּערימענט). דער אײנציק ריכטיקער מעטאָד איז די א י נ ד ו ק צ י ע, דער לאָגישער גאַנג פון פרט צום כלל, דער פּראָגרעסיווער פּראָצעס פון דער דערקענטעניש פון די פאַקטן מדרגותוויז ביז צו די העכסטע אַקסיאָמען, ביז צו דער דערקענטעניש פון די העכסטע געזעצן פונם גאַנצן קאָסמאָס. ד ע ר א י ב ע ר ז.

געזעצלעכן געברויכן זיי. ענדלעך, איז בעקאַנס מעטאָדע פרוכטבאַרער, אָבער די עווידענץ לויט איר (די קלאָרקייט פון אירע ראיות) איז אַ קלענערע; קאַנטס מעטאָדע, פאַרקערט, — איז ווייניקער פרוכטבאַר, דערפאַר אָבער איז די עווידענץ לויט איר די שטרענגסטע, די זיכערסטע.

אין דעם דאָזיקן זשורנאַל „זשורנאַל פיר אויפקלערונג" האָב איך אויך פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל „וועגן דער נשמה פון דער וועלט"[1]), וואו איך האָב מיך באַמיט צו דערווייזן, אַז די באַהויפּטונג וועגן אַן איינציקער וועלט־נשמה, וואָס איז געמיינשאַפטלעך אַלע באַזונדערע וועזנס (אָדער וואָס איז כולל אַלע נשמות), קאָן זיין אמת ניט בלויז פונקט אַזוי גוט ווי די קעגנגעזעצטע באַהויפּטונג, נייערט זי האָט פאַר זיך אַפילו נאָך איבערוויגנדיקע יסודות. איך פאַרגלייך די שטרייטפראַגע וועגן דער איינציקייט אָדער מערקייט (זינגולאַריטעט אָדער פּלוראַליטעט) פון די נשמות מיט דער שטרייטפראַגע וועגן דער אַנטשטייונג פון די עצמס לויט דער שיטה פון עוואָלוציע[2]) אָדער עפּיגענעזיס[3]) און אויפן סמך פון אַ ריי אַנ־

---

[1]) לויט דער יידישער רעליגיאָנס־פילאָסאָפיע, איז גאָט די נשמה פון דער וועלט און די נשמה פון יעדן מענטשן איז אַ חלק אלוה ממעל (אַ טייל פון גאָט פון אויבן); לויט פּלאַטאָן, איז דער אייביקער אידעישער פייער אָדער די אייביקע פייערדיקע אידעע די נשמה פון דער וועלט און יעטווידע מענטשלעכע נשמה איז אַ טייל פון אָט דעם אייביקן וועלט־פייער, בכן האַלט ער פון דער פּרעעקסיסטענץ און אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה. דער איבערז.

[2]) עוואָלוציע — אַנטוויקלונג, אייגנטלעך, אויסוויקלונג פון אַ זאַך, וואָס איז געווען איינגעוויקלט — די לערע, אַז דער עמבריאָן פון די בעלי־חיים און פלאַנצן איז שוין פאַרטיק פאַראויסגעבילדעט אינם זוימען אָדער אין איי און דאַרף זיך בלויז אויסוויקלען מיטן פּראָצעס פון וואַקסן. דער איבערז.

[3]) עפּיגענעזיס — אַנטוויקלונג דורך אומאויפהערלעכער ביילדונג, דיפערענצירונג פון טיילן, — דורך אייביקער באַשאַפונג פון נייע עצמס. די טעאָריע פון עפּיגענעזיס איז דער קעגנזאַץ פון דער עוואָלוציאָנס־טעאָריע. דער איבערז.

געגעבענע דערפארונגען און עקספערימענטן האלט איך די לעצ־טע סיסטעם פאר אמת, און איך דערוויז, אז אט די לעצטע סיסטעם איז אין הסכם מיטן באגריף — פון א וועלט־נשמה. צום סוף דערווייז איך, אז די באהויפטונג פון א וועלט־נשמה, לכל־הפחות ווי א אידעע, האט א סך מער מעלות, איידער לייבניצעס הארמאניע און זיין טעאריע פון טונקעלע פארשטעלונגען; אויך נאך אנדערע מאטיוון האב איך גע־בראכט לטובת מיין באהויפטונג.

מיין לעצטער ארטיקל אין דעם דאזיקן זשורנאל[1]) האט א שייכות צום פלאן פון מיין „טראנסצענדענטאל־פילאסאפיע".

איך דערקלער דארטן, אז קאנטס פילאסאפיע בשייכות צו איר שארפער קריטיק קעגן דעם דאגמאטיזם איז פעסט און אומ־באזיגבאר; דערפאר אבער האט זי זייער א סך אויסצושטיין פון די אנגריפן מצד יומס סקעפטיציזם. איך אנטוויקל צוליב דעם די סקעפטישע שיטה אין איר גרעסטער שטרענגקייט און אין איר וויטסטן און ברייטסטן היקף, און מיין באזונדערע פילאסאפישע פאזיציע האט ארויסגערופן אן ערגערניש ניט נאר מצד דער דאגמאטישער, נייערט אויך מצד דער אוויגערו־פענער קריטישער פילאסאפיע.

* *

*

נאך ביים לעבן פון משה מענדלזאן האבן יונגע יידי־שע משכילים פון אלע מדינות אין דייטשלאנד זיך פאראייניקט אין א געזעלשאפט אונטערן נאמען „חברת דורשי שפת עבר" (געזעלשאפט פון פארשער פון דער העברעישער שפראך), זיי האבן מיט רעכט אנערקענט, אז די סיבה פון דער שלעכטער לאגע, דער מאראלישער ווי דער פאליטישער, פון דער יידישער אומה — ליגט אין די רעליגיעזע פאראורטיילן[2]), אינם

---

[1]) „זשורנאל פיר אויפקלערונג". דער איבערז.

[2]) די משכילים האבן ניט פארשטאנען דעם אמתן סוד פון דער גע־

מאַנגל פון אַ פאַרנינפטיקן ביאור אויף תנ״ך און אין דער פאַר-
קריפּלטער אויסטייטשונג פון די פסוקים, וואָס קומט פון דעם
ניט-קענען די העברעיִשע שפּראַך. דער ציל פון דער דאָזיקער
געזעלשאַפט איז בכן געווען: אָפּצושאַפן דעם דאָזיקן מאַנגל, צו
שעפן די קענטעניש פון דער העברעיִשער שפּראַך פון אירע
מקורים גופא און דורך דעם איינצופירן אַ פאַרנינפטיקן קאָמענ-
טאַר אויף תנ״ך. צו דעם דאָזיקן צוועק האָבן זיי באַשלאָסן
אַרויסצוגעבן אַ העברעיִשן חודשדיקן זשורנאַל מיטן נאָמען
„המאסף״ (דער זאַמלער), וואָס אין אים זאָלן אַריינקומען ביאורים
אויף ביבלישע טעקסטן, העברעישע שירים, פּראָזאַיִשע אַרטיק-
לען, איבערזעצונגען פון נוצלעכע ווערק פון דער וועלט-ליטעראַ-
טור וכדומה.

איך האָב פון אָנהייב אָן געזען, אַז כאָטש די כוונה איז
געווען אַ גוטע, דאָך וועט דורך דעם קוים דערגרייכט ווערן
דער געווינטשטער צוועק. איך בין צופיל באַקאַנט געווען מיט
די פּרינציפּן פון די רבנים און מיט זייער שטייגער דענקען, איך
זאָל קאָנען גלויבן, אַז אַזוינע מיטלען, ווי אַ זשורנאַל, זאָלן
שאַפן אַ וואָסערע-ס'איז ענדערונג. די יידישע נאַציע, ניט גע-

---

שיכטע און די טרייבפעדערן, די ספּרונגדזיגעס פונם מעכאַניזם פון דעם סאָציאַל-
פּאָליטישן סדר העולם און האָבן קיין שום אַנונג ניט געהאַט פון די הויפּט-טענ-
דענצן פון דער געזעלשאַפטלעכער עוואָלוציע. זיי האָבן גאָר ניט חושד געווען,
אַז אין דער מענטשלעכער געשיכטע גייט דורך ווי אַ רויטער פאָדים אַ פאַטאַ-
לער געראַנגל צווישן באַדריקער און באַדריקטע אויפן יסוד פון פּריוואַט-אייגנטום
און אַז דער חורבן פון נאַציעס און די סיסטעם פון רדיפות אויף אונטערדריקטע
און באַדריקטע פעלקער בכלל און אויף דעם יידישן בפרט זיינען אַ פּועל-יוצא
פון שקלאַפנהערשערישע פעאָדאַלע און קאַפּיטאַליסטישע רעזשימען. זיי האָבן
ניט באַגריפן, אַז אומוויסנקייט, פאָראורטיילן וכדומה זיינען בכלל בלויז אַ ר ע-
ז ו ל ט אַ ט  פ ו ן  א ו נ ט ע ר ד ר י ק ו נ ג און אַ מ י ט ל פאַר ווייטערדיקער
פאַרשקלאַפונג. גראָד די געשיכטע פון דער השכלה האָט עס בולט דערוויזן. אַ
פאָלק קאָן ווערן זייער אויפגעקלערט און דאָך פאַרבלייבן סאָציאַל, פּאָליטיש און
נאַציאָנאַל פאַרשקלאַפט. ד ע ר  א י ב ע ר ז.

קוקט אויף צופעליקע אָפּנייגונגען, איז בלויז אויסערלעך אַ ט ע־
אָ ק ר אַ ט י ע, אָבער אין דער אמתן איז זי שטענדיק אַן אַ ר י־
ס ט אָ ק ר אַ ט י ע. די לומדים, וואָס בילדן דעם אַ ד ל פון פאָלק,
האָבן זינט אַ סך הונדערטער יאָרן, ווי אַ געזעצגעבערישע קער־
פערשאַפט, געקענט אויף אַזויפיל זיך דערוועריבן די אַכטונג פון
די פאָלקסמאַסן, אַז זיי האָבן געקאָנט מאַכן מיט זיי, וואָס זיי
האָבן געוואָלט. דידאַזיקע הויכע אַכטונג איז אַ נאַטירלעכער
צינז, וואָס די שוואַכקייט צאָלט דער שטאַרקייט. דען היות די־
נאַציע איז צעטיילט אין אַזעלכע צוויי אומגלייכע שטאַנדן, אין אַ
שטאַנד אַ פ ש ו ט ־ ה מ ו נ י ש ן און אין אַ שטאַנד פון ג ע ל ע ר נ־
ט ע, און היות פאַרשיידענע סיבות האָבן גורם געווען די שלעכ־
טע פאָליטישע לאַגע פון דער נאַציע און די פשוטע פאָלקס־מאַסן
זיינען מחמת דעם געוואָרן העכסט אומוויסנדיק ניט בלויז אין
אַלע ניצלעכע קענטענישן און וויסנשאַפטן, נייערט אַפילו אין די־
געזעצן פון זייער רעליגיע, כאָטש דערפון זאָל דאָך אָפּהענגען
זייער אייביק גליק, — מוזן זיי, דידאַזיקע פאָלקסמאַסן, בהכרח
איבערלאָזן אינגאַנצן דער ג ע ל ע ר נ ט ע ר ק אָ ר פּ אָ ר אַ צ י ע
דעם ענין קאָמענטירן די כתבי־הקודש, איינשטעלן די רעליגיע־
זע געזעצן, וואָס ווערן פון זיי אַרויסגעדרונגען, און די תקנות
און די מנהגים אין פאַרשיידענע פאַלן. און דערפאַר האַלט דאָס
פאָלק אויס דידאָזיקע קאָרפּאָראַציע אויף זיין חשבון.

און אָט דידאָזיקע לומדים באַמיען זיך ממלא צו זיין דאָס,
וואָס עס פעלט זיי אין דער קענטעניש פון דער העברעישער
שפּראַך און אין אַ פאַרנינפטיקער ביבלישער עקזעגעטיק, מיט
אייגענעם געניוס, חריפות און פילפול. מ׳דאַרף אַליין לערנען דעם
תלמוד מיט זיינע מפרשים בכלל און מיט „תוספות" (הוספות צום
ערשטן פירוש פון ר׳ ש ל מ ה י צ ח ק י — ר ש " י) בפרט, בכדי
צו באַקומען אַ באַגריף פון דער הויכער מדרגה פון דידאָזיקע
גרויסע טאַלענטן.

דעריבער שאַצן דידאָזיקע געלערנטע תלמודיסטן ניט אָפּ
דעם ווערט פון גייסטיקע שאַפונגען לויט דעם גראַד פון זייער
ת כ ל י ת און נ י צ ל ע כ ק י י ט, נייערט לויט דער מדרגה פון

די כשרונות, וואָס פאָדערן זיך דערצו. אַ מענטש, וואָס קען די העברעישע שפּראַך, איז אַ בקי אין תנ״ך און האָט אפילו אין קאָפּ דעם גאַנצן יידישן קאָרפּוס יוריס (געזעץ־קאָדעקס)— דעם „שולחן ערוך״ (וואָס איז באמת ניט קיין קלייניקייט),—אַזאַ מענטש ווערט ביי זיי ווייניק געשעצט. דער גרעסטער לויב, וואָס זיי גיבן אַזאַ איינעם אַ בקי, איז: „חמור נושא ספרים״, ד. ה. אַן אייזל אָנגעפּאַקט מיט ספרים. דערקעגן, ווערט ביי זיי כמעט פאַרגעטערט דער חריף, וואָס איז בכוח מיט זיין אייגענעם געניוס פון שוין באַקאַנטע געזעצן מחדש צו זיין נייע, צו מאַכן דינע, שאַרפזיניקע לאָגישע אונטערשיידונגען און פאַרגלייכונגען און אויפצודעקן פאַרדעקטע סתירות.

און דעם אמת גערעדט, איז דער דאָזיקער מין אָפּשאַצן זייער אַ ריכטיקער ביים באַהאַנדלען ענינים, וואָס האָבן ניט קיין שום אויסווייניקסטן ציל און נוצן.

מ׳קאָן זיך בכן לייכט פאָרשטעלן, אַז ביי דעם דאָזיקן מין מענטשן וועט ניט נושא חן זיין אַזאַ אויפטו, וואָס האָט דעם צוועק אויסצובילדן אַ פיינעם געשמאַק און צו פאַרשפּרייטן שפּראַכ־קענטעניש אָדער אַנדערע אַזוינע „קלייניקייטן״. און דאָך זיינען גראָד דידאָזיקע לייט — און ניט דאָס ביסל משכילים, וואָס זיי־נען צעזייט און צעשפּרייט הין און הער — די מנהיגים פון דער דאָזיקער שיף, וואָס איז פאַרשלאָגן אין אַלע ימים. אַלע משכילים, מעגן זיי האָבן דעם איידלסטן געשמאַק און באַזיצן אַ סך קענ־טענישן און וויסנשאַפטן, זיינען ביי די לומדי־תורה פאַררעכנט פאַר אידיאָטן. פאַרוואָס? ווייל זיי האָבן ניט שטודירט דעם תלמוד אין דער מאָס און אויף דעם שטייגער, ווי זיי פאַרלאַנגען עס. איין מענדלזאָן איז ביי זיי אייניקערמאַסן געאַכט געווען, ווייל ער איז באמת געווען אַ גוטער תלמודיסט.

מחמת דידאָזיקע טעמים האָב איך מיך ניט אַרויסגעזאָגט ניט פאַר דעם דאָזיקן חודש־זשורנאַל („המאסף״), ניט קעגן אים. איך האָב אַפילו אַליין אָפּט געגעבן אין „המאסף״ העבּ־רעישע אַרטיקלען. פון זיי וויל איך דאָ דערמאָנען בלויז איינעם, וואו איך האָב דערקלערט אַ האַרבע שטעל אין רמב״מס „פירוש

המשניות״ לויט קאַנטס פילאָסאָפיע; דער דאָזיקער אַרטיקל איז נאָכדעם אָפּגעדרוקט געוואָרן אויך אינם זשורנאַל „בערלינישע מאָנאַטשריפט״ אין דייטשער איבערזעצונג.

אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט דידאָזיקע געזעלשאַפט (וואָס האָט זיך איצט גערופן מיט אַ נייעם נאָמען: „חברת שוחרי הטוב והתושיה״ — געזעלשאַפט פון די וואָס זוכן צו פאַרשפּרייטן דאָס גוטע און דאָס איידעלע) מיר פאָרגעלייגט צו פאַרפאַסן אויף העברעיִש אַ ביאור אויפן רמב״מס באַרימטן ווערק „מורה נבוכים״. מיט פאַרגעניגן האָב איך אָנגענומען דידאָזיקע שליחות, און אין אַ קורצער צייט אַרום איז דאָס ווערק[1]) פאַרטיק געוואָרן. עד היום איז אָבער דערשינען נאָר דער ערשטער טייל פון דעם דאָזיקן קאָמענטאַר[2]). די הקדמה צו דעם דאָזיקן ביאור מיינעם קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ קורצע געשיכטע פון דער פילאָ-סאָפיע.

אין משך פון מיין לעבן בין איך געווען אָנהענגער פון אַלע פילאָסאָפישע סיסטעמען נאָך דער ריי: פּעריפּאַטעטיקער[3]), ספּינאָזיסט, לייבניציאַנער, קאַנטיאַנער, און צום סוף — סקעפּטי-קער, און שטענדיק בין איך געווען איבערגעגעבן יענער שיטה, וואָס איך האָב זי בשעתה געהאַלטן פאַר דער איינציק אמתער. מיט דער צייט האָב איך מיך איבערצייגט, אַז יעדערע פון די-דאָזיקע אַלע פאַרשיידענע שיטות אַנטהאַלט אין זיך עטוואָס אמת, און אין אַ געוויסן זין זיינען זיי אַלע נוצלעך.

די פאַרשיידנקייט פון די פילאָסאָפישע סיסטעמען ליגט בלויז אין די פאַרשיידענע אופנים פון זייער באַגרייפן די ענינים פון דער נאַטור, אירע אייגנשאַפטן און מאָדיפיקאַציעס. דען די-דאָזיקע באַגריפן זיינען ניט ווי די באַגריפן פון מאַטעמאַטיק, וואָס אַלע מענטשן דעפינירן זיי אויף איין אופן און וואָס ס'איז מעג-

---

1) „גִּבְעַת הַמּוֹרֶה״. דער איבערז.

2) בערלין 1791. דער איבערז.

3) פּעריפּאַטעטיקער — אַריסטאָטעליאַנער און מיימוניסט. זע אויבן די באַזונדערע הערה וועגן דעם. דער איבערז.

לעך זיי צו באַשטימען אַפּריאָרי. דעריבער האָב איך באַשלאָסן, צוליב מיין אייגענער טובה און צום נוצן פון אַנדערע, אַרויסצו-געבן אַ פּילאָסאָפיש ווערטערבוך, וואו עס זאָל באַ-שטימט און דערקלערט ווערן אַלע פילאָסאָפישע באַגריפן אויף אַ פרייען אופן (אומאָפּהענגיק פון אַ וועלכער-ס'איז באַזונדערער פילאָסאָפישער שיטה, נייערט ענטוועדער דורך אַ גדר, אַ דעפי-ניציע, וואָס איז בשותּפותדיק דידאָזיקע אַלע פילאָסאָפישע סיס-סטעמען, אָדער דורך דער דערקלערונג פון איטלעכער שיטה אין די באַגריפן, וואָס די מיינונגען פון די פילאָסאָפן גייען זיך אין זיי פונאַנדער).

אַזוי, למשל, דערקלער איך אין מיין „ווערטערבוך" דעם באַגריף רעכט אַפּריער אין ברייטערן זין אויף אַן אופן, וואָס איז בשותּפותדיק אַלע סיסטעמען פון מאָראַל, דהיינו: „גע-זעצלעכע האַנדלונגען מיטן פרייען ווילן", ניט געאַכט דערויף, צי די געזעצלעכע האַנדלונגען זיינען לשם תּכלית אָדער אָן אַ שום צוועק, און אינם ערשטן פאַל (אויב לשם צוועק) — דאַן פון וועלכן מין איז דער דאָזיקער צוועק. אין ענגערן זין אָבער איז רעכט לויט דער שיטה פון עפּיקור די געזעצלע-כע האַנדלונג, וואָס האָט בכּוונה דעם תּענוג און דעם גליק; לפי דער שיטה פון די סטאָיקער הייסט רעכט די געזעצלעכע האַנדלונג מיטן צוועק צו דערגרייכן די שלימות פון פרייען ווילן; נאָך דער וואָלפישער שיטה הייסט רעכט די געזעצלעכע האַנדלונג, וואָס שטרעבט צו שלימות בכלל, און לויט קאַנטס סיסטעם איז עס די האַנדלונג, וואָס צילט צו דער פּראַקטישער פאַרנונפט.

אין מיין „ווערטערבוך" ווערן אויך געבראַכט די ראיות און מאָטיוון פאַר און קעגן, באופן אַז עס ווערט גענוי באַשטימט, וואָס איז פאַראַן וואָרס און ניצלעכס אין איעדער שיטה.

פון איין זייט האָב איך ניט מסכּים געווען מיט דער דאָג-מאַטישער פילאָסאָפיע, וואָס גייט אַריבער אויף אַמאָל (ניט צו

וויסן — ווי) פון דיסקורסיוון דענקען[1]) צו רעאַלער דערקענטעניש[2]); פון דער אַנדער זייט האָט מיך ניט באַפרידיקט די קריטישע פילאָסאָפיע, וואָס זאָרגט צופיל פאַר דאָס פאָרמעלע[3]) און פאַרלאָזט דערווייל דאָס רעאַלע פון דער דערקענטעניש. לויט מיין מיינונג זיינען צייטנווייז דידאָזיקע ביידע שיטות איינע די אַנדערע ממלא, — און איך נעם אָן אין דעם דאָזיקן ווערק די סקעפּטישע פילאָסאָפיע. דער רעזולטאַט דערפון איז אָט וואָס: אונזער דערקענטעניש האָט עטוואָס ריינס[4]) און עטוואָס רעאַלס[5]), נאָר צום אומגליק איז דאָס ריינע ניט רעאַל און דאָס רעאַלע ניט ריין. דאָס ריינע (פאָרמעלע), שטרענג לאָגישע) איז די אידעע, וואָס אין געברויכן דאָס רעאַלע דערגענטערט מען זיך צו איר אַלץ מער (דורך אינדוקציע), אָבער דערגרייכן זי קען מען קיינמאָל ניט.

אויך פון דעם דאָזיקן „פילאָסאָפישן ווערטערבוך" איז עד-עתה אָפּגעדרוקט בלויז דאָס ערשטע העפט.

אין דער באַליבטער דייטשער „מאַנאַטסשריפט" זיינען פון מיר אויך פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאַרשיידענע אַרטיקלען, ווי,

---

[1]) דיסקורסיוו דענקען באַזירט אויף שטרענג לאָגישע באַווייזן און ברענגט צו רעזולטאַטן, וואָס זייער אָבליגאַטאָרישקייט פאַר אַלעמען קאָן רעווידירט ווערן,—למשל, אויף מאַטעמאַטישע באַווייזן. דער איבערז.

[2]) זע די הערה אויבן. דער איבערז.

[3]) דאָס פאָרמעלע אין דענקען הייסט אויך דאָס ריינע, דער ריינער שכל (קאַנט).

זע אויך די הערה אויבן וועגן פאָרמעלער דערקענטעניש.

דער איבערז.

[4]) ריינס — שטרענג לאָגיש, באַגריפן פון ריינעם פאַרשטאַנד, לויט אַפּריאָרישע פּרינציפּן, אָן צומיש פון היפּאָטעזן און דערפאַרונג.

דער איבערז.

[5]) רעאַלס — וויסנשאַפטלעכס, באַגריפן, אַרויסגעדרונגענע פון דערפאַרונג, מיט אַ צומיש אויך פון היפּאָטעזן. דער איבערז.

למשל: „וועגן סאָפּיסטעריי‟, „וועגן דעם כּוח פון פּאָראויסזעונג‟ (נבואה), „וועגן דעם טעאָדיצעע‟[1]) אאַז״וו.

אין דעם ערשטן אַרטיקל דערווייז איך, אַז סאָפּיסטעריי, ווי רמאות, זיינען דער היפך פון אמת, און אַזוי ווי די חושים זיינען ניט ביכולת אונז צו לערנען דעם אמת, קאָנען זיי אונז אויך ניט פאַרפירן און אונז ניט אָפּנאַרן. פון דער אַנדער זייט אָבער דערווייז איך אויך, אַז פאַרפירונג און רמאות אונטערשיידן זיך ממשותדיק פונאַנאַנדער, און איך דערווייז, אין וואָס דער דאָזיקער אונטערשייד באַשטייט. איך רייד דאָרטן אויך וועגן אַ מין פאַרפירונג, וואָס איך אונטערשייד פון דער עסטעטישער און רוף זי אָן פילאָסאָפישע פאַרפירונג, וואָס כאָטש זי איז סוביעקטיוו, איז זי דאָך אַלגעמיין־אָנגענומען[2]). באַריכות האָב איך דאָס אַנטוויקלט אין מיין „פילאָסאָפישן ווערטערבוך‟ אין דעם אַרטיקל „ערדיכטונג‟ (אויסטראַכטונג).

אין דעם אַרטיקל „וועגן דעם כּוח פון פּאָראויסזעונג‟ באַהויפּט איך, אַז די עקסיסטענץ פון כּוח־הנבואה איז מעגלעך; מ'קאָן אפשר צווייפלען, אָבער בשום אופן ניט אָפּלייקענען לגמרי. איך זוך ניט אָנצונעמען אַ נייעם פּרינציפּ וועגן דעם כּוח־הנבואה, נייערט צו דערקלערן אים דורך דער פאַרברייטערונג פונם אַסאָציאַציע־געזעץ[3]). חוץ דעם אָבער דערקלער

[1]) טעאָדיצעע — „פאַרענטפערונג פון גאָט‟ — אַ פילאָסאָפישער פּרווו פון אַ סך פילאָסאָפן (די סטאָיקער און אַנד.) צו פאַרענטפערן די עקסיסטענץ פונם דרייפאַכן בייז אויף דער וועלט (אומפולקומענהייט, יסורים און זינד) אין צוזאַמענהאַנג מיט דער העכסטער גוטסקייט, חכמה עליונה, אַלמעכטיקייט און אַבסאָלוטער גערעכטיקייט פונם באַשעפער. דער איבערז.

[2]) ווי די גוט באַקאַנטע קאָנווענציאָנעלע ליגנס. דער איבערז.

[3]) אַסאָציאַציע — פאַרגעזעלשאַפטונג, פאַרבינדונג אין אַ געזעלשאַפט. אידעען־אַסאָציאַציע אָדער אידעען־פאַרבינדונג הייסט: די פאַרבינדונג פון פאָרשטעלונגען אויף אַזאַ אופן, אַז ווען עס קומט־אויף איינע, ברענגט זי צום באַוואוסטזיין אויך די אַנדערע. פון יעדן אויפגעוועקטן טייל פונם באַוואוסטזיין פאַרשפרייט זיך די דערוועקונג שטענדיק אויף יענע אַלע אומבאַוואוסטע

איך די דערשיינונגען, וואָס מאַכן גינסטיק די עקסיסטענץ פון כוח־הנבואה, לויט אָט דעם באַקאַנטן געזעץ פון אַסאָציאַציע.

דער דריטער אַרטיקל וועגן דער טעאָדיצעע (גאָט־פאַרענטפערונג) איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַן אַרטיקל פון הערן פראָפ. קאַנט אויף דער זעלביקער טעמע אין דעם זשור־נאַל „בערלינישע מאָנאַטסשריפט“, וואו ער דערווייזט די מאַנגל־האַפטיקייט און שוואַכקייט פון אַלע טעאָדיצעען און נעמט בכן אָן, אַז די פראַגן, וואָס האָבן אַרויסגערופן די גאָטפאַרענטפערונ־גען, זיינען באַגרינדעט. איך, פאַרקערט, דערווייז אין מיין אַרטיקל, אַז אַ טעאָדיצעע איז גאָר לחלוטין איבעריק, ווייל די שאלות וואָס האָבן זי אַרויסגערופן, זיינען לגמרי אומבאַגרינדעט.

איך האָב פאַרעפנטלעכט פאַרשיידענע אַרטיקלען אויף וועגן „דער עקספּערימענטאַלער פסיכאָלאָגיע“, — און איך האָב מיך צום סוף פאַרבונדן מיטן הערן האָפראַט[1]) מאָריץ וועגן אַרויסגעבן דידאַקטישע אַרטיקלען (אין בוך־פאָרם).

אָט דאָס זיינען די געשעענישן פון מיין לעבן, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר ניט־אומניצלעך איבערצוגעבן דער עפנטלעכ־קייט. נאָך בין איך ניט געקומען צו אַ ברעג, איך האָב נאָך ניט דערגרייכט דעם האַפן פון אַ רו, נייערט quo nos fota trahunt retrahuntque sequamur! (וואוהין מיין גורל זאָל מיך ניט פירן אָדער שטויסן, בין איך נאָך גרייט צו גיין).

---

פאַר יענע לעזער מיינע, וואָס מיין ערנסטע חקירה וועגן

---

פסיכישע עלעמענטן, וואָס זיינען אַמשטאַרקסטן מיט אָט דעם טייל פאַרבונדן אָדער זיינען מיט אים איינס. אָט דאָס הייסט געזעץ פון אַסאָציאַציע.

דער אַסאָציאַציע־געזעץ ווערט געטיילט אין פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס, אָבער אין דער איינטיילונג זיינען די פילאָסאָפן צווישן זיך שטאַרק מחולק, און מיר וועלן זיך ניט אַריינלאָזן מיט זיי אין זייער לאַבירינט. דער איבערז.

[1]) יועץ פון קייזערלעכן הויף.

דעם כאַראַקטער פון „מורה נבוכים“ האָט זיי לאַנגווייליקייט פאַרשאַפט, ווייל איך צום פאַרגיטיקן זיי דאָ צום סוף פון מיין אויטאָביאָגראַפיע געבן אַ קליינע אַלעגאָרישע דערציילונג.

---

# לעצטער קאַפּיטל.

## דער לוסטיקער באַל.

(אַ דערציילונג פונם טאָגבוך פון מיינעם אַ פריינד[1]).

אין... איז אייַנגעאָרדנט געווען אַ מאַסקנבאַל לכבוד איינער אַ באַרימטער דאַמע, מ'האָט געזאָגט, אַז דידאָזיקע דאַמע איז אַן אויסטערלישע שיינהייט, — כאָטש ביז איצט האָט קיינער זי נאָך ניט געזען, — נאָר זי איז זייער אומנאַטירלעך אין איר חנבענען־זיך. זי איז גלייך צו אַ פאַרפירערישן ליכט: וואָס מער, עס דוכט זיך, מען דערנעענטערט זיך צו איר חסד, אַלץ מער דערווייטערט ווייזט זי זיך אַרויס, און ווען מען גלויבט שוין, אַז מען באַזיצט זי שוין איינגאַנצן, ווערט זי לגמרי נעלם פון די אויגן. איר נאָמען איז, מיט כבוד צו מעלדן, מאַדאַם מ... א), אָדער, ווי אַנדערע רופן זי, די האַריגטע פון דער דיגסט פ... ב). דער דאָ־

[1]) איך קאָן מיר אַנדערש גאָר ניט פאָרשטעלן, ווי נאָר אַז די דערציילונג פון מיין פריינד מוז זיין אַן אַלעגאָרישע שילדערונג פון דער געשיכטע פון פילאָסאָפיע. דעריבער וויל איך געבן אייניקע הערות, וואָס זיינען בייטיק צום אויסטייטשן דידאָזיקע אַלעגאָריע, בכדי צו פאַרשפּאָרן דעם לעזער די מי פון זוכן אַ באַשייד. הערה פון מחבר.

א) דאָס זאָל הייסן מעטאַפיזיק.

ב) פיזיק.

זיקער צווייטער נאָמען פאַסט פאַר איר גאַנץ גוט, פיל בעסער פון יעדן אַנדער נאָמען, ווייל די דאַמע, ווי געזאָגט, באַהאַלט זיך פון אַ מענטשלעך אויג, און אַלץ, וואָס מען ווייט פון איר שיינקייט, איז מען דערפאַרן פונם מויל פון איר פלאַפלערישער קאַמער־מיידל.

אַלע דאָ פאַרזאַמלטע קאַוואַלערן האָבן מיט גרויס אייפער קאָנקורירט איינער מיטן אַנדערן אום דעם גרויסן כבוד צו טאַנצן מיט דער דאָזיקער רייצנדיקער דאַמע. היות מ׳האָט נאָך ניט געוואוסט איר געשמאַק אין טאַנצן, האָט מען, אום איר געפעלן צו ווערן, געמוזט דורכמאַכן מיט איר כל המינים טענץ: דעם „ליבן זיגער", דעם „פרעכטיקן זיגער", „פוסטריט", „אַמורס טאַנץ" אאַז״וו. „מענועט"[1]) און „ענגליש"[2]) זיינען גאָרניט געאַכט געווען, ווי עפּעס געמיינס.

צוערשט האָבן געטאַנצט די אַלטע קאַוואַלערן, וואָס מ׳האָט זיי אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן כבוד צוליב זייער עלטער. אָבער היות די איידעלע טאַנץ־קונסט, פונקט ווי אַלע אַנדערע קונסטן, האָט זיך אין משך פון דער צייט אַלץ מער אַנטוויקלט און פאַרפולקומט, און מיט אַ געוויסער צייט יאָרן צוריק האָט זי נאַטירלעכערוויז ניט געקאָנט האָבן דידאָזיקע שלימות, וואָס זי האָט שפּעטער דערגרייכט, — בכן האָבן דידאָזיקע אַדונים, וואָס זיינען שוין צו אַלט געווען צו לערנען עפּעס ביים, געמאַכט אַלערהאַנט פאַלשע טריט, געטאַנצט משונהדיקע טענץ, ניט זעלטן האָבן זיי זיך גאָר צוטומלט, זיינען אַרויס פון דער ריי און אָנשטאָט צו טאַנצן מיט זייער טייערער העלפט. דער צוויבערלעכער גבירתה, האָבן זיי זיך צונויפגעשטויסן און פאַרפּלאָנטערט מיט איר דינסט.

בכדי אויף ווייטער אויסצומיידן דאָס דאָזיקע בייז, האָבן

[1]) מענועט אָדער „טאַנץ פון די קיניגן" — זייער אַ גראַציעזער הויפישער טאַנץ ביים פראַנצויזישן קיניג לודוויק XIV. דער איבערז.

[2]) ענגלישער טאַנץ. דער איבערז.

די אַלטע קאַוואַלערן אָפּגעהאַלטן אַ ישוב־הדעת. אייניקע פון זיי האָבן געעצהט איינגאַנצן אַרויסצוטרייבן די קאַמער־יונגפרוי פון זאַל, אַנדערע אָבער זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דאָזיקן פאָר־שלאָג. עס זיינען דעריבער אַנטשטאַנען מחלוקתן און קעגנזייטיקע אַרויספאָדערונגען צו צווייגעראַנגלען, אָבער דידאָזיקע אַלטע הערן זיינען געווען צום פ ע כ ט ן נאָך ווייניקער געשיקט ווי צום ט אַ נ צ ן א).

הער פ י... ב) איז פעסט באַשטאַנען דערויף, מען זאָל טאַנצן מיטן לינעאַל, ווינקלמאָס און צירקל אין דער האַנט און אַלע שריט זאָלן אָפּגעמאָסטן ווערן מיט מאַטעמאַטישער גענויקייט.

הער ק ס... ג) איז געווען אַ מסתפק במועט; ער האָט זיך באַנוגנט בלויז דערמיט, וואָס ער האָט אָנגעצייכנט אַ קרייזליניע אַרום דעם טאַנץ־פּלאַץ און באַהויפּט, אַז מ׳קען גאַנץ גוט טאַנצן, ניט רירנדיק זיך פון אָרט ד). אַזוי האָט ער אויך באַהויפּט, אַז אונזערע אויגן זיינען פילעקיקע גלעזער, וואָס ווייזן אונז אייבעם און דעם זעלביקן געגנשטאַנד אין פאַרשיידנאַרטיקע געשטאַלטן ה).

הער ה... ו) האָט געוויינט פון צער און האָט פאָראויסגע־זאָגט, אַז אינגיכן וועט אויסברעכן אַ שריפה ז).

---

א) ביז אַריסטאָטעלעס האָט נאָך די ל אָ ג י ק ביי די אַלטע גריכן ניט געהאַט די פולשטענדיקע פאָרם פון אַ וויסנשאַפט.

ב) פ י ט אַ ג אָ ר אַ ס (געב. אַרום 570 פ. איינ. צ״ר. — א י ב ע ר ז.), וואָס זיין מעטאַפיזיק איז געווען געבויט אויף דער טעאָריע פון צאָלן און מאַ־טעמאַטישע פיגורן.

ג) ק ס ע נ אָ פ אַ נ ע ס (530—470 פ. איינ. צ״ר. — א י ב ע ר ז.) האָט באַהויפּטן, אַז דער איינציקער אומענדלעכער עצם איז קיילעכדיק ווי אַן עיגול.

ד) ער האָט געלייקנט די באַוועגונג.

ה) ער האָט געלערנט: אַלץ איז א י י נ ס, כאָטש עס ווייזט זיך אונז אין אַ סך פאַרשיידענע געשטאַלטן.

ו) ה ע ר אַ ק ל י ט (540—480 פ. איינ. צ״ר. מ׳האָט אים גערופן „וויי־נענדיקער פילאָסאָף״. — א י ב ע ר ז.).

ז) ער האָט באַהויפּטן, אַז די וועלט וועט חרוב ווערן דורך אַ פייער.

הער ל... א) האָט די הויכגעשעצטע דאַמע געשיקט לעזאול און ווי אַ קלוגער יונג האָט ער זיך אויסגעוויילט פאַר אַ חברטע אין טאַנץ — די דינסט.

אַזוי האָט נאָך אים געטאָן אויך הער ד... ב).

נון זיינען געקומען די פראַנטן — די קאָקעטן מיטן נאָמען ס... ג) און האָבן אומגעפלאַטערט ווי די פלאַטערלעך פון איין דאַמע צו דער אַנדערער; זיי האָבן אויסגעלאַכט די אַלטע נאַרן פאַר זייער האַרטן און אומבייגעוודיקן פיר, און האָבן אויף אַזאַ אופן זייער גאַנצע צייט פאַרבראַכט.

אָבער דער הער ס... ד) האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן ניט די אומגעשיקטע ערנסטקייט פון די ערשטע, ניט די לייכטזיניקייט פון די לעצטע. פון איין זייט האָט ער גערופן צו אָרדענונג, אויפריכטיקייט און גערעכטיקייט, און פון דער אַנדער זייט — צו לייכטקייט און צו גראַציע.

תחילת האָבן זיינע לעקציעס געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף די יונגע הערן און דאַמען; אָבער היות ער איז געקומען צו שפעט, און די איבערטרייבונגען און מעשים תעתועים פון ביידע צדדים זיינען זייער שטאַרק געוואָרן, איז ער זיי צולעצט געוואָרן זייער אומדערטרעגלעך און זיי האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון זאַל אויף דרויסן ה).

---

א) לייציפ (לייקיפ אָדער לייקיפאָס, צייט-חבר פון דעמאָקריטאָס (460—360 פ. אייר. צ"ר — באַגרינדער פון אַטאָמיסטיק. — איבערז.) האָט פאַרוואָרפן אַלע מעטאַפיזישע פרינציפן און אויסגעבויט זיין פילאָסאָפישע שיטה אויפן יסוד פון בלויזע מאַטעריעלע פרינציפן.

ב) דעמאָקריט (אָדער דעמאָקריטאָס, גרעסטער נאַטורפאָרשער פון אוראַלטער. — איבערז.).

ג) סאָפיסטן.

ד) סאָקראַטעס (469—399 פ. אייר. צ"ר. — איבערז.).

ה) ווי באַוואוסט, איז איבער סאָקראַטעסן אויסגעפירט געוואָרן טויט-שטראָף דורך פאַרגיפטונג.

נאָך אים איז געקומען הער פ. ל. א), אַ מאַן מיט אַ נאָבעלן אויסזען און ערנסטן כאַראַקטער. ער האָט באַהויפּט, אַז עס איז אוממעגלעך נושא חן צו זיין ביי דער דאָזיקער הויכבאַרימטער דאַמע דורך טאַנצן, סיידן מ׳זאָל בעתן טאַנצן אָן אויפהערן ווענדן די אויגן אויף געוויסע אַרומשוועבנדיקע בילדער אין זאַל (וואָס קיינער אָבער, אויסער אים, האָט ניט געזען) און נאָך זיי מעסטן אַלע שריט.

נון האָבן אַלע טענצער זיך גענומען איינריידן, אַז זיי זעען באמת דידאָזיקע וואונדערלעכע בילדער, און האָבן אומגעוויינלעך זיך געפרייט מיט דער דאָזיקער נייער אַנטדעקונג. נאָכדעם אָבער ווי זיי האָבן זיך אויסגעניכטערט פון דער ערשטער שיכּרות, האָבן זיי אָנגעהויבן שעמען זיך איבער זייער לייכטגלויביקייט.

— לעזאזל! — האָבן אַלע אויסגעשריען אין איין קול — מיר זעען דאָך גאָר ניט קיין שום בילדער! דער דאָזיקער הער פ. ל. מוז זיין ענטוועדער אַ שוטה אָדער גאָר אַ רמאי.

יעמאָלט איז געקומען דער הער אַ. ר... ב), אַ מאַן, וואָס זיין חיצוניות זאָגט זייער ווייניק צו, אָבער מיט זייער גרויסע כשרונות. צווישן אַנדערע חיבורים זיינע האָט ער אָנגעשריבן אויך אַ בוך וועגן דער טאַנץ-קונסט ג), וואו ער האָט איבערגעגעבן די כּללים פון די טענץ, געלערנט צו וויסן אַפּריאָרי אַלע מעגלעכע פאַלשע טריט ד), רעדוצירט אַלע טענץ אויף צען ה) און איז באַשטאַנען אויף זיין דעה, אַלע זאָלן טאַנצן בהסכּם מיט דידאָזיקע כּללים.

---

א) פלאַטאָן (428—348.—איבערז.), דער שעפער פון דער אידעען-לערע.

ב) אריסטאָטעלעס (384—322 פ. איור. צ״ר.—איבערז.).

ג) דאָס איז זיין ווערק וועגן „לאָגיק״, וואו ער לערנט די קונסט אַרומצוטאַנצן מיט מושגים (באַגריפן), זיך ניט רירנדיק פון אָרט.

ד) אַלערהאַנט סאָפיזמען, ניט ריכטיקע אויספירן.

ה) די פּרעדיקאַמענטן אָדער קאַטעגאָריעס (אַלגעמיינסטע באַגריפס-פאָרמען, וואָס מיט זיי קען מען באַגרייפן אַלע געגנשטאַנדן און פון זיי אַרויסדרינ-

נאָך אים איז געקומען הער ז... א) אַ מאַן מיט אַן ערנסטן כאַראַקטער און מיט פיל שטאָלץ. ער האָט פאַרזיכערט, אַז ער איז פון קיין שום זאַך ניט אָפּהענגיק, ליבט ניט קיין זאַך, פאַר־אומווערדיקט ניט קיין זאַך און האָט פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט. ווען עס האָט אים אַפילו בעתן טאַנצן אָנגעכאַפּט אַזאַ שניי־דונג אין בויך, אַז דער בויך האָט געהאַלטן ביים פּלאַצן, האָט ער פונדעסטוועגן פאַרזיכערט, אַז ער פילט ניט אַפילו דעם קלענסטן ווייטאָג.

הער פּ י ר... ב) האָט ניט געוואָלט אינטערעסירן זיך ניט מיט דער האַרינטע, ניט מיט איר קאַמערמיידל, אָבער ער האָט באַהויפּטן, אַז דאָס טאַנצן פאַר זיך אַליין איז ווי אַ גוטע מאָ־ציאָן זייער ניצלעך פאַרן געזונט.

דאַן איז אויך געקומען די ריי פון די יונגע קאַוואַלערן. אמת, זיי האָבן געטאַנצט מיט מער געשמאַק און חן, אָבער אויך זיי האָבן ניט געהאַט קיין גרעסערע הצלחה ווי די פּאָריקע. די אַלטע וויכוחים זיינען ווידער באַנייט געוואָרן צווישן זיי, און, אויסער אייניקע קליינע שינויים, איז אַלץ געבליבן כקדם ג).

איינער פון די פּיקחים צווישן זיי ד) האָט לענגער ניט

גען אַלע איבעריקע באַגריפן. דאָס זיינען די צ ע ן ק אַ ט ע ג אָ ר י ע ס: סוב־סטאַנץ (עצם), קוואַנטיטעט (כמות), קוואַליטעט (איכות), רעלאַציע (פאַרבינדונג, פאַרהעלטעניש), אָרט, צייט, לאַגע, האָבן, טאָן, ליידן. דעקאַרט, ספּינאָזע, לאָק, קאַנט און שאָפּנהויער האָבן אין אַריסטאָטעלס קאַטעגאָריעס געמאַכט גרויסע רע־דוקציעס און אַנדערע קלאַסיפיקאַציעס. — א י ב ע ר ז.).

א) ז ע נ אָ ן (גריכישער פילאָסאָף, געב. אויף דעם אינזל ציפּערן אין יאָר 340 פ. איר. צ"ר.—א י ב ע ר ז.)—גרינדער פון דער שול פון די סטאָיקער.

ב) פּ י ר ה אָ (גריכ. פיל., 360—270 פ. איר. צ"ר.—א י ב ע ר ז.)—גרינדער פון דער שול פון די סקעפּטיקער. ער האָט געלערנט, אַז מ'מוז זוכן דעם אמת, כאָטש מ'קען אים קיינמאָל מיט זיכערקייט ניט געפינען.

ג) די נייערע פילאָסאָפן האָבן איינגעפירט אַ בעסערע מעטאָדע אין דענקען, אָבער בנוגע צו מעטאַפיזיק האָבן זיי ניט געמאַכט אַפילו איין טריט פאָרויס.

ד) דאָס איז, משמעות, אַ רמז אויף קאַנטן.

געקענט פאַרטראָגן דידאָזיקע דאָנקישאָטעריע און האָט געמאָלדן, אַז דידאָזיקע הויכגערימטע דאַמע איז אַ פּראָדוקט פון זייער כוח-הדמיון, וואָס איר בילד קאָן, אמת, באַגייסטערן אַ וואַנדערנדיקן ריטער צו העלדישע מעשים, אָבער אָן דער נייטיקער פּאָזיטיקייט קאָן זי ברענגען צו כל המינים מעשים תעתועים. ער האָט אויך געוויזן דעם אופן, ווי דידאָזיקע פאַרפירעניש איז אַנטשטאַנען, און די מיטלען, ווי צו פאַרהיטן זיך פון דעם.

די רייד פון דעם דאָזיקן הערן האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם. עס זיינען אַנטשטאַנען פאַרטייען. אייניקע האָבן אָנגעשטרענגט כל אמצי כוחות מיט עקשנות צו דערווייזן די מציאות פון דער דאַמע, וואָס זיי האָבן אין איר ביז אַהער געגלויבט; אַנדערע אָבער זיינען אין אַ פאַרלעגנהייט געקומען און אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג.

מיין פריינד... 1), וואָס איז אויך געווען צווישן די געקומענע אויפן באַל, האָט זיך אויך אַריינגעמישט אין דער מחלוקת. ער האָט ניט בלויז אינגאַנצן מסכים געווען מיט דער מיינונג פון די, וואָס לייקענען אין דער עקסיסטענץ פון דער דאַמע, נייערט ער האָט אויך באַהויפּטן, אַז מען קאָן זיין אַ גוטער קאַוואַלער און ניט פאַרליבן זיך אין אַזאַ פּרוכט פון דער פאַנטאַזיע, — און ער האָט נאָך אַרויסגעפאָדערט ביידע צדדים צו פאַרטיידיקן זייערע באַהויפּטונגען קעגן זיינע מיינונגען.

איינער אַ פאַרמאַסקירטער פּהדן פון דער אַנטידאַמען-פאַרטיי האָט פריער פון אַנדערע באַקומען צו זען דעם אויפפאָדערונגס-בילעט. נאָר ער האָט ניט געהאַט גענוג מוט אָנצונעמען דידאָזיקע אויפפאָדערונג, און אַז מ׳האָט פון עולם אים

---

1) ווער איז ער, דער דאָזיקער מאַן, און אין וואָס באַשטייט זיין באַהויפּטונג, וועט דער יעניקער, וואָס אים אינטערעסירט עס, זיכער אַליין געפינען. אויך דאַרף דער לעזער ניט זיין קיין שלמה המלך, בכדי דעם פאַרמאַסקירטן יונג צו דעמאַסקירן.

געפרעגט וועגן דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן בילעט, האָט ער ענטפערט:

— איך ווייס ניט, ווייל די האַנטשריפט איז אַ געצוקטע און מ׳קען זי ניט לייענען.

אייניקע פון דידאָזיקע הערן, וואָס זיינען בכלל ניט געווען איבעריקס מסוגל צום טאַנצן, האָבן מיטן גאַנצן פאַרפלאָנטערטן ענין מער גאָר ניט געוועלט האָבן צו טאָן.

דער הער... האָט פאַרלאָזן דעם זאַל, איז אַריין אין אַ נעבנצימער און האָט פאַרטריבן די צייט מיט אַ פּאָר פלאַשן שאַמפּאַניער אין דער געזעלשאַפט פון מאַדאַם ב... — דער הער... האָט געשפּילט אַ פּאַרטיע פיקעט און דערביי גערויכערט אַ פייף פון בעסטן טאַבאַק, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט באַקומען.

אַנדערע בראַווע יונגען, וואָס זיי איז אויך איבערדריסיק געוואָרן אַזאַ מין פוסטע וויכּוחים, זיינען אַוועק אַהיים צו באַזאָרגן זייערע געשעפטן.

עד־כּאַן דער טאָגבוך פון מיין פריינד.

איך בין נייגעריק צו וויסן, וואָס איז געווען דער סוף פון דעם דאָזיקן משונהדיקן באַל — — —

סוף.